י. גוטקאָוויטש

# אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר

פאַרלאַג: יידיש בוך וואַרשע

1966

J. GUTKOWICZ

# „OJF AŁE TEG FUN A GANC JOR"

## Kalendarz literacko-historyczny

Red. Sz. Belis

רעד. ש. בעליס

Obwolutę i okładkę projektował: R. Chwoles

הילע און אבוואלוטע: רפאל כוואַלעס

Red. techniczny: Sz. Lichtensztejn

טעכנישער רעד. ש. ליכטענשטיין

WYDAWNICTWO „IDISZ BUCH" WARSZAWA, NOWOGRODZKA 5

Nr zam. 5332. Nakład 3000 egz. Druk ukończono w lipcu 1966 r. Ark. druk. 29,5. Ark. wyd. 25. Pap. druk. sat. III kl. 70 × 100, 70 g

Prasowe Zakłady Graficzne RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8

איר ווערטער, איר יידישע ווערטער
פון עקן פון גאַר דער ערד,
דאָס פּאָכן פון שטייגנדע הערצער,
דורך אייך האָב איך דערהערט!

דוד האָפשטיין

געזען האָב איך יידישע ווערטער
ווי פּייערלעך קליינע, ווי פּייערלעך קליינע,
ווי פונקען געצויגן פון פינצטערן אַרץ.

געפילט האָב איך יידישע ווערטער,
ווי טייבעלעך ריינע, ווי טייבעלעך ריינע,
די טייבעלעך וואָרקען און וואָרקען אין האַרץ...

משה קולבאַק

איך לייג דאָ אויף מיין ברוסט איר זיסן קאָפּ געבויגן,
די טויזנט טעם און חן פון איר — איר ליכטיקן געמיט,
און כ'מורמל; מיר פאַר דיר, פאַר דיינע גוטע, קלוגע אויגן;
מיין היים — מיין יידיש, מיין יידיש וואָרט, מיין יידיש ליד!

משה בראָדערזאָן

# אַ פּאָר ווערטער פון צונויפשטעלער

„אויף אלע טעג פון א גאנץ יאָר" איז א „קאַלענדאר" נישט אויף איין יאָר. ס'איז גיכער א זאמלונג פון די וויכטיקסטע דאַטעס און וויכטיקסטע ביאָגראפישע ידיעות. דער עיקר וועגן יידישע שרייבער, קינסטלער און געלערנטע, און אויך וועגן נישט=יידישע גרויסע פען=מענטשן, קינסטלער און געלערנטע, וואָס האָבן איבערגעלאָזן קענטיקע שפורן אין דער יידישער, אָדער אין דער וועלט=קולטור. פארשטייט זיך, אז ס'זענען דאָ אָפּגעמערקט אויך וויכטיקע היסטאָרישע דאטעס און פערזענלעכקייטן, וואָס זענען פארבונדן מיט פוילן און איר געשיכטע, וועלכע פארנעמען דאָ ווייט נישט דאָס לעצטע אָרט.

צום געדאנק, אז אזא אויסגאבע איז וויכטיק, בין איך געקומען אויס אייגענער דערפארונג. כ'האָב זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן יעדעס מאָל ווען כ'האָב געדארפט האָבן די עלעמענטארסטע ידיעות וועגן א וואָסער נישט איז יידישן שרייבער, און נאָכמער קינסטלער, מוזיקער, געלערנטן — כ'האָב געדארפט דורכבלעטערן פארשיידענע ביכער, לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס, כדי די געגעבענע צו באקומען און ארויסגעוויזן האָט זיך, אז אין פארשיידענע מקורים ווערן אָנגעגעבן נישט אלעמאָל די זעלבע דאַטעס, אין פיל פאלן זענען בכלל קיין דאטעס פון געבוירן (און אויך פון טויט) נישט אָנגעגעבן געוואָרן. האָב איך געהאלטן, אז ס'איז כדאי ארייגצולייגן א שלל מיט זשמודנער ארבעט און דערמיט פארלייכטערן די אלע, וואָס וועלן דארפן צו אזא מאטעריאל אָנקומען. אין גאנג פון דער ארבעט איז מיר קלאָר געוואָרן, אז וויבאלד דער פּאַסיקסטער אופן וועט זיין צו גרופּירן די געגעבענע ארום קאַלענדאר=יאָר, כדי אלעמען צו דערמאנען וואָס ס'איז געשען אין דאַזיקן טאָג, לוינט די אויסגאבע צו דערפילן אויך מיט נעמען פון נישט=יידישע פערזענלעכקייטן און היסטאָרישע דאַטעס, אָבער נישט אין אזא צאָל ווי די יידישע, וואָס איז דער אייגנטלעכער ציל פון דער אויפגאַבע, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען.

נישט געקוקט אויף אלע מיינע באמיונגען האָט זיך דאָך נישט איינגעגעבן א ריי דאַטעס פעסטצושטעלן, אָבער נישט וועלנדיק אויסמיידן די דאָזיקע נעמען האָב איך זיי געגעבן אָרט אין „טעג" וואָס זענען „פריי" — ד.ה. נישט אויסגעפילט מיט נעמען. די דאָזיקע זענען ביי מיר ארייגענומען אין קוואדראט=קלאמערן, כדי נישט ארייגפירן קיינעם אין טעות.

די אויסגאבע נעמט ארום ביי א 650 נעמען. כדי אויסצומיידן מיספארשטענדענישן און פאָרווארפן אין נישט אָביעקטיוויקייט ביי דעם אויסוואל פון נעמען, האָב איך געגעבן נאָר פארשטאָרבענע שרייבער, קינסטלער, געלערנטע און פּאָליטישע פערזענלעכקייטן. ס'איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אז ס'זענען פאראן אויך איצט וויכטיקע דורכ=

ראַזן, וועל איך דאַנקבאַר זײַן יעדן, וואָס וועט מיר אויף זײַ אָנווײַזן, כדי דאָס אויס־
צובעסערן אין אַן עווענטועלער ווײַטערדיקער אויסגאַבע.

אין „אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר“ זענען אויסגעמיטן געוואָרן כאַראַקטעריס־
טיקעס פון די געגעבענע שרײַבער, קינסטלער און פּערזענלעכקייטן. ס'זענען נאָר אָנגע־
וויזן געוואָרן די דאַטעס פון געבוירן און טויט, ווער איז די פּערזאָן געווען און ביי
שרײַבער און קינסטלער — די וויכטיקסטע ווערק זייערע. אין בוך איז פאַראַן אַ קליינע
אַנטאָלאָגיע פון יידישע דיכטער, אַן אויסוואַל פון יידישע שפּריכווערטער און וויצן
(אָפּגעקליבן פון די זאַמלונגען פון י. ח. ראַווניצקי און נ. סטוטשקאָוו), אַ כראָנאָלאָ־
גיע, וואָס איז נוגע די וויכטיקסטע דאַטעס אין דער יידישער געשיכטע, אינפאָרמאַציעס
וועגן דער צאָל יידן אין דער וועלט, אַ רשימה פון אויסגעוויילטע ביכער פון דער
יידישער ליטעראַטור און אַ באַזונדערע רשימה פון די וויכטיקסטע ווערק אין דער
וועלט־ליטעראַטור, צום סוף ווערט געגעבן אַן אינדעקס פון נעמען.

מיר איז אָנגענעם אויף דעם אָרט צו באַדאַנקען די פרײַנד דינה אַבראַמאָוויטש
(יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, ניו־יאָרק), מ. שולמאַן (מאָסקווע), ל. פּאָד־
ריאַדטשיק (ריגע), ה. לוויצקער (קיעוו), די מיטאַרבעטער פון דער לענין־ביבליאָטעק
אין מאָסקווע, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן אין באַקומען נויטווענדיקע געגעבענע.

י. ג.

# 1 יאַנואַר

## מענדעלע מוכר ספרים
## (שלום יעקב אַבראַמאָוויטש)



געב. 1837.1.1 (20 דעצעמבער 1836 אַלטער סטיל), אין קאַפּוליע, געוו. מינסקער גובערניע, ווייסרוסלאַנד. אין די „שטריכן צו מיין ביאָגראַפיע" שרייבט מענדעלע: „...מיין געבוירן־טאָג איז אין ערגעץ נישט פאַרשריבן געוואָרן. ס'איז אָבער ביי מיר אָנגענומען, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1836 און מיין פאַמיליע האָט באַשטימט מיין געבוירנטאָג דעם 20 דעצעמבער". געשט. דעם 1917.12.8, אין אָדעס.

ערשטער קלאַסיקער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור און דער ערשטער גרויסער יידישער קינסטלער און שפּראַך־מייסטער. געהאַט אַ דעציזירנדיקע השפּעה אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון יידישן ליטעראַרישן שאַפן. שלום־עליכם האָט אים דער ערשטער אָנגערופן „זיידע" און פון זיין לייכטער האַנט איז אין פאָלק אָנגענומען געוואָרן דער טיטל, וואָס ווייזט אויף מענדעלעס היסטאָרישן פאַרדינסט — „זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור".

וויכטיקסטע ווערק: „דאָס קליינע מענטשעלע אָדער אַ לעבנסבאַשרייבונג פון יצחק אברהם תקיף" (1864), „פישקע דער קרומער", „די טאַקסע אָדער די באַנדע שטאָט בעלי־טובות" (דראַמע), „די קליאַטשע אָדער צער בעלי־חיים", „מסעות בנימין השלישי", „דאָס ווינטשפינגערל", „דער פּריזיוו" (דראַמע), „שלמה ר' חיימס".

## שאַנדאָר פּעטעפי



אונגאַרישער רעוואָלוציאָנערער פּאָעט.

געב. 1823.1.1, אינעם שטעטל קיש־קערעש. אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער רעוואָלוציע פון 1848 אין אונגאַרן. אומגעקומען דעם 1849.7.31, אין דער שלאַכט ביי שעגעשוואַר. זיין ערשטע לידער־זאַמלונג איז דערשינען אין 1844. פיל פון זיינע לידער ווערן געזונגען ביז היינט צו טאָג דורכן פאָלק. ער איז דער מחבר פון לירישע, רעוואָלוציאָנערע און סאַטירישע לידער ווי אויך פון פּראָזע.

וויכטיקסטע ווערק: „יאַנאָש וויטעז", „איצטער אָדער קיינמאָל", „אויג פאַר אויג", „דעם תלינס שטריקל".

## טוביה הייליקמאַן

היסטאָריקער.

געב. 1873.1.1 אין האָמעל, ווייסרוסלאַנד. געשטאָרבן 1948.4.24, אין מאָסקווע.

פּראָפעסאָר פון געשיכטע און פילאָזאָפיע אין די מאָסקווער הויכשולן. צו זיינע וויכטיקסטע ארבעטן געהערן: „געשיכטע פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג ביי יידן אין פּוילן און רוסלאַנד“, „ברוך ספּינאָזע“, „די יידן אין רוסלאַנד“ (אין דער גרויסער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע פון 1932), „געשיכטע פון די יידן אין פּססר“.

## שלום אַש



געב. 1880.1.1, אין קוטנע, פּוילן. געשט. 1957.7.10, אין לאָנדאָן.

אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע אין פּוילן, א געוויסע צייט געלעבט אין פּאַריז, אין 1914 זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק, די לעצטע יאָרן — אין ישראל.

איינער פון די גרעסטע און פרוכטבאַרסטע יידישע שרייבער, א ראָמאַניסט און דראַמאַטורג מיט א וועלט-נאָמען. איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן, פאַראַן א גרויסע ליטעראַטור איבער זיין שאַפן.

וויכטיקסטע ווערק: „דאָס שטעטל“, „ר' שלמה נגיד“, „מאָטקע גנב“, „אָנקל מאָזעס“, „קידוש השם“, „די כישופמאַכערין פון קאַסטיליע“, די טרילאָגיע „פאַרן מבול“ („פּעטערבורג“, „וואַרשע“, „מאָסקווע“), „דער תהילים-ייד“, „דער ברענענדיקער האָרן“, „דער מאַן פון נצרת“, „דער אַפּאָסטאָל“, „מאַריע“ (די לעצטע צוויי דערשינען נאָר אין ענגלישער איבערזעצונג).

צו אַש'ס וויכטיקסטע דראַמעס געהערן: „משיחס צייטן“, „גאָט פון נקמה“, „שבתאי צבי“, וואָס זענען פיל מאָל געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער, פּוילישער, רוסישער, דייטשישער און אַמעריקאַנער בינע.

# 2 יאַנואַר

## מאַרק ארנשטיין



שריפטשטעלער און טעאטער־רעזשיסער.
געב. 1878.1.2, אין ווארשע. געווען אין ווארשעווער געטאָ. אומגעקומען אין מאידאנעק, אין 1943.
דעביוטירט אין פּויליש אין 1897, אונטערן נאָמען אנדזשעי מארעק. שפּעטער אריבער צו יידיש. געשריבן פּיעסן, דערציילונגען, לידער, טעאטער־רעצענזיעס. געשטעלט די אייגענע פּיעסן און אויך ש. אנ־סקיס „דער דיבוק" (אין פּויליש און אין יידיש), ה. לייוויקס „דער גולם" א.א.
אין בוכפאָרם: „דאָס אייביקע ליד" (איינאקטער), „דער ווילנער בעל־הבית'ל" (דראמע), „דראמאטישע שריפטן" אין צוויי בענדער א.א.

## יהודה שימעלעוויטש

### (יולים)



געב. ארום 1880, אין דווינסק, לעטלאנד. געשטאָרבן 1919.1.2, אין ווילנע. סעקרעטאר פון ערשטן ארבעטער־ראט אין ווילנע (1918—1919), רעדאקטאָר פון דער צייטונג „קאָמוניסט". נאָך א לאנגן קאמף מיט די פּוילישע לעגיאָנען, וועלכע האָבן ארומגערינגלט דעם אייזנבאנער־קלוב, וו דער ארבעטער־ראט האָט זיך געפונען, נישט וועלנדיק ארייןפאלן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון שונא, זענען שימעלעוויטש און זיינע חברים — די אנדערע מיטגלידער פון ראט — אַש, קוניגאס, ווערזשביצקי און טשאַפּליצקי — באגאנגען קאָלעקטיוו זעלבסטמאָרד.
דער סאָוועטיש־יידישער שרייבער מ. דאַניעל האָט וועגן שימעלעוויטשן אָנגעשריבן א גרעסערע דערציילונג „פיר טעג" און א פּיעסע „יולים", וואָס איז פיל מאָל געשפּילט געוואָרן.

## משה־לייב האַלפּערן



געב. 1886.1.2, אין זלאָטשעוו, גאַליציע. געשטאָרבן 1932.8.31, אין ניו־יאָרק. פון 1908 — אין אמעריקע. איבערגעטאָן פאַרשידענע מלאכות, געהאַט אַ שווער לעבן. געווען נאָענט צו דער גרופּע „יונג־אַמעריקע", מיטאַרבעטער פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט". אין 1919 איז דערשינען זיין ערשט לידער־בוך „אין ניו־יאָרק", וואָס האָט אים באַרימט געמאַכט אין דער יידישער וועלט. אין 1924 — דאָס צווייטע בוך לידער — „די גאָלדענע פּאַווע".

אין 1934, שוין נאָך זיין טויט, זענען דערשינען נאָך צוויי בענדער פון זיין ליטעראַרישער ירושה.

## בער סאַרין
### (משה לעווין)



קינדער־שרייבער און צייכענער.

געב. 1908.1.2, אין בריסק, ווייסרוסלאַנד. אומגעקומען 1942.3.2, אין מינסקער געטאָ.

אין 1930 געענדיקט דעם ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר. דעביוטירט אין 1929 אין „ווילנער טאָג". זיין ערשט ביכל קינדער־מעשיות אונטערן פּסעוודאָנים בער סאַרין פאַרעפנטלעכט אין 1937. אין 1940 אָפּגעדרוקט אין קיעווער זשורנאַל „זיי גרייט" אַ גרעסערע פּאָעמע „יאַסנע פּאַן". זיינע אַלע קינדער־מעשיות זענען דערשינען מיטן מחברס אילוסטראַציעס צו זיי.

אַ ביכל פון בער סאַרין א.נ. „כ'וועל אייך דערציילן אַ מעשה", איז דערשינען אין פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע.

## פּסח בינעצקי



דיכטער.

געב. אין 1910, אין ביאַליסטאָק, געשט. 1966.1.2, אין כפר־סבא, ישראל.

פרי אַוועק פאַרדינען אויף ברויט אַלס וועבער־אַרבעטער. קאָמוניסט. אָפּגעזעסן 6 יאָר אין די פּוילישע תפיסות. נאָכן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד זיך עוואַקואירט פון ביאַליסטאָק. נאָך דער מלחמה צוריק אין פּוילן. פון 1949 — אין מדינת ישראל.

אין בוכפאָרם: „אַ פענצטער צו דער וועלט" (לאָדזש, 1948), „לידער" (וואַרשע, 1957), „אויסדויער" (תל־אביב, 1963), „...המשך" (תל־אביב, 1966).

# 3 יאַנואַר

## בער זאַלקינד

מאָלער.

געב. אין 1879, אין ווילנע. געשט. 1944.1.3, אין אילמאַר־שיכאָן, אוזבע־קיסטאַן.

שטודירט אין פראַנקרייך, לערער פון מאָלעריי אין די שולן פון ווילנע, פאָרזיצער פון ווילנער פלאַסטיקער־פאַריין. פאַרעפנטלעכט אין דער ווילנער פרעסע און אין די זשורנאַלן „עטיודן" (ווילנע), „ליטערארישע בלעטער" (וואַר־שע) אַ ריי אָפּהאַנדלונגען וועגן פּראָבלעמען פון קונסט.

## יעקב פרעגער

דיכטער און דראַמאַטורג.

געב. 1887.1.3, אין קאָברין, ווייסרוסלאַנד. אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטן אין אָטוואָצק, דעם 19 אויגוסט 1942.

אין בוכפאָרם: „אויף די וועגן" (פאָעמע), „דער נסיון" (דראַמאַטיש מעשהלע אין דריי אַקטן, אויסגעפירט צום ערשטן מאָל דורך דער „ווילנער טרופּע", אונטער דער רעזשי פון דוד הערמאַן), „שלמה המלך", „סימכע פלאַכטע" (אויפגעפירט דורכן וואַרשעווער „יונג־טעאַטער"), „דער וואַסער־טרעגער", „מיילעך פריילעך".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דאָס האַרץ זעט בעסער פון דעם אויג.

מיט געדולד שעפּט מען אויס אַ קוואַל.

מיט געדולד בויערט מען דורך אפילו אַ קיזלשטיין.

כעס מאַכט אַ קלוגן צו נאַר.

מיט רוגזה פאַרט מען נישט ווייט.

טרעט אָן אויף אַ קאַטשערע, וועט זי אויך אָפּשפּרינגען.

# 4 יאַנואַר

## מ. דאַניעל

### (דניאל מייעראָוויטש)



סאָוויעטיש־יידישער שרייבער.
געב. 1897.1.4, אין הווינסק, לעטלאַנד. געשטאָרבן 1940.11.25, אין יאַלטע, באַערדיקט אין מאָסקווע. דעביוטירט מיט א דערציילונג אין 1924 א.נ. „אין א צייט אזא“. אין 1928 איז דערשינען זיין בוך דערציי־לונגען „אויפן שוועל“. אין 1930 האָט זיך אָפּגעדרוקט זיין גרעסערע נאָוועלע „יולים“, וועלכע ער האָט שפּע־טער דראַמאַטיזירט. חוץ די דערמאַנטע ווערק זענען אין בוכפאָרם פאַראַן: „פּאָרשטעט“, „זאַוואָדישע טויערן“, „געקליבענע ווערק“, „דערציילונגען“, „דערפינדער און קאָמעדיאַנט — יאָהאַן גוטענבערג“ (דראַמע אין 4 אַקטן), „מיין גאָלדענע קינדהייט“, „שלמה מיימון“ (דראַמע) א.א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ער היט עס אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ.

אָפּוואַשן קען מען נאָר דעם גוף, אָבער נישט די נשמה.

אז מען וויל אָפּטאָן דעם בעל־עגלה א שפּיצל, גייט מען ביים וואָגן צופוס.

ער האָט אים אָפּגעטאָן אויף טערקיש.

לייג ניט אָפּ אויף מאָרגן, וואָס דו קענסט היינט באַזאָרגן.

אָפּנאַרן קען מען נאָר איין מאָל.

אז מען שלאָגט דעם קאַלטן שטיין פליט ארויס א הייסער פונק.

אז מען צעטרעט א וואָרעם קרימט ער זיך אויך.

א חכם שווייגט שטיל.

מיט חכמה אַליין גייט מען נישט אין מאַרק.

# 5 יאַנואַר

## פּפּר

5 יאַנואַר 1942 — אַנטשטאַנען די פּוילישע אַרבעטער־
פּאַרטיי — פּפּר.
זיך געשטעלט בראש פונעם קאַמף קעגן דייטשישן אָקו־
פּאַנט פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייונג.
אין 1948 זיך פאַראייניקט מיט דער פּוילישער סאָציאַ־
ליסטישער פּאַרטיי — פּפּס אין איין פּאַרטיי — פּויל־
שע פאַראייניקטע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּזפּר).

דוד האָפשטיין

### פּראָצעסיע

מיר גייען אין דיינע פּאַרנטיקע רייען,
שפּאַנענדיקע מענטשהייט,
מיט שטאָלצע, דרייסטע, זודיקע און קאַלטע —
טראָט נאָך טראָט!
אויף שאַנדן־שטאַנגען וואַקלט זיך און וואַקלט
דער אַלטער גאָט.
מיט לופט געלאַטעט, פלאַטערט אַלץ און פלאַטערט
די אַלטע רויטע פאָן —
צוריק קיין טראָט!
און שטעקלעך וועקנדיקע שיטן שרויט אויף שטייפן פּייקל,
און טאַצן דזשימזשען — שלייפן שאַרפס אין שוועבנדיקער לופט,
און הויך פאַרוואַרפט זיין רוף
דער שיינענדיקער טרומייט...
היינט בין איך אויך א שטיקל קלינגענדיקער קופּער! —
איך היפער
שטילע סאַמעטענע ערטער,
איך וועק די מידע,
כ׳באַדעק דעם זיפץ פון אָפּגעשוואַכטע
מיט הילכיקן געלעכטער —
צוריק קיין טראָט!

# 6 יאַנואַר

ש. הורוויץ

## זשאַמעלע

דו וועסט זיין א גביר, מיין זשאמעלע,
פלעגט מיר זינגען ביי מיין וויגעלע
אלע נאכט אמאָל די מאמעלע —
איך געדענק נאָך היינט איר ניגעלע.

און מקוים איז געוואָרן מיר
די הבטחה פון מיין מאמעלע:
שווער צו קריגן אזא גרויסן גביר,
אזא עושר ווי איר זשאַמעלע.

שלאָפן, שלאָף איך אויף א קערבעלע,
מאך „המוציא“ אויף א סקאָרינקע
און „לחיים“ אויף א שערבעלע,
פול מיט ברונעם־וואסער קלאָרינקע.

און די קינדערלעך און ס'ווייבעלע
גייען אויסגעפוצט אנטיקעלע:
דורך אין אָנעטשקעס דאָס לייבעלע
און פארגארטלט מיט א שטריקעלע.

# 7 יאַנואַר

## אהרן קושניראָוו



סאָוויעטיש־יידישער דיכטער.
געב. 1890.1.7, אין באָיאַרקע, לעבן קיעוו. געשטאָרבן 1949.9.7, אין מאָסקווע.
געלערנט אין חדר. געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ מעל־קראָם אין קיעוו. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין דער צאַרישער אַרמיי און שפּעטער אין דער רויטער. דעביוטירט אין 1920. נאָכן איבערפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד אוועק פרייוויליק אויפן פראָנט. הויפּט־רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „היימלאַנד".
אין בוכפאָרם: „ווענט", „ברויז", „קינדער פון איין פאָלק" (דערציילונגען), „הירש לעקערט" (דראַמע), „אַ געלונגענע אָפּעראַציע" (קאָמעדיע אין איין אַקט), „דראַמען", „לידער", „מזרח און מערב" (דראַמאַטישע פּאָעמעס און לידער), „געקליבענע ווערק", „פּאָטער־קאָמאַנדיר".

א. קושניראָוו

### ווענט

מיר,
הויכע, האַרטע, פעסטע ווענט,
פאַראורטיילטע הערן און שטומען...
טויזנטער,
טויזנטער יאָרן מיר זענען געהאָרכזאַם געווען:
געהערט און באַנומען!...
און שווייגנדיק,
אין זיך דעם מורמל פון דורות געשטיקט...
נאָר מער,
מער וועלן מיר שוין נישט שווייגן...
מיר הערן:
אַ שטייגן,
אַ גרייפן,
אַן אָפּקלאַנג

פון שווערע,
פון שטייפע,
פון אייזערנע טריט...
ס'גייט א גרויסער,
א מעכטיקער,
אלץ, וואָס ערשט נעכטן
געהערשט האָט
ווי פעלדז,
ווי גראניט —
פאלט פאר אים,
קניט
מיט ציטער און גרויל.
— גיט אונדז א מויל!...
באקלעפּט און באהענגט אונדז
מיט מענגעס אפישן,
פלאקאטן און בלעטער....
מיט זיי,
ווי מיט ריזיקע גאָרגלען,
וועלן מיר שרייען:
— מיר הערן —
פעסטע, שווערע, זיגערישע טריט!...

# 8 יאַנואַר

## אייזיק ראַבאָי



ראָמאַניסט.
געב. אין נאָוועמבער 1882, אין זאַוואַליע, קאַנגרעס־פּוילן. געשט. 1944.1.8, אין ניו־יאָרק.
זינט 1904 אין די פאַראייניקטע שטאַטן.
וויכטיקסטע ווערק: „הער גאָלדענבאַרג“, „דער ים־פּאַס“, „האָס מילדע לאַגר“, „בעסאַראַבער יידן“, „איז געקומען א ייד קיין אמעריקע“, „אייגענע ערד“, „פון מיין לעבן“. א סך יאָרן מיטגעאַרבעט מיט דער פּראָגרעסיווער ניו־יאָרקער יידישער צייטונג „פרייהייט“ (איצט „מאָרגן־פרייהייט“). אריינגעפירט אין דער אמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור די טעמע פון ערד און יידישן ערד־אַרבעטער (אליין א סך יאָרן געווען א פּערמער).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט ארויס.

ווי מען בראָקט זיך איין די פאַרפל, אזוי עסט מען זיי אויף.

אז אן אלטער מאַן נעמט א מויד, ציטערט אויף אים די הויט.

וואָס איז דעם אינדיק פאר א חילוק, צי מען קוילעט אים אויף פורים צו דער סעודה, אדער אויף פסח צום סדר?

ער קען איינעם איינריידן א קינד אין בויך.

אן איינריידעניש איז ערגער, ווי א קרענק.

אז מען שטעלט ניט איין, נעמט מען ניט ארויס.

אן איינשפּאָרער איז בעסער ווי א פאַרדינער.

די אכילה איז די בעסטע תפילה.

וואָס טויג די חכמה, אַז דאָס נאַרישקייט גילט.

אַז מען וויל זיין צו קלוג באַנאַרישט מען זיך גאָר.

# 9 יאַנואַר

## חיים־נחמן ביאַליק



געב. 1873.1.9, אין דאָרף ראדי, וואָלין, אין דער משפּחה
פון קרעטשמער. געשט. 1934.7.4, אין ווין. צו קבורה
געבראכט אין תּל־אביב, וווּ ער האָט געלעבט זינט 1924
איינער פון די גרונטלייגער פון דער נייער העברעישער
פּאָעזיע. נאָכן קישעניעווער פּאָגראָם (1904), פאַרעפנט־
לעכט זיין באַרימטע פּאָעמע „אין שחיטה־שטאָט" (אי־
העברעיש און יידיש). אין יידיש פאַראַן: „דאָס לעצטע
וואָרט", „פון צער און צאָרן", „פּאָעזיע", „שירים, לי־
דער און פּאָעמען", „די פייער־מגילה", „אריה בעל־גוף"
(דערציילונג), „מאַרינקאַ" (דערציילונג). צוזאַמען מיט
י. ח. ראַווניצקי באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן די „יידישע אגדות" אין 4 בענדער

### ח. נ. ביאַליק

### גלוסט זיך מיר וויינען

גלוסט זיך מיר וויינען געשמאַקער פון האַרצן,
ציט מיך, ווי כמארעס, צום ים, צו דעם שוואַרצן,
טיפער צו אייך, מיינע עלנטע ברידער.
כ'וויים אויך: א טרער פון מיין אייגענער מאַמען
עקבערט דעם תהום דאָרט אין אייערע ימען,
בענקט אפשר שטילערהייט נאָך מיינע לידער.

כ'וויים איר האָט טרערן נאָך ניט אויסגעוויינטע,
זרות דערציילטע און נאָך מער געמיינטע,
וואָס ווי פאַרשטיקטע, פאַרבאָרגענע קוואַלן
ליעבערן שטיינער און רייסן איין קברים,
שלענגלען זיך, בלאָנדזשען אין דר'ערד, ווי א וואָרעם —
און ווערן אין דר'ערד דאָרט פאַרפאַלן.

דורכשלאָגן זאָלן זיך אייערע טרערן!
גרינגער זאָל ווערן און פרייער זאָלן ווערן! —
אפשר, ווער ווייסט, וועט נאָך גאָט אַמאָל געבן:
איבערגיין וועלן די פינצטערע צייטן,

אויך אונדז וועט אפשר געראָטן ווי לייטן,
בעסערם און שענערם דערלעבן.

און פאר א זכר פון היינטיקע כמארעס
וועט אייך פארבלייבן א נייער „על נהרות“,
וואָס ער וועט הימל און ערד איבערקערן.
גליקלעך איז דער און געבענטשט זאָל דער ווערן,
וואָס וועט פאראייביקן אייערע טרערן
הייליקע, צוויטוויזנטיאָריקע טרערן.



ת. גליצענשטיין — דער נביא

# 10 יאַנואַר

## יעקב זאָנשיין



דיכטער.
געב. 1914.1.10, אין לוקאָוו, פּוילן. געשט. 1962.2.7, אין װאַרשע. דעביוטירט אין 1932 מיט א נאָוועלע „אין א קעלער־שטוב".
אין בוכפאָרם: „פּראָפעסאָר שװאַרצשטיין" (דראַמע), „װאָרט און ניגון", „יונגער װינטער" (לידער, פאַרלאַג „יידיש בוך"). א ריי לידער זענען איבערגעזעצט געװאָרן אין דייטש, אין 1963 דערשינען א באַנד איבערזעצונגען אין פּויליש.

יעקב זאָנשיין

### יאָרן, מיינע יאָרן

יאָרן, מיינע יאָרן —
געהויקערטע קעמלען
מיט צרות באַלאָדן —
װי קאַראַװאַנען
דורך א מדבר
איר ציט פאַרביי מיין זכרון.

נאָר דאָס האַרץ,
אין הייסן בלוט געבאָדן,
פאָרויס עס טרייבט —

שטייט אין רויטן אָװנט־ליכט
דער לעצטער קעמל —
און שרייט — — —

# 11 יאַנואַר

## שמואל־יוסף פין



שריפטשטעלער.

געב. אין סעפטעמבער 1819, אין גראָדנע, ווייסרוסלאַנד.

געשט. 1891.1.11, אין ווילנע.

מחבר פון א גאַנצער ריי היסטאָרישע און פילאָלאָגישע ווערק, צוו. אנד. פון א מאָנאָגראַפיע וועגן ווילנע — „קריה נאמנה“, א ביאָגראַפישן לעקסיקאָן און פון א רוסישער גראַמאַטיק פאַר יידן.

## שמואל האַלקין

### מיט קינדערשע אויגן

פענצטער צעקרימטע, צעהויקערטע דילן,
פאַרוואָרלאָזטע דעכער און שויבן אין צווייט —
קאַנטיקער, שאַרפער אַצינדער איך פיל אייך,
און אייך איז געווידמעט מיין היינטיקע ליד.

מיין ליד, וואָס איז רייך און איז צייטיק געוואָרן,
מיין ליד, וואָס האָט לאַנג זיך געליוטערט, געקלאָגט! —
מיט לייד, וואָס פאַרשעפּט כ׳האָב אין קינדערשע יאָרן,
זאָל שווער זיין מיין יעטוועדעס איינפאַכע וואָרט.

אַז אַלץ, וואָס געזען האָבן קינדערשע אויגן,
פאַרנומען, באַהאַלטן ביז טויזנטסטער טיף —
זאָל איצטער זיך ווייזן, ווי שטראַליקער בויגן,
און אויפגיין, ווי אַלטע, פאַרזונקענע שיף...

# 12 יאַנואַר

## דזשעק לאָנדאָן

**(דזשאָן גריפיט)**



אַמעריקאַנער שריפטשטעלער.
געב. 1876.1.12, אין סאַן פראַנציסקאָ, פש"א. געשט. (לויט אייניקע באַגאַנגען זעלבסטמאָרד) 1916.11.22, אין גלען עלען (קאַליפאָרניע).
געווען נאָענט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.
וויכטיקסטע ווערק: „מאַרטין אידען", „דער רוף פון בלוט", „דער ים־וואָלף", „דערציילונגען" (מערסטע פון זיי פאַראַן אויך אין יידיש).

## ברוך גלאַזמאַן



שרייבער.
געב. 1893.1.12, אין קאַפּיטקעוויטש, ווייסרוסלאַנד.
געשט. 1945.6.1, אין ניו־יאָרק.
פון 1911 — אין די פאַראייניקטע שטאַטן.
וויכטיקסטע ווערק: „די משפחה פּיקודאָ", „אינעם ראָד", „אויף אַן אינדזל", „אויף די פעלדער פון דזשאָרדזשיאַ", „לענדער און לעבנס", „סטעפּ און ישוב" (איינדרוקן פון אַ נסיעה איבערן ראַטנפאַרבאַנד).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דער ווייטסטער וועג איז צו דער קעשענע.

אויף יענעמס קעשענע איז יעדער אַ בעל־צדקה.

נאָר ביים אייגענעם טיש קאָן מען ווערן זאַט.

אַ געבונדענעם שלאָגט מען נישט.

אין ניסן איז גוט צו שטאַרבן, אָבער נאָר פאַר יענעם.

# 13 יאַנואַר

## ר׳ מרדכי׳לע

**(חיים טשעמערינסקי)**



שריפטשטעלער.
געב. אין 1862, אין מאָטעלע, לעבן פינסק, ווייסרוסלאַנד.
געשט. 1917.1.13, אין יעקאַטערינאָסלאַוו (איצט דניעפּראָפּעטראָווסק), אוקראַינע.
משלים־שרייבער, שפּראַך־פאָרשער, איבערזעצער. געשריבן אויך פאַר קינדער — „שלמה המלך און דער אשמדאי“, איבערגעזעצט אין יידיש: וויקטאָר הוגאָס „דער מענטש וואָס לאַכט“, ב. קעלערמאַנס „דער טונעל“ א.א. אין געביט פון שפּראַך־פאָרשונג פאַרעפנטלעכט: „יידישע גראַמאַטיק ביי מענדעלע“, „די יידישע פאָנעטיק“.
אין בוכפאָרם דערשינען נאָך זיין טויט „משלים“ (יעקאַטערינאָסלאַוו 1919).

### ר׳ מרדכילע

### חנפענען און גנבענען

א הונגעריקער רעבל
דערטאַפּט אַמאָל צו זיך אין שנעבל
א כשרע מציאה, אַן אַנטיק —
קעז א שטיק;
פעט און ווייך,
ווערעמדיקלעך אויך
און א ריח אויף א מייל.
מיינעם גלייבט זיך קוים —
אַזאַ הצלחה!
ער כאַפּט אַרויף זיך אין געאייל
אויף א הויכן בוים,
פאַרטראַכט זיך נאָך א ווייל
און וויל שוין מאַכן דאָ די ברכה —
מעשה־שטן לויפט דאָרט דורך א פוקס;
ווערט א בעלן
אויף דעם פעטן ביסן

און טאַקע באַלד געפֿאַלן
אויף אַ המצאהלע אַ קלוגס:
ער שטעלט זיך אָפּ און מאַכט אַ קניקס
און הייבט אַזוי אָן זיך צו שמוסן:
— אוי, נשמה טרייע,
ביסטו שיין, מחיה,
אַ זעלטנהייט צעווישן אַלע פֿייגעלעך, קיין עין־הרע;
ליבע קראָע,
האָסטו אַ פּאָר פֿליגלען בלאָע,
דערצו נאָך אַ פּאָר אייגעלעך — אַ הימל מיט צוויי שטערן!
היינט אַ העלדזעלע, אַ גיידער,
יעדעס אָבער, יעדער פֿעדער, איטלעכס פּיצעלע כּסדר —
קיין בייז אויג זאָל דיר נישט שאַטן
אָפּגעטאָקט,
ווי אַ ליאַלקע.
טאַקע ווי דאָס ווערטל זאָגט:
„שוואַרץ ווי אַ האַלקע
און חנעוודיק, ווי אַ בת־מלכה“!
איך מעג הייליק שווערן,
געוויס איז אויך דיין קעלע,
דיין שטימע — גאָר אַ פּלאַ,
אַ הילכיקע, אַ העלע,
לויטער זילבער־קלאַנג!
לאָז זיך נאָר נישט בעטן לאַנג,
לאָז מיך הערן דיין געזאַנג!
און ביסטו ביי דיין הדרת־פּנים
אויך אַ שטיק יודע־נגן —
ווי איך האָף, מיט אַלע תּגין —
אַ כּפּרה אַלע קאָר־חזנים!
איך שווער ביי מיינער זעלע,
עס ווערט אַזאַ מין קעלע
אויסגעקליבן באַלד
פֿאַרן אויבער־חזן דאָ אין וואַלד! —
מיינער שמעלצט זיך דאָרטן אַליין,
דער נאַר
טוט אים אַ שפּאַר
אַזש ביז צום האַלדז,
ער גיט אַ קראַקע מיטאַמאָל
אויף אַ ווילדן מיתה־משונהדיקן קול,
עפּנענדיק אַ געמבע גאָר אַ ברייטע,

ווי א רעכטער חזן־שוטה,
און בלייבט שטיין טויט, ווי אלע טויטע:
דער קעז ארויס פון מויל!
דאָס פיקסל איז נישט פויל — כאפ־לאפ און פליטה.

---

איר פרעגלט זיך רב קרוב,
און שמייכלט זיך בנעימות,
אז יענער מאכט פון אייך א צימעס —
איך בין אייך ערב,
אז זיין גאנצער צוועק
איז כאפן דאָ א לעק.



ח. סוטין: דער געקוילעטער האָן

# 14 יאַנואַר

## „דער פריינד“

דעם 1903.1.14 איז אין פּעטערבורג (הייַנט לענינגראַד) דערשינען דער ערשטער נומער פון דער ערשטער טעגלעכער יידישער צייטונג אין רוסלאַנד „דער פריינד“, אונטער דער רעדאַקציע פון שאול גינזבורג.

דער לעצטער נומער פון דער צייטונג איז אַרויס דעם 14 אויגוסט 1914, אין וואַרשע, אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ראָזענפעלד.

## אברהם־בער גאָטלאָבער



העברעיש-יידישער שרייבער, משכיל.
געב. 1811.1.14, אין אַלט-קאָנסטאַנטין, וואָלין, אוקראַינע. געשט. 1899.4.12, אין ביאַליסטאָק.
געשריבן אין העברעיש און אין יידיש. אין יידיש אָנגעשריבן אַ ריי סאַטירישע ווערק, קעמפערישע, בייסיקע, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע אויסווירקונג. פון זיי איז כדאי צו דערמאָנען די קאָמעדיע „דאָס דעקטוך, אָדער צוויי חופות אין איין נאַכט“; „דאָס שטריימל מיטן קאַפּעליוש“, „דער סיים, אָדער די גרויסע אסיפה אין וואַלד, ווען די חיות האָבן אויסגעקליבן דעם לייב פאַר אַ מלך“ (סאַטירישע פּאָעמע); „דאָס גרויסע קינץ, אָדער דאָס ביסעלע מיניץ“, „דאָס ליד פונעם קוגל“, „דער גילגול — אַ הומאָריסטישע ערצעהלונג, אַרויסגעגעבן פון דעם גבאים אייניקל“.

אין 1925 איז אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע פון א. פרידקין דערשינען אַ בוך „אברהם-בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע“ (ערשטער באַנד). דער צווייטער באַנד (גאָטלאָבערס געזאַמלטע ווערק אין יידיש, צוגעגרייט פון ז. רייזען און א. פרידקין) איז דערשינען אין ווילנע אין 1927.

# 15 יאַנואַר

## מאָליער

### (זשאַן באַטיסט פּאָקלען)



פראַנצויזישער קאָמעדיע־שרײַבער און אַקטיאָר.
געב. 1622.1.15. געשט. אויף דער בינע דעם 1673.2.17, שפּילנדיק אין דער פּיעסע „סימולאַנט“.
שעפער פון פראַנצויזישן נאַציאָנאַלן קאָמעדיע־טעאַטער. וויכטיקסטע ווערק: „דער צבועק“, „דער קאַרגער“, „דאָן זשואַן“, „די שול פאַר פרויען“, „א קלײנבירגער צווישן אריסטאָקראַטן“, „סימולאַנט“ (אײניקע פון זײ פאַראַן אין יידיש).

## סטאַניסלאַוו וויספּיאַנסקי



דראַמאַטורג, פּאָעט, מאָלער און טעאַטער־רעזשיסער.
געב. 1869.1.15, אין קראָקע. געשט. 1907.11.28, דאָרטן. אײנער פון די באַדײַטנדיקסטע פאָרשטייער פון „יונג־פּוילן“. האָט אין זײַנע סימבאָליסטישע דראַמען שטענדיק אַרויסגערוקט די פראַגע פון פּוילנס נאַציאָנאַלער באַפרײַונג („וואַרשאַוויאַנקאַ“, „לעלעוועל“, „די שבועה“, „באַפרײַונג“, „נאָוועמבער־נאַכט“, „ריכטער“). באַקאַנט אויך אלס באַדײַטנדיקער מאָלער (פּאָרטרעטן, פּייזאַזשן, וויטראַזשן, גראַפישע אַרבעטן, אילוסטראַציעס) און שעפער פון פּוילישן מאָנומענטאַלן נאַציאָנאַלן טעאַטער.

## יוסף רומשינסקי



קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1881.1.15, אין ווילנע. געשט. 1956.2.6, אין ניו־יאָרק. אלס ייִנגל געזונגען אין כאָר פון דער ווילנער גרויסער שול, שפּעטער בײַ פאַרשידענע אַנדערע חזנים. אײנער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און דיריגענטן פון „הזמיר“ אין לאָדזש. פון 1904 — אין אַמעריקע. געשריבן מוזיק פאַר יידישע טעאַטער־אַנסאַמבלען. באַקאַנט דער עיקר אלס אָפּערעטן־קאָמפּאָזיטאָר און טעאַטער־דיריגענט.

## ראָזע לוקסעמבורג



געב. 1871.3.15, אין זאמאָשטש, פּוילן, אין א רייכער אסימילירטער יידישער משפּחה — בורג.
דערמאָרדעט דורך דער דייטשישער קאָנטרעוואָלוציע אין בערלין צוזאמען מיט קארל ליבקנעכט, דעם 1919.1.15.

פירנדיקע טוערין פון דער פּוילישער, דייטשישער און אינטערנאציאָנאַלער ארבעטער־באוועגונג. „אָדלער פון דער רעוואָלוציע" — ווי עס האָט זי אָנגערופן לענין. איר מאן איז געווען דער באוווסטער רעוואָלוציאָנער לעאָן טישקאָ־יאָגיכעס (1867—1919), וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין א דייטשישער תפיסה.

ראָזע לוקסעמבורג איז דער מחבר פון פּאָלעמיקע אויפסאַצן, ארטיקלען און א גאנצער ריי טעאָרעטיש־פאָרשערישע ארבעטן, ווי: „די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג פון פּוילן", „די אקומולאציע פון קאַפּיטאַל", „דער קריזיס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" א.א.

## קארל ליבקנעכט



געב. 1871.8.13, אין לייפּציק. אומגעבראכט געוואָרן צוזאמען מיט ראָזע לוקסעמבורג דעם 1919.1.15, אין בערלין.

זון פון באוווסטן דייטשישן ארבעטער־טוער ווילהעלם ליבקנעכט. ווי א דעפּוטאט פון רייכסטאַג, געשטימט קעגן די מלחמה־קרעדיטן פאר דער קייזערלעכער רעגירונג בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און שארף ארויסגעטראָטן קעגן דער מלחמה־פּאָליטיק פון דייטשישן אימפּעריאליזם. איינער פון די גרינדער און פירער פון „ספּאַרטאַקוס־בונד" און פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּארטיי. צוזאמען מיט ראָזע לוקסעמבורג געשטאנען בראש פון ספּארטאקוס־אויפשטאנד (יאַנואר 1919).

# אָסיפ מאַנדעלשטאַם

דיכטער.
געב. 1891.1.15, אין וואַרשע, געשט. אַרום 1940, אין פאַרשיקונג.

קינדהייט צוזאַמען מיט די עלטערן איבערגעפאָרן קיין פעטערבורג. פאַרנו־
מען אַ בין גאָר חשובן אָרט אין דער רוסישער פּאָעזיע פון 20־טן י״ה. צוזאַמען
מיט ניקאָלאַי גומילאָוו און אננאַ אַכמאַטאָוואַ געהערט צו די פירנדיקע פּאָעטן
פון דער אַקמעיסטישער גרופּע.

אין בוכפאָרם: „דער שטיין“, „טריסטיאַ“, „דאָס צווייטע בוך“, „לידער“,
„רויש פון צייט“, „עגיפּטישע מאַרקע“ (פּראָזע), אַ בוך „וועגן פּאָעזיע“, פיר
ביכעלעך פאַר קינדער א.א.



מאַנע קאַץ — דער ישיבה־בחור

# 16 יאַנואַר

## זישע לאַנדוי



פּאָעט.
געב. אין 1889, אין פּלאָצק, פּוילן. געשט. 1937.1.16 אין ניו־יאָרק.
פון 1906 — אין די פאראייניקטע שטאטן. געהערט צו דער אמעריקאנער גרופּע „יונגע" (מאַני לייב, ראובן אייזלאַנד א.א.).
אין בוכפאָרם: „לידער", „פון דער וועלט־פּאָעזיע", „עס איז גאָרנישט נישט געשען" („קאָמעדיעס אין פערזן"). א.א.

## נחמן מייזיל



שריפטשטעלער. פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־טוער.
געב. 1887.1.16, אין א גוט לעבן קיעוו. געשטאָרבן אין אַפּריל 1966, אין קיבוץ „אלונים" — ישראל, ווו גע־לעבט די לעצטע צוויי יאָר ביז זיין פּלוצלונגדיקן טויט.
דעבוטירט אין 1905, אין העברעיש. אין יידיש אַרויס־געטראָטן א ביסל שפּעטער, אין 1909, מיט אן אָפּהאנד־לונג וועגן בערגעלסאָנס „נאָך אלעמען". מיטגעארבעט אין אַ גאַנצער ריי צייטונגען און זשורנאַלן. איינער פון די רעדאַקטאָרן פון די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלע־טער" (1925—1938). איינער פון די הויפּט־איניציאַ־טאָרן פון „אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס" אין פּאַריז (1937) און פון „איקוף" אין אַמעריקע, רעדאַקטאָר פונעם איקוף־זשורנאַל „די יידישע קולטור".
וויכטיקסטע ווערק: „גאָענטע און ווייטע", „פּרצעס בריוו און רעדעס", „שלום אַש, זיין לעבן און שאַפן", „אויף אונדזער קולטור־פראָנט", „יוסף אפּאַטאשו, זיין לעבן און שאפן", „פאָרגייער און מיטצייטלער", „צווישן חורבן און אויפבוי", „געווען אמאָל אַ לעבן", „יצחק לייבוש פּרץ און זיין דור שריי־בער", „גאָענטע און אייגענע", „אונדזער שלום עליכם", „דאָס יידישע שאַפן און דער יידישער שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד", „צוריקבליקן און פּער־ספּעקטיוון", „קעגנזייטיקע השפּעות אין וועלט־שאַפן".

# 17 יאַנואַר

## באַפרייט וואַרשע

דעם 17 יאַנואַר 1945 איז דורך דער סאָוויעטישער ארמיי און פוי־לישן פאָלקס־מיליטער באפרייט געוואָרן די פוילישע הויפּטשטאָט — וואַרשע.

## פּעדראָ קאַלדעראָן



שפּאַנישער דראַמאַטורג.

געב. 1600.1.17, אין מאַדריד. געשט. 1681.5.25, אין פּאַריז.

געשטאַמט פון אַן אַדעליקער פאַמיליע. גייסטלעכער. טייל פון זיינע פּיעסן ווערן געשפּילט ביז היינט צו טאָג. די וויכטיקסטע פון זיי: „דער אַלקאַד פון זאַלאמעי", „דאָס לעבן — א חלום", „דער אומדערשראָקענער ריטער".

## אהרן איזאַקס

[געב. אין 1730 (לויט י. צינבערג — אין 1729), אין טרייענבריצן, ביי בערלין. געשט. אין 1817, אין שטאָקהאָלם].

אין 1774 זיך באזעצט אין שוועדן (שטאָקהאָלם), ווו זיך פארנומען מיט יובילעריי. איינער פון די ערשטע פּיאָנערן פון יידישן ישוב אין שוועדן. אין 1801 (אין עלטער פון 70 יאָר) געגומען שרייבן זיין אויטאָביאָגראפיע, וועלכע ער האָט פארענדיקט אין 1804. פארעפנטלעכט געוואָרן אין קרוב הונדערט יאָר שפּעטער. אין מאָדערנעם יידיש זענען זיינע מעמואַרן דערשינען אין צוויי אויסגאבעס, באַאַרבעט דורך ז. רייזען און נ. שטיף.

## קאָנסטאַנטין סטאַניסלאַווסקי

### (אלעקסייעוו)



רוסישער אקטיאָר און רעזשיסער.

געב. 1863.1.17, אין מאָסקווע. געשט. 1938.8.7, דאָרטן.

געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונג פון רוסישן און שפּעטער סאָוועטישן טעאַטער.

וויכטיקסטע ווערק: „די ארבעט פון אקטיאָר איבער זיך", „מיין לעבן אין דער קונסט".

# 18 יאַנואַר

## יהודה הלוי

[געב. צווישן 1080—1086, אין טאָלעדאָ, שפּאַניע. געשט. אַרום 1142 לויט דער לעגענדע — אין ירושלים].

גרויסער יידישער דיכטער פון דער אַראַבישער תקופה אין שפּאַניע. זיין ציקל „ים־לידער“ איז אין יידיש איבערגעזעצט געוואָרן דורך חיים־נחמן ביאַליק. אויך י. י. שוואַרץ האָט איבערגעזעצט פיל לידער פון יהודה הלוי אין יידיש.

דער דיכטער איז דער מחבר פון רעליגיעז־פילאָזאָפישן „כוזרי“.

### יהודה הלוי

### ים־לידער

אָנגעברוגז'ט האָט דער ים זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט —
פלוצים האָט ער זיך צעבייזערט
און ער וויגט זיך שוין און ברומט.

און אַט לויפן שוין אַנטקעגן
ווילד און בייז מיט ווייסן שוים,
כוואַליעס־לייבן, כוואַליעס־שלאַנגען,
אויסגעוואַקסן פון דעם תהום.

אָט האָט זיך א טאָל געעפנט,
אָט שטייט אויף א הויכער באַרג —
פלאַטער, זעגל! בויג זיך, מאַסטבוים!
דו, מיין האַרץ, בלייבסט פעסט און שטאַרק.

האָסט א גרויסן גאָט אין הימל,
ימים שפּאַלט ער מיט זיין האַנט:
אויף זיין פליגל מיט זיין שטורעם
טראָגט ער דיך צום ליבן לאַנד.

יידיש: ח. נ. ביאַליק

# 19 יאַנואַר

## עדגאַר אַלאַן פּאָ



אמעריקאנער דיכטער, פּראָזאיקער און ליטעראטור־קרי־טיקער.

געב. 1809.1.19, אין באָסטאָן. געשט. 1849.10.7, אין באַלטימאָר. זון פון א משפּחה וואנדערנדיקע אקטיאָרן. אין זיינע אומהיימלעכע דערציילונגען ווייזט ער ארויס אן אויסערגעוויינלעכע פאנטאזיע, געפּאָרט מיט אָבסער־וואציעס פון רעאלן לעבן. דעביוטירט אין 1827 מיט דער זאמלונג „טאַמער־לאַן און אנדערע פּאָעמעס“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אין באָד זיך צו שעמען איז ניטאָ פאר וועמען.
אין באָד זענען אלע גלייך.

ער איז הויס געבאָדן.

מען דערקענט נאָך די באקן, ווי די ציינער קנאקן.

א באָקסער איז שווארץ, אָבער זיס ווי צוקער.

אַ בארג מיט א באַרג קומען זיך ניט צונויף, אָבער א מענטש מיט א מענטש, יאָ.

אז מען באָרגט איינעם געלט, קויפט מען זיך א שונא.

אויף א פרעמדער באָרד איז גוט זיך לערנען שערן.

עס האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם.

אז מען האָט פאריבל, טוט ווי דער בויך.

וואָס א גראָבער בויך קאָסט, וואָלט איך געוואָלט האָבן — וואָס ער איז ווערט, זאָל מיינע שונאים פארמאָגן.

א בוים בייגט זיך נאָר, ווען ער איז יונג.

## צבי הירשקאַן

### (צבי־הירש קאַהן)



שרייבער.
געב. אין 1886, אין טשאַשניק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1938.1.20, אין ניו־יאָרק.
דעביוטירט מיט „עטיודן פון יידישן וואנדער־לעבן" (1908) אין זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן". אין 1910 פארעפנטלעכט אין פרצעס זאמלבוך „יידיש" זיין ראָמאן „צווי וועלטן". אין 1922 — „פון דערוווייטנס" (צוזאמען מיט קריטישע אָפּהאנדלונגען וועגן די קלאסיקער). פון 1925 — אין די פאראייניקטע שטאטן, ווו מיטגעארבעט אין דער „פרייהייט" („מאָרגן־פרייהייט") און אין דער „יידישער קולטור". דערשינען א ריי וויטערדיקע ביכער: „רזשייק פעמפיק אין פאַריז" (פּיעסע), „אונטער איין דאַך" (עסייען), „באָרים קאַבאַלקין" (ראָמאַן).

## ד"ר י. ב. צפור

### (יצחק שטערקמאַן)



דראמאטורג און ליטעראטור־קריטיקער.
געב. 1888.1.20 אין פאלעשטי, בעסאראביע. אומגעקומען אין א דייטשישן טויט־לאַגער.
פון זיינע יינגסטע יאָרן געלעבט אין פאריז. געשריבן לכתחילה אין פראנצויזיש. אין 1912 אריבערגעפאָרן קיין ווארשע און גענומען שרייבן אין יידיש. די לעצטע יאָרן געלעבט אין בעלגיע. בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע דעפּאָרטירט געוואָרן פון בריסעל אין איינעם פון די היטלעריסטישע טויט־לאַגערן.
אין בוכפאָרם: „די שכינה אין גלות" (מיסטעריע), „אין בבל" (דראמאטישע פּאָעמע), „ביי די טויערן", „נחת פון קינדער" (קינדער־שפּיל), „דער ליגנער" (קינדער־דראַמע).

# 21 יאַנואַר

## משה העס



שרייבער און פּאָליטישער טוער.
געב. 1.21 ,1812, אין באָן, דייטשלאַנד. געשט. 1875.4.6,
אין פּאַריז.
זיין זיידע, א רב, האָט געשטאַמט פון פּוילן. שטודירט
פילאָזאָפיע אויפן באָנער אוניווערסיטעט. מיטגעאַרבעט
אין דער „ריינישער צייטונג" אונטער דער רעדאַקציע
פון קאַרל מאַרקס (1841—1843) און אין די „דייטשיש=
פראַנצויזישע יאָרביכער". מחבר פון „רוים און ירושלים"
(איבערגעזעצט אין יידיש דורך זלמן רייזען) און אַנדערע
ווערק.

### פון יידישן פאָלקס=אוצר

אויף אַ יונגן בוים שפּרינגען אַלע ציגן.

אז די נאַסע ביימער ברענען, וואָס זאָלן שוין די טרוקענע זאָגן.

אַ יונג ביימעלע בייגט זיך, אַן אַלטס ברעכט זיך.

אַ בושה איז נאָר צו גנבענען, אָבער ניט אָפּצוגעבן.

אז אַן אַלטער בחור שטאַרבט, האָבן מיידלעך אַ נקמה.

ערשט פון דעם דריטן בייגל ווערט מען זאַט.

אז מען קען ניט בייסן, זאָל מען די ציין ניט ווייזן.

בינד מיך אויף אַלע פיר, נאָר וואַרף מיך צווישן די מייניקע.

פון אַ בית=עולם טראָגט מען ניט צוריק.

אז מען בלאָזט ווערט קאַלט.

בלוט איז ניט קיין וואַסער.

פאַרגאָסן בלוט רוט ניט.

## 22 יאַנואַר

### גאָטהאָלד אפרים לעסינג



דייטשישער פּאָעט, דראַמאַטורג און ליטעראַטור־קריטי־קער.

געב. 1729.1.22, אין קאַמענץ (לאַוזיץ). געשטאָרבן 1781.2.15, אין בראַונשווייג.

באַדייטנדיקער פאָרשטייער פון דייטשישן רענעסאַנס. וויכטיקסטע ווערק: „עמיליאַ גאַלאָטי" (טראַגעדיע, פאַר־ראַן אויך אין יידיש), „נתן דער חכם" (דראַמאַטישע פּאָעמע), „מינא פאָן באַרנהעלם" (קאָמעדיע). אין „לאַ־אָקאָן" און „האַמבורגער דראַמאַטורגיע" האָט לעסינג אַנטוויקלט זיינע אָנשויוּנגען איבער ליטעראַטור און קונסט.

### לאָרד בייראָן

#### (דזשאָרדזש נאָעל גאָרדאָן)



ענגלישער דיכטער — ראָמאַנטיקער.

געב. 1788.1.22, אין לאָנדאָן. געשט. 1824.4.19, אי גריכנלאַנד.

בונטאַר — אינדיווידואַליסט. שאַרף אַטאַקירט די רעמלע־טיקע ענגלישע ווירקלעכקייט. אין איטאַליע זיך אָנגע־שלאָסן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די קאַרבאָנאַרן, שפּעטער אָנטיילגענומען אין קאַמף פון די גריכן קעגן טערקישן יאָך און דאָ געשטאָרבן פון פיבער.

וויכטיקסטע ווערק: „גיאַור", „דער פיראַט", „טשיילד האַראָלד", „דאָן זשואַן", „מאַנפרעד", „קין".

### משה קיסלינג



מאָלער.

געב. 1891.1.22, אין קראָקע, ביי אַ טאַטן אַ שניידער. געשט. אין 1954, אין סאַנאַרי, פראַנקרייך. געשטודירט אין קראָקע און שפּעטער אין פּאַריז. זיינע בילדער כאַ־ראַקטעריזירט טראַגיזם, דראַמאַטישע געשפּאַנטקייט, טראָגן מיט זיך דעם אומרו פון דער צייט און סביבה אין וועלכער דער קינסטלער האָט געלעבט און געשאַפן.

# 23 יאַנואַר

## יאַנואַר־אויפשטאַנד אין פוילן (1864—1863)

23 יאַנואַר 1863 — אָנהייב פונעם אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער מאַכט אין קרוין־פוילן און ליטע. בראש פונעם אויפשטאַנד זענען לויט דער ריי געשטאַנען: ל. מיעראָסלאַווסקי, מ. לאַנגעוויטש, און שפּעטער ראָמואַלד טראַוגוט. דער אויפשטאַנד איז בלוטיק דערשטיקט געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט.

## סטענדאַל

### (אַנרי מאַרי בייל)



פראַנצויזישער שרייבער.

געב. 1783.1.23, אין גרענאָבל. געשט. 1842.3.23, אין פּאַריז.

מיטגעמאַכט נאַפּאָלעאָנס מאַרש אויף מאָסקווע. געווען אין דייטשלאַנד, עסטרייך, רוסלאַנד, איטאַליע. די לעצטע האָט ער באַטראַכט פאַר זיין צווייטע היים. פיל געשריבן וועגן מוזיק („דאָס לעבן פון היידען“, „מאָצאַרט און מעטאַסטאַזיא“, „דאָס לעבן פון ראָסיני“), וועגן מאָלעריי („די געשיכטע פון דער איטאַליענישער קונסט“), מחבר פון די ראָמאַנען: „רויט און שוואַרץ“, „לוסיען לעווען“ „דער פּאַרמער מאָנאַסטיר“, „דאָס לעבן פון אַנרי בריולאַר“, „זכרונות פון אַן עגאָיסט“, „איטאַליענישע כראָניקעס“.

## יצחק (איגנאַץ) בערנשטיין

פאָלקלאָר־פאָרשער.

געב. אין 1836, אין ווניצע, פּאָדאָליע. געשט. 1909.1.23, אין בריסעל, באַערדיקט אין וואַרשע.

פאַרמאָגט איינע פון די רייכסטע פאָלקלאָריסטישע ביבליאָטעקן אין דער וועלט (אַרום 7000 דרוקן און מאַנוסקריפּטן).

אין בוכפאָרם: „יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן“ — 3993 שפּריכווערטער (לייפּציק — קראָקע, 1908) — דער רעזולטאַט פון 40 יאָר זאַמלאַרבעט; „עראָטיקא עט רוסטיקא“ (227 יידישע ניבול־פּה־שפּריכווערטער).

# מ. גנעסין



קאָמפּאָזיטאָר, פּעדאַגאָג.
געב. 1883.1.23. געשט. 1957.5.5.
פּראָפעסאָר פון מאָסקווער און לענינגראַדער קאָנסערוואַ־
טאָריעס און פון מוזיקאַליש־פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט א.נ.
פון די גנעסינס אין מאָסקווע. מחבר פון דער אָפּערע
„די מכבייער" און פון א בוך: „אָנהייב־קורס פון פּראַק־
טישער קאָמפּאָזיציע".

# סערגיי אייזענשטיין



סאָוועטישער פילם־רעזשיסער.
געב. 1898.1.23, אין ריגע, ביי א טאַטן אַן אַרכיטעקט.
געשט. 1948.2.11, אין מאָסקווע.
רעזשיסער פון ערשטן אַרבעטער־טעאַטער אין מאָסקווע
(1921). זיין קינאָ־טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1924. זיין
ערשטער גרויסער פילם איז געווען „פּאַנצער־שיף פּאָ־
טיאָמקין" (1925).
וויכטיקסטע פילמען: „אָקטאָבער", „אַלעקסאַנדער נעווס־
קי", „איוואַן דער גרויזאַמער" א.א. האָט אויך געשריבן
טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער פילם־קונסט און איר געשיכטע.

# קאָנסטאַנטי אילדעפאָנס גאַלטשינסקי



פּוילישער דיכטער.
געב. 1905.1.23, אין וואַרשע. געשט. 1953.12.6, דאָרטן.
דעביוטירט אין 1923. געהערט צו דער פּאָעטישער גרו־
פּע „קוואַדריגאַ". אָנטייל גענומען אין דער סעפּטעמבער־
קאַמפּאַניע קעגן היטלעריסטישן אָנפאַל. אריינגעפאַלן
אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט, פון וואַנען זיך באַ־
פרייט אין 1945.
וויכטיקסטע ווערק: „דער סוף פון דער וועלט" (פּאָעמע),
„אויסגעווילטע פּאָעטישע ווערק", „די פאַרכישופטע דאָ־
ראָזשקע", „קידושין־רינגעלעך", „איוב" (פּאָעמע), „וויט סטוואָש" (פּאָעמע)

# 24 יאַנואַר

## פּיער אָגיסטען באָמאַרשע



פראַנצויזישער קאָמעדיע־שרייבער.

געב. 1732.1.24, אין פּאַריז. געשט. דאָרטן 1799.5.18.
וויכטיקסטע ווערק: „דער סעווילער שערער" און „פיגאַ־ראָס חתונה". די לעצטע האָט געדינט מאָצאַרטן ווי א ליברעטאָ פאַר אן אָפּערע אונטערן זעלביקן נאָמען. דעם „סעווילער שערער" האָט אויסגענוצט אלס ליברעטאָ פאַר זיין אָפּערע אונטערן זעלבן נאָמען ראָסיני.

## אייזיק מאיר דיק



פאָלקס־שרייבער. משכיל.

געב. אין 1814, אין ווילנע. געשטאָרבן דאָרטן דעם 1893.1.24.

געשאַפן דעם מאַסן־לייענער פאַר דער יידישער ליטעראַ־טור. זיינע מעשה־ביכלעך (ארום 300) פלעגן דערשיי־נען רעגולמעסיק, מאנכע — אין 5—6 טויזנט עקזעמ־פלאַרן אין דעם פאַרלאַג „האלמנה והאחים ראָם".

## ברוך ריוועקין



ליטעראַטור־קריטיקער.
געב. 1883.1.24, אין יאַקאָבשטאַדט, לעטלאַנד. געשט. 1945.6.10, אין ניו־יאָרק.

פון 1911 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „א גלויבן פאַר אומגלויביקע", „יידישע דיכטער אין אמעריקע", „גרונט־טענדענצן פון דער יידי־שער ליטעראַטור אין אמעריקע", „יוסף אָפּאַטאָשעס גאַנג", „אונדזערע פּראָזאיקער" א.א.

# 25 יאַנואַר

## אליהו בחור
### (אליהו בר' אשר אשכנזי, אויך אליהו לעוויטאַ)

פילאָלאָג, גראַמאַטיקער און פּאָעט פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע.

[געב. אין 1468, אין דאָרף איפּשהיים ביי נירנבערג, דייטשלאַנד, געשט. אין 1549, אין ווענעציע, איטאַליע].

פאַרנעמט מיט זיינע שאַפונגען אין יידיש אַ בּיז גאָר וויכטיק אָרט אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

ס'זענען דערגאַנגען בלויז פיר פון זיינע יידישע ווערק: „בבא ד'אנטונא" (בבא־בוך, 1507), „פּאַריז און וויענה", „שריפה־ליד" און „המבדיל". האָט אי־בערגעזעצט דעם חומש אין יידיש.

## ראָבערט בערנס



שאָטלענדישער דיכטער־ליריקער.

געב. 1759.1.25, אין דאָרף אַלאַוועי, שאָטלאַנד, אין אַן אָרעמער פּויערים־משפּחה. געשט. 1796.7.21, אין דאַמ־פריס, שאָטלאַנד.

אין 1786 ארויסגעלאָזט זיין ערשטע זאַמלונג „לידער אין שאָטלענדישן דיאַלעקט", וועלכע האָבן שטאַרק אויס־געגומען. געלעבט אין גרויס נויט.

זיין געבורטנטאָג ווערט אָפּגעמערקט אין שאָטלאַנד ווי אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב.

## עמיל לודוויג
### (קאָן)

דייטשישער שרייבער פון יידישער אָפּשטאַמונג.

געב. 1881.1.25, אין וורעצלאַוו (דאַן ברעסלאַו). געשט. אויף עמיגראַציע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דעם 1948.9.8.

באַרימט מיט זיינע ביאָגראַפישע ראָמאַנען: „געטע", „בעטהאָווען", „נאַ־פּאָלעאָן", „לינקאָלן", „ביסמאַרק", „ווילהעלם II", „קלעאָפּאַטרע", „דער גורל פון רעמבראַנדט" א. אנד.

# 26 יאַנואַר

## בן־אדיר

### (אברהם ראָזין)

שרייבער, ליטעראַטור־קריטיקער און פּובליציסט, איינער פֿון די איניציאַטאָרן און רעדאַקטאָרן פֿון דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע אין ייִדיש. טעריטאָריאַליסט, פֿירער פֿון דער סיימיסטישער פּאַרטיי און שפּעטער פֿון דער „פֿרײַלאַנד־ליגע“.

שריפטשטעלער און געזעלשאַפטלעכער טוער.
געב. 1878.1.26, אין קרוטשע, מאָהילעווער גובערניע, ווײַסרוסלאַנד. געשט. 1942.11.14, אין ניו־יאָרק.
איינער פֿון די איניציאַטאָרן און רעדאַקטאָרן פֿון דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע אין ייִדיש. טעריטאָריאַליסט, פֿירער פֿון דער סיימיסטישער פּאַרטיי און שפּעטער פֿון דער „פֿרײַלאַנד־ליגע“.

## מנחם באָרײַשאָ



פּאָעט.
געב. 1888.1.26, אין בריסק, ווײַסרוסלאַנד. געשטאָרבן 1949.2.12, אין ניו־יאָרק.
דעביוטירט אין 1905, אין פּרצעס „דער וועג“. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.
אין בוכפֿאָרם: „פּוילן“ (פּאָעמע), „זאַמד“ (פּאָעמע), „זאַוול רימער“ (פּאָעמישע כראָניק), „דער גלגול“ (דיאַלאָגן אין צוויי באַגעגענישן), „דער פֿאַסטעך דוד“ (אַ שפּיל אויף אַ ביבלישן מאָטיוו אין זעקס בילדער), „דער גייער — קאַפּיטלען פֿון אַ לעבן“, (2 בענדער), „אַ דור — אָפּקלייב פֿון לידער און פּאָעמעס“, „דורך דורות“ א.א.

### פֿון ייִדישן פֿאָלקס־אוצר

ווי דער בעל־עגלה וויל, אַזוי דרייט ער מיטן דישל.

בעסער אַ גוטער שכן, איידער אַ שלעכטער קרוב.

בעסער אַ ייִד אָן אַ באָרד, איידער אַ באָרד אָן אַ ייִד.

בעסער צען מאָל פֿרעגן, איידער איין מאָל בלאָנדזשען.

# 27 יאַנואַר

## באַפרייט אַשוויענטשים

דעם 27 יאַנואַר 1944 איז דורך די אָנגרייפנדיקע טיילן פון דער סאָוויעטישער אַרמיי באַפרייט געוואָרן דער טויט-לאַגער אָשוויענטשים, וועלכער האָט איינגעשלונגען איבער 4 מיליאָן מענטשלעכע קרבנות, אין דעם מיליאָנען ייִדן.

אָשוויענטשים איז געווען א פּאָוויאַטאָווע שטאָט פון דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט. בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע פון פּוילן — דער גרעסטער אין אייראָפּע פאַרניכטונגס-לאַגער (אויף דייטש: אוישוויץ). ער איז באַשטאַנען פון דריי הויפּט-לאַגערן: אָשוויענטשים I, אָשוויענטשים II — בזשעזשינקע-בירקענאַו און אָשוויענטשים III — מאָנאָוויצע און 30 קלענערע לאַגערן. די טויט-פאַבריק אין אָשוויענטשים האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט. די מענטשן זענען געשיקט געוואָרן אין די גאַז-קאַמערן, געמאָרדעט געוואָרן דורך פענאָל-איינשפּריצונגען אין האַרצן אָדער דערשאָסן ביי דער טרויעריק-באַרימטער „טויטן-וואַנט". אויפן אָרט פון לאַגער איז אין 1946 געשאַפן געוואָרן א מוזיי.

## וואָלפגאַנג מאָצאַרט



קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1756.1.27, אין זאַלצבורג, עסטרייך. געשטאָרבן 1791.12.5, צו 35 יאָר, אין ווין.

פילזייטיקער מוזיקער — אָרגאַניסט, פידלער, פּיאַניסט, דיריגענט. געשאַפן נייע טיפּן אָפּערעס — די אָפּערע-קאָמעדיע „פיגאַראָס חתונה", די אָפּערע-דראַמע „דאָן זשואַן", אָפּערע-מעשהלע „דער פאַרכישופטער פלייט" און א ריי אַנדערע.

געשריבן אויך סימפאָניעס, קוואַרטעטן, קווינטעטן, סאָנאַטעס א.א. פון זיין כאָראַלער מוזיק איז די באַקאַנטסטע „רעקוויעם".

## יוסף איזראַעלס



ייִדיש־האָלענדישער מאָלער און גראַפיקער.
געב. 1824.1.27, אין גראָנינגען, האָלאַנד. געשטאָרבן 1911.8.12, אין האַאַג.
געמאָלט שטייגער־ און נאַטור־בילדער פון האָלאַנד, בילדער אויף ייִדישער טעמאַטיק („דער סופר“, „ייִדישע חתונה“, „אַליין אין דער וועלט“, „זון פון אַלטן פאָלק“ א.א.).

## מיכאַיל סאַלטיקאָוו־שטשעדרין



רוסישער סאַטיריקער.
געב. 1826.1.27, אין א דאָרף פון טווערער גובערניע.
געשט. 1889.5.10, אין פעטערבורג.
זיין סאַטירישער טאַלאַנט האָט זיך מיט זיין גאַנצער קראַפט אַנטפּלעקט אין זיין „געשיכטע פון איין שטאָט“ און „דאָס הערשאַפט גאָלאָוולעוו“. א ריי פאָרשער האַלטן, אז זיין שאַפן האָט געהאַט א השפעה אויף מענדעלע מוכר־ספרים.

## ד״ר יוליוס (יהודה) ברוצקוס

היסטאָריקער.
געב. אין 1870, אין פּאַלאַנגע, ליטע. געשט. 1951.1.27, אין פתח תקוה, ישראל.
וויכטיקסטע אַרבעטן: „די האַנדלס־באַציונגען פון די מערב־ייִדן מיטן אַלטן קיעוו“, „די ערשטע ידיעות וועגן ייִדן אין פּוילן“, „ייִדישע אַנטראָפּאָלאָגיע“, „געשיכטע פון ייִדן אין קורלאַנד“. מיטגעאַרבעט אין די ייִוואָ־אויסגאַבעס, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע אין ייִדיש.

### פון ייִדישן פאָלקס־אוצר

אז מען האָט ניט קיין ברויט, איז ערגער ווי דער טויט.

ברויט אונטערוועגס איז קיין משא ניט.

צו ברויט געפינט מען שוין א מעסער.

# 28 יאַנואַר

## משה־לייב האַלפּערן

### מיין פּאָרטרעט

זומערשפּרענקלעך פּיל ווי שטערן,
האָר געמישטע שוואַרץ מיט גרוי.
יאָ — אַז איך בין ניט קיין שיינער —
דאָס איז זיכער, שיינע פרוי.

ברייטע נאָז און טייוולס ברעמען,
ציין און ליפּן וועלפיש ווילד;
אָבער אויגן האָב איך בלויע —
אויגן בלויע, גוט און מילד.

ס'האָבן מיינע פיס צום טאַנצן
ווייניק, ווייניק וואָס טאַלאַנט —
און די גרויסע אויערן מיינע
הערן מוזיק ווי די וואַנט —

אָבער מיט אַ האַרץ וואָס האַמערט
זינג איך מיר, ווי מיר געפעלט.
און צום האַמער־טאַקט פון האַרצן
טאַנצט די גאַנצע שיינע וועלט.

זאָגט דער אָדלער פליגל גרויסע —
האָב איך ברייטע שטאַרקע הענט.
זאָגט דאָס לעבן קאַמף און ליבע —
האָב איך בלוט וואָס שרייט און ברענט.

# 29 יאַנואַר

## אַנטאָן טשעכאָוו



רוסישער שרייבער.

געב. 1860.1.29, אין טאַגאַנראָג, געשט. 1904.7.15, אין באַדענווײלער (דייטשלאַנד), וווּ ער איז זיך געקומען היילן פון טובערקולאָז. באַרימט געוואָרן אין מאָסקווע.

וויכטיקסטע ווערק: „דער אונטער פּרישיביעוו“, „דער טויט פון אַ באַאַמטן“, „דער מענטש אין פוטעראַל“ (נאָוועלן), „פעטער וואַניע“, „דריי שוועסטער“, „דער ווײַנשל־גאָרטן“, „די מעווע“ (דראַמעס), „סטעפּ“, „אַן אומעטיקע געשיכטע“, „פּאַלאַטע נומ. 6“.

## ראָמען ראָלאַן



פראַנצויזישער שריפטשטעלער, הומאַניסט און אַנטיפאַשיסט.

געב. 1866.1.29, אין קלאַמסי, פראַנקרייך. געשטאָרבן 1945.1.11, אין דער שווייץ.

אין זײַן באַגריסונג צום אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז (1937) האָט ראָלאַן געשריבן: „...מיר נעמען אויף זיך, צוגלייך מיט אייך, ייִדיש פאָלק, ברידער־פאָלק, די באַליידיקונגען פון היטלערן און די שנאה פון אַלע אונטערדריקער. לאָמיר ענגער מאַכן דעם בונד צווישן פאָלק פון ראַבלע, מאָנטען און וואָלטער און דעם פאָלק פון קאַרל מאַרקס און ספּינאָזע“.

וויכטיקסטע ווערק: „זשאַן קריסטאָף“, „קאָלאַ ברעניאָן“, „די פאַרכישופטע נשמה“ (אַלע פאַראַנען אין ייִדיש).

### פון ייִדישן פאָלקס־אוצר

בעסער אַ מיאוס ווײַב פאַר זיך, איידער אַ שיין ווײַב פאַר יענעם.

אין אַ ברונעם, וואָס מען האָט פון אים וואַסער געטרונקען, זאָל מען קיין שטיין נישט וואַרפן.

ברויט ווערט ניט נמאס.

# 30 יאַנואַר

## מאַהאַטמאַ (מאַהאַנדאַס קאַראַמטשאַנד) גאַנדי



פּאָליטישער און גייסטיקער פירער פון די הינדוסן אין זייער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט.
געב. אין 1869. דערמאָרדעט דעם 30 יאַנואַר 1948 דורך איינעם פון די פאַנאַטישע קעגנער זיינע.
העכערע בילדונג באַקומען אין ענגלאַנד. א סך יאָרן געלעבט אין דרום־אַפריקע, וווּ געקעמפט פאַר בירגער־רעכט פון דער דאָרטיקער אינדישער באַפעלקערונג. אין 1914 זיך צוריק־געקערט קיין אינדיע, וווּ פון אָנהייב מיטגעאַרבעט מיט די ענגלענדער, מיינענדיק אויף אַזא אופן אַרויסבאַקומען פון זיי הנחות, שפּעטער זיך געווענדט קעגן זיי, וואָרפנדיק דעם לאָזונג פון נישט מיטאַרבעט און פּאַסיוון ווידערשטאַנד לגבי די ענגלישע קאָלאָניזאַטאָרן. געווען פיל מאָל אַרעסטירט דורך די ענגלענדער.

## תשר״ק

### (ישראל־יוסף זעווין)

שריפטשטעלער.
געב. 1872.1.30, אין האָרקי, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1926.10.5, אין ניו־יאָרק.
פון 1889 — אין אַמעריקע. דעביוטירט אין 1893 מיט א דערציילונג „פּע־רעלע און בלימעלע".

אין בוכפאָרם: „פון אַכצן ביז דרייסיק" (ראָמאַן פון יידישן לעבן אין אַמע־ריקע), „געקליבענע שריפטן", „די בעסטע דערציילונגען פון תשר״ק" (אין 4 בענדער), „אַלע אגדות פון תלמוד" (אין 3 טיילן), „אַלע משלים פון דובנער מגיד" (אין 2 טיילן), „מעשהלעך פאַר קינדער" א.א.

## משה כאַשטשעוואַצקי



סאָוועטיש־יידישער שרייבער.
געב. 1897.1.30, אין בוקי, לעבן אומאַן, אוקראַינע. אומ־געקומען דעם 1943.2.17 אויפן פראָנט.
דעביוטירט אין 1918.

אין בוך־פאָרם: „דאָרשט" (לידער), „האַרטע וואָר", „מעשהלעך און לידער", „ראַפּאָרטן", „לעצטע שלאַכט", „האַנט ביי האַנט", „א רייזע קיין בירָאָבידזשאַן", „אשר שוואַרצמאַן", „חלומות" (דער יונגער שלום־עליכם — פּיעסע אין פיר אַקטן), „יידישע פאָלקסלידער" (צוזאַמען מיטן נסתר).

# איסאַק דונאַיעווסקי



סאָוויעטישער קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1900.1.30, אין לאָכוויץ, אוקראַינע. געשטאָרבן 1955.7.25, אין מאָסקווע.

געענדיקט די כאַרקאָווער קאָנסערוואַטאָריע (פידל און קאָמפּאָזיציע). עטלעכע יאָר געווען טעטיק ווי א פידלער אין אַן אָרקעסטער. שפּעטער נאָר קאָמפּאָזיטאָר. מחבר פון אָפּערעטעס, באַלעטן, מוזיק צו לידער, וועלכע זענען זייער שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן, מוזיק צו א גאַנצער ריי פילמען (אין דעם אויך „די זוכער פון גליק”).

## הערשעלע

### (הערש דאַנילעוויטש)

פּאָעט.

געב. 1882.1.30, אין ליפּנע, פּלאָצקער געגנט, פּוילן. געשטאָרבן פון הונגער אין וואַרשעווער געטאָ, אין סעפּטעמבער 1941.

דעביוטירט מיט לידער אין 1904.

אין בוכפאָרם: „הערשעלעס לידער”, „זון־פייגעלעך” (קינדער־לידער), „שבת אויפן טראַקט” (פאָלקסטימלעכע לידער און באַלאַדעס) א.א. א טייל פון הערשעלעס לידער ווערן געזונגען ווי פאָלקס־לידער.

הערשעלע

## ווער קאָן וויסן וואָס מיר פעלט

ווער קאָן וויסן וואָס מיר פעלט,
וואָס מיך מאַטערט, וואָס מיך קוועלט.

וואָס עס פייניקט שווער מיך, אוי,
פון מיין טיפעניש אזוי?

עפּעס פיל איך מיך גערירט,
ווי עס פרעסטלט מיך און פרירט,

ווי מיך פיבערט קאַלט און הייס,
דורכגעווייקט און פייכט פון שוויס...

ווו מיין קערפּער ביזן גרונט
איז אַן אָפן טיפע וווּנד,

און זי אייטערט, ברענט און בריט —
אַז איך גוסס טריט נאָך טריט...

(אָנגעשריבן אין געטאָ)

# 31 יאַנואַר

## פראנץ שובערט



קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1797.1.31, אין ליכטענטאַל, עסטרייך. געשטאָרבן
1828.11.19, אין ווין.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע שעפער פון פריען ראָמאַנ=
טיזם. געהערט צו דער „ווינער שול“. מייסטער פון סאָ=
לאָ=ליד. איבערגעלאָזן ארום 600 לידער, 8 סימפאָניעס
(אין דעם די „נישט פארענדיקטע“), סאָנאַטעס און פאַנ=
טאַזיעס.

### פון יידישן פאָלקס=אוצר

גאָט לעבט אויבן און מיר מוטשען זיך אונטן.

גאָט שיקט ניט אראָפּ פון אויבן, אז מען ליגט אויפן אויוון.

וואָס צו גאָט איז צו גאָט, און וואָס צו לייטן איז צו לייטן.

ווער אין גאָט ניט גלויבט זאָל באקומען א פרום ווייב.

ער מיינט, אז ער האָט אָנגעכאפט גאָט ביי די פּיס (ביי דער באָרד).

פון דיין מויל אין גאָטס אויערן אריין.

ער האָט אין זיך קיין גאַל ניט.

גאָלד לייכט פון דער בלאָטע.

פאָלג מיר אַ גאַנג.

אַ גאַסט אויף א וויל זעט אויף א מייל.

אַן אָפטער גאַסט פאַלט צו לאַסט.

דריי טעג איז מען א גאַסט, שפּעטער ווערט מען צו לאַסט.

# 1 פעברואַר

## ד״ר ישראל צינבערג



[געב. אין 1873, אין לאַנאָוועץ, וואָלין. געשט. אין פאַר־שיקונג סוף יאַנואר אָדער אָנהייב פעברואר 1939].
געענדיקט דעם פּאָליטעכניקום אין קארלסרוע, דייטשלאַנד, און באַקומען דעם טיטל אינזשיניער־כעמיקער. עטלעכע צענדליק יאָר (פון 1898) געווען אָנפירער פון דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע אין באַרימטן ,,פּוטילאָווער זאַוואָד" (איצט א.נ. פון קיראָוו) אין פּעטערבורג. אין דער פרייער צייט זיך פאַרנומען מיט ליטעראַטור־פאָרשונג. געשריבן אין רוסיש (מיטגעאַרבעט אין ,,וואָסכאָד") און אין יידיש.

זיין לעבנס־ווערק: ,,די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן" אין 9 בענדער (11 ביכער).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

מיט דער צייט לערנט מען א בער אויך אויס טאַנצן.

מאָל דיר אויס דעם טעם פון סמעטענע.

די אויערן מוזן הערן, וואָס דאָס מויל רעדט.

שיק דיינע אויערן אין די גאַסן.

ער איז היינט מיט דעם לינקן פוס פון בעט אויפגעשטאַנען.

אז דאָס אומגליק דאַרף איינעם טרעפן, טרעפט עס אים אויפן גלייכן וועג.

פאַר אומכבוד אַנטלויף אָבער דעם כבוד לויף ניט נאָך.

קוק דיר ניט אום, ווייל דו וועסט ווערן א שטיק זאַלץ.

אז דער אורח הוסט, פעלט אים א לעפל.

וו עס איז איבעריק, דאָרט פעלט.

ער נעמט זיך אָן גאָטס קריוודע.

בעסער צוויי בהמות, איידער איין ציג.

# 2 פעברואַר

## וואָלגאָגראַד (פריער צאַריצין, סטאַלינגראַד)

2 פעברואַר 1943 — פאַרענדיקט די אַרומרינגלונג און צעשמעטערונג פון דער דייטשישער אַרמיי ביי וואָלגאָגראַד (איבער 300 טויזנט מאַן אונטער דעם אָנפיר פון פעלדמאַרשאַל פּאַולוס).

## יששכר־בער ריבאַק



מאָלער.

געב. 1897.2.2, אין יעליסאַוועטגראַד (איצט קיראָוואָגראַד), אוקראַינע. געשט. 1935.9.22, אין פּאַריז. באַקאַנט אויך ווי אַן אילוסטראַטאָר פון מעשהלעך פאַר קינדער. אַרויסגעגעבן צוויי קונסט־אַלבאָמען: „דאָס שטעטל" („מיין חרובע היים א געדעכעניש") און „אויף די פעלדער פון אוקראַינע". צוזאַמען מיט ב. אַראָנסאָנען אַרויסגעגעבן אַן אַרבעט „די וועגן פון דער יידישער מאָלעריי".



י. ב. ריבאַק — וואַסערפירער

# 3 פעברואַר

## פעליקס מענדעלסאָן־באַרטאָלדי



קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1809.2.3, אין האַמבורג. געשט. 1847.11.4, אין לייפּציק.

אייניקל פון משה מענדעלסאָן. איינער פון די באַדייטנ־דיקסטע פאָרשטייער פון דער ראָמאַנטישער שול אין דער דייטשישער מוזיק. געשריבן קאָנצערטן, סימפאָניעס, אָראַטאָריעס, כאָראַלע מוזיק.

## לייוויק באַנוקאָוו



שריפטשטעלער.

געב. 1892.2.3, אין גוט אָלכאָווע, פּסקאָווער געגנט, רוס־לאַנד. געשט. 1958.9.25, אין ניו־יאָרק.

דעביוטירט אין רוסיש מיט לידער און דערציילונגען. פון 1914 — אין אַמעריקע. דאָ אריבער צו יידיש. געשריבן: דערציילונגען, עסייען, אָפּהאַנדלונגען איבער ליטעראַ־טור און שרייבער, אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס (אַ סך יאָרן געווען לערער אין די יידישע שולן).

אין בוכפאָרם: „שווערע הימלען", (נאָוועלן), „אין פרומע שעהן" (דערציילונגען), „דער מענטש" (דערציילונגען), „סובמאַרין 1־ז", „אין כלעם פון צייט" (דערציילונגען), „ליטעראַרישע עסייען", „באַנקראָט" א.א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אומעטום איז גוט, אונטערהיים איז נאָך בעסער.

אז מען איז צו גוט, צערייסן די הינט.

דאָרט איז גוט, וווּ מיר זיינען ניטאָ.

# 4 פעברואַר

## טאַדעוש קאָשטשושקאָ



נאַציאָנאַלער העלד פון פוילן.

געב. 1746.2.4, אין מערעטשאָווטשיזנע, וואָלין. געשט. 1817.10.5, אין סאָלורזש, שווייצאַריע. באערדיקט אויפן קראָקעווער וואַוועל.

געענדיקט דעם וואַרשעווער קאַדעטן־קאָרפּוס. אין די יאָרן 1776—1783 אָנטײלגענומען אַלס פרייוויליקער אין דער באַפרייונגס־מלחמה פון די צפון־אַמעריקאַנער קאָלאָניעס און זיך דערדינט דעם ראַנג פון אַ בריגאַדע־גענעראַל. אין 1794 זיך געשטעלט בראָש פון פוילישן אויפשטאַנד קעגן צאַרישן יאָך. אָפּגעהאַלטן ביי ראַצלאַוויץ דעם ערשטן גרויסן נצחון איבערן צאַרישן מיליטער. אין דער שלאַכט ביי מאַצעיאָוויץ שווער פאַרווונדעט געוואָרן, געקומען אין געפאַנגענשאַפט און פאַרשפאַרט אין דער פעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג. אין 1796 באַפרייט פון תפיסה. אַ ביסל צייט געלעבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פראַנקרייך און צום סוף אין שווייצאַריע, וווּ געשטאָרבן.

אין זיין באַפרייונגס־אַרמיי האָט געקעמפט אַ יידישער פּאָלק אונטער דער אָנפירונג פון בערעק יאָסעלעוויטש.

## געאָרג בראַנדעס

### (מאָריס קאָהען)



ליטעראַטור־היסטאָריקער און ליטעראַטור־קריטיקער.

געב. 1842.2.4 אין קאָפּענהאַגן, אין אַ בורזשואַזער יידישער היים. געשט. 1927.2.19, דאָרטן.

זיין וויכטיקסט ווערק: „הויפט־שטרעמונגען אין דער אייראָפּעישער ליטעראַטור פון XIX י.ה." אין זעקס בענדער (פאַראַן אויך אין יידיש). אויסערדעם: „לאַסאַל", „לודוויק האָלבער" א.א.

# 5 פעברואַר

## דוד־בעריש מייזעלס



געב. אין 1798, אין קאָטשין, ראַדאָמער געגנט. געשטאָרבן 1870.2.5, אין וואַרשע.
רב און פּאָליטישער טוער. שטאַמט פון אַן אַלטער קראָקעווער רבנים־משפּחה. במשך פון 25 יאָר געווען רב אין קראָקע (1832—1857). גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט. אין 1846 געוואָרן אויסגעוויילט צווישן די 12 סענאַטאָרן פון דער שטאָט, פאַרשטייער פון קראָקע אין עסטרייכישן רייכס־ראַט. אין 1856 אויסגעוויילט אַלס רב פון וואַרשע. גערופן די יידן אָנטייל־צונעמען אין אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער קנעכטשאַפט.

## ד״ר צמח שאַבאַד



ד״ר מעדיצין, געזעלשאַפטלעכער טוער, שריפטשטעלער. געב. 1864.2.5, אין ווילנע. געשט. 1935.1.20, דאָרטן. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן מיט אַ סעריע נאַטור־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען אין רוסיש. שפּעטער אַריבער צו יידיש. האָט רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן דעם „ווילנער זאַמל־בוך“ (1916, אין צוויי בענדער), מיטרעדאַקטאָר פון „פּנקס פון ווילנע בעת דער מלחמה און אָקופּאַציע“. זינט 1922 — רעדאַקטאָר פון פּאָפּולערן צווייוואָכנזשורנאַל „פאָלקס־געזונט“. געשריבן בראָשורן וועגן מעדיצין און היגיענע. איינער פון די גרינדער און וויכטיקע טוער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין ווילנע, מיטגרינדער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

צו גליק באַדאַרף מען קיין חכמה ניט.

איז דען דיין טאַטע אַ גלעזער? (ווען איינער פאַרשטעלט).

אַ גנב פון אַ גנב איז פּטור.

אויפן גנב ברענט דאָס היטל.

# 6 פֿעברואַר

## אייזיק זאַרעצקי



סאָוויעטיש־ייִדישער פֿילאָלאָג.
געב. 1891.2.6, אין פּינסק, ווײַסרוסלאַנד. געשטאָרבן 1956.8.27, אין קורסק, ראַטנפֿאַרבאַנד.
באַרעפֿנטלעכט אין די ייִדיש־סאָוועטישע זשורנאַלן און פּעריאָדישע אויסגאַבעס אַן ערך 300 אַרטיקלען און גרע־סערע אַרבעטן.
אין בוכפֿאָרם: „פּראַקטישע ייִדישע גראַמאַטיק", „גרייזן און ספֿקות", „קורס פֿון ייִדישער שפּראַך", „ייִדישע שפּראַך פֿאַר לערער", „פֿאַר אַ פּראָלעטאַרישער שפּראַך". „ייִדישע פּונקטואַציע" (צוזאַמען מיט ע. פֿאַלקאָוויטש), „מעטאַריק פֿון ייִדיש", „וועגן אַן אייניקייטלעכער ייִדישער שפּראַך", „כּללים פֿון דעם רעפֿאָרמירטן ייִדישן אויסלייג" א.א.

### פֿון ייִדישן פֿאָלקס־אוצר

פֿון אַ פֿעטן באָק און אַ קאַרגן גביר געניסט מען ערשט נאָכן טויט.

ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן.

אַז גנבֿים שלאָגן זיך, קומט אַרויס די גנבֿה.

גיי פּאַוואָליע וועסטו גיך קומען.

עס איז ניטאָ מיט וועמען צום טיש צו גיין.

אַז מען איז געזונט איז מען שוין רײַך.

אַז מען צאָלט געלט איז ווערט געלט.

געלט ציט צו געלט.

געלט פֿאַרענטפֿערט אַלע קשיות.

פֿאַר געלט באַקומט מען אַלץ, נאָר נישט קיין שכל.

# 7 פֿעברואַר



## טשאַרלז דיקענס

ענגלישער שרייבער־ראָמאַניסט.

געב. 1812.2.7. געשט. 1870.6.9.

וויכטיקסטע ווערק: „דאָמבי און זון“, „דייוויד קאָפּער־פילד“, „אָליווער טוויסט“, „דאָס קאַלטע הויז“, „שווערע צייטן“, „די געשיכטע פֿון צוויי שטעט“ (די ערשטע דריי פֿאַראַן אויך אין יידיש).



## משה סטאַווסקי

יידיש־העברעישער שריפֿטשטעלער.

געב. 2.7. 1883, אין אַנטאָפּאָל, גראָדנער געגנט. געשט. 1964.6.24 אין תל־אביב.

דעבוטירט אין 1906. באַרימט געוואָרן מיט זיינע דער־ציילונגען וועגן בעלי־חיים („לבן הארמי“, „די מאמע“ א.אנד.).

אין בוכפֿאָרם: „אידיליעס און בילדער“, „שטומע פֿריינט“, „ווען טאָג פֿאַרגייט“, „אַראָבער דערציילן“.

## נאַזים היקמעט

(ראַן)



טערקישער פּאָעט און דראַמאַטורג, פּאָליטיש־געזעל־שאַפֿטלעכער טוער.

געב. 1902.2.7, אין סאַלאָניק, גריכנלאַנד. געשט. פֿון אַ האַרץ־אַטאַק דעם 1963.6.3, אין מאָסקווע.

שטאַמט פֿון אַ יחוסדיקער טערקישער משפּחה. פֿרי צו־געשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מיט־גליד פֿון דער טערקישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פֿאַר־משפּט געוואָרן אויף 28 יאָר תפֿיסה, נאָר אונטערן דרוק פֿון די פּראָטעסטן אין דער גאָרער וועלט איז ער נאָכן אָפּזיצן 17 יאָר באַפֿרייט געוואָרן אין 1950 און פֿאַרלאָזן טערקיי.

# 8 פעברואַר

## זשול ווערן



געב. 1828.2.8, אין נאַנט, פראַנקרייך. געשט. 1905.3.24, אין אַמיען, פראַנקרייך.

מחבר פון וויסנשאַפטלעך־פאַנטאַסטישע ראָמאַנען. די באַרימטסטע: „די קינדער פון קאַפּיטאַן גראַנט“, „20 טויזנט מייל אונטערן וואַסער“, „אין 80 טעג אַרום דער וועלט“ (די מערסטע פון זיינע ראָמאַנען זענען פאַראַן אויך אין יידיש).

## דמיטרי מענדעלעיעוו



געלערנטער־כעמיקער.

געב. 1834.2.8, אין טאָבאָלסק, סיביר. געשט. 1907.2.2, אין פעטערבורג.

שטודירט אין פעטערבורג. פון 1864 — פּראָפעסאָר פון דאָרטיקן אינסטיטוט פאַר פּראַקטישער טעכנאָלאָגיע (כעמישער פאַקולטעט) און שפּעטער פון אוניווערסיטעט. אַנטדעקט דעם פּעריאָדישן געזעץ פון די כעמישע עלעמענטן („מענדעלעיעוו־טאַבעלן“).

## באַווער־פּאַווער (גרשון איינבינדער)



קינדער־שרייבער, דערציילער און דראַמאַטורג.

געב. 1900.2.8, אין בערשאַד, פּאָדאָליע, ביי א טאַטן א וואַלד־סוחר. געשט. 12.7 .1964, אין לאָס אַנדזשעלעס. געלערנט אין חדר און ישיבה. נאָך דער פּאָגראָם־כוואַליע אין רוסלאַנד אַוועק קיין רומעניע און פון דאָרט קיין אַמעריקע (1923). דעביוטירט אין 1921. גלייכצייטיק געאַרבעט אַלס לערער. זיך געדרוקט אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן, אין דעם פיל פאַר קינדער. א זאַמלונג פון זיינע קינדער־מעשיות א.נ. „מעשהלעך פון באַווער־פּאַווער“ איז דערשינען אין צוויי בענדער אין פאַרלאַג א.נ. „מתנות“ (ניו־יאָרק, 1925). אויסערדעם: „קלינטאָן סטריט“ (ראָמאַן), „צען לאַנדסלייט“ (ראָמאַן), „פון יענער זייט טייך“, „לאַבזיק“, „לעבנס אויפן וואָגשאָל“, „וואָוויק“, „גיבורים פון דער נאַכט“, „זלמן דער שוסטער“, „גרשון מאיר דעם בלינדנס“, „גרשון אין אַמעריקע“.

# 9 פעברואַר

משה קולבאַק

## זומער

היינט האָט די וועלט זיך אויפגעוויקלט ווידער ניי;
דער גראָבער קנאָספּ, די פולע ערד, די גרינע שושקעריי —
ס'האָט אַלץ געציטערט, ווי אַ שטייפער מיידל־לייב
פאַרציטערט ווערט פון שאַרפער פרייד ביים ווערן ווייב...

און איך בין, ווי אַ קאַיִן, געלעגן אויפן מיט פון פעלד,
ווו ס'האָט געשפּריצט, געבליצט, געפינקלט און געהעלט,
איין אויג פאַרשמירט מיט זון, דאָס צווייטע — צוגעמאַכט,
כ'האָב שווייגעדיק געקוואָלן, שווייגעדיק געלאַכט...
אַריבער מיילן פליין, און וואַלד, און טאָל —
דאָ וואַלגער איך זיך אום — אַ בלאַנקער, האַרטער שטאָל.



זשיל פּאַסקין: — מױדל־אַקט

# 10 פעברואַר

## שלמה גילבערט

שרייבער.

געב. 1885.2.10, אין ראַדזימין, ביי װאַרשע. אומגעקומען אין אויגוסט 1942, אין טרעבלינקע, װוהין אַרויסגעשיקט געװאָרן פון װאַרשעװער געטאָ.

װערק: „נאָװעלן“, „משיחס טריט“ (דראַמאַטישע פּאָעמע), „דער קעלער“ (קאָמעדיע), „דערציילונגען און דראַמעס“.

## בערטאָלט ברעכט



דייטשישער דראַמאַטורג.

געב. 1898.2.10, אין אויגסבורג, דייטשלאַנד. געשט. 1956.8.14, אין בערלין.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע דראַמאַטורגן פון אונדזער צייט. געשאַפן אַן אייגענע טעאַטער־ריכטונג און שטאַרק באַװירקט דאָס הײנטיקע מאָדערנע טעאַטער.

װיכטיקסטע װערק: „אָפּערע פאַר דריי גראָשן“ (פּיעסע און ראָמאַן), „מוטער קוראַזש“, „קאַװקאַזער קרייד־קרייז“, „קאַריערע פון אַרטור אואי“, „גוטע און עלנט פון דריטן רייך“, ליריק און עסייען.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

א בלינד הינדל געפינט אויך אמאָל א קערנדל.

װעסט עס זען װי דיין לינקן אויער אָן א שפּיגל.

קאָכן קאָכט מען אין טאָפּ און כבוד גיט מען אָפּ דעם טעלער.

אז מען האָט נישט װאָס צו טאָן, שלאָגט מען זיך קאָפּ אין דער װאַנט.

דער װאָס טרינקט זיך, כאַפּט זיך אָן אפילו אין א שטרוי.

ביזט משוגע — שלאָג זיך דעם אייגענעם קאָפּ.

גיי זוך א נאָדל אין א װאָגן היי.

# 11 פעברואַר

## טאָמאַס עדיסאָן



אַמעריקאַנער דערפינדער פון האָלענדישער אָפּשטאַמונג.
געב. 1847.2.11, אין די פאַראייניקטע שטאַטן. געשט.
1931.10.18, דאָרטן.
האָט אויסגעבעסערט דעם טעלעגראַף, דערפונדן דעם מי־
קראָפאָן, דעם פאָנאָגראַף, דאָס עלעקטרישע לעמפּל, מע־
גאַפאָן, אָפּטישן טעלעגראַף, אויסגעבעסערט דעם אַקו־
מולאַטאָר און פיל־פיל אַנדערע.

## זאַלקינד (זאַלע) שניאור



העברעיש־יידישער שרייבער.
געב. 1887.2.11, אין שקלאָוו, ווייסרוסלאַנד. געשטאָרבן
1959.2.20, אין ניו־יאָרק.
אין דער נייער העברעישער פּאָעזיע פאַרנעמט שניאור אַן
אָרט לעבן ביאַליקן און טשערניכאָווסקין. אין דער יידישער
ליטעראַטור איז שניאור באַרימט דער עיקר מיט זיינע
ברייט־לייוונטדיקע ראָמאַנען: „שקלאָווער יידן“, „פעטער
זשאַמע“, „עם־הארצים“, „דניעפּער־געשיכטן“, „נח פּאַנ־
דרע“, „דער קיסר און דער רבי“ א.א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אז מען פאַרלאָזט זיך — קריגט מען א פארך אויפן קאָפּ.

אַבי געזונט — צרות וועלן נישט פעלן.

מיט א צרה דאַרף מען זיך נאָר איבערשלאָפן.

אויף יענעם זעט ער אפילו א פליג, אויף זיך — קיין העלפאַנד נישט.

ער איז געבליבן ביי דער בייטש און האלט זיך נאָך אלץ פאר א בעל־עגלה.

גאָט זאָל אויף דיר אָנשיקן אַ נאַר.

גאָט זיצט אויבן און פּאָרט אונטן.

# 12 פעברואַר

## טשאַרלז דאַרווין



ענגלישער נאַטור־פאָרשער.

געב. 1803.2.12. געשט. 1882.3.7.

געענדיקט דעם עדינבורגער אוניווערסיטעט. 5 יאָר גע־רייזט מיט דער שיף „ביגל" ארום דער וועלט. אין 1839 פארעפנטלעכט זיין באַרימטן רייזע־טאָגבוך און אין 20 יאָר שפּעטער — דעם 24 נאָוועמבער 1859 — זיין עפּאָ־כעמאַכנדיק ווערק „דער אָפּשטאַם פון מינים אויפן וועג פון נאַטירלעכן אָפּקלייב" (פאַראַן אויך אין יידיש), אין וועלכן ער באַגרינדעט זיין טעאָריע פון עוואָלוציע.

## שמואל וואָלמאַן

שרייבער.

געב. 1896.2.12, אין קאַלושין ביי וואַרשע. אומגעבראַכט דורך די דייטשן אין 1941, אין קרעמענעץ.

דעביוטירט אין 1919.

אין בוכפאָרם: „גלגולים" (לידער), „זוניקע שויבן" (לידער און פּאָעמעס), „1915—1918, בילדער און סקיצן פון יידישן לעבן אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה", „קינדער־יאָרן" (אויטאָביאָגראַ־פישער ראָמאַן).

## יאָסל קאָטליאַר



סאָוועטיש־יידישער שרייבער.

געב. 1908.2.12, אין בערדיטשעוו, אוקראַינע. געשטאָרבן 1962.6.15, אין ווילנע, וווּ געלעבט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין בוכפאָרם צווישן אַנדערע: „ליכטיקער געבוירן", „ענטוזיאַסטן", „קינדער פון מיין לאַנד", „גלענצנדיקער וועטער", „מיין וועלט", „לידער־מעשהלעך", „אויסגעליי־טע ערד".

באַקאַנט און באַליבט געווען ווי א קינדער־שרייבער. זיי־נע לידער פאַר קינדער זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן פון די פעל־קער פון ראַטנפאַרבאַנד.

# 13 פעברואַר

## איוואַן קרילאָוו



משלים־שרייבער.

געב. 1769.2.13, אין מאָסקווע. געשט. 1844.11.21, אין פּעטערבורג.

לכתחילה ארויסגעטראָטן ווי א דראַמאַטורג אָבער אָן א באַזונדערן דערפאָלג. געשריבן לידער, דערציילונגען, טעאַטער־רעצענזיעס. באַרימט געוואָרן דורך זיינע משלים. דאָ האָט ער צו זיך קיין גלייכן נישט ביז היינט אין דער רוסישער ליטעראַטור. זיינע משלים זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן, אין דעם אויך אין יידיש.

## פיאָדאָר שאַליאַפּין



רוסישער אָפּערן־זינגער.

געב. 1873.2.13, אין קאַזאַן. געשט. 1938.4.12, אין פּאַריז.

געבוירן אין דער משפּחה פון א נידעריקן באַאַמטן. אין דער יוגנט געליטן נויט, געאַרבעט אלס לערנייינגל ביי א שוסטער, שפּעטער אלס טאָקער, איבערשרייבער. זינגט אין כאָר און טרעט אויף אין פּראָווינציאָנעלע אָפּערן־טעאַטערס. זיינע שפּעטערדיקע אויפטריטן אין מאָסקווע, פּעטערבורג און אין אויסלאַנד (אין דער מילאַנער אָפּערע) האָבן אים געמאַכט וועלט־באַרימט. פון גרויס באַדייט פאַר זיין קינסטלערישן וווקס האָט געהאַט די פריינדשאַפט מיט מ. גאָרקי.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אז מען זיצט אין דער היים, צערייסט מען נישט די שטיוול.

ער האָט געהאַט המנס מפּלה.

עס העלפט ווי א טויטן באַנקעס.

עס קלעפּט ווי אַן אַרבעס אין וואַנט.

# 14 פּעברואַר

## יאָסל קאָטליאַר

*　*　*

אין ליטע איז מיין היים, ביים ברעג פון ניעמען.
א פּשוט הויז פון ציגל און פון ליים.
ס׳איז טייער מיר, כ׳וועל זיך נישט איבערנעמען,
ווי יעדן מענטשן טייער איז זיין היים.

ס׳פרייען זיך די טייבעלעך די קלאָרע,
ווען דער דרויסן זוניק איז און פריש,
פּונקט, ווי אלע הייזער, קיין עין הרע,
אין מאָסקווע, אין נעאפּאָל, אין פּאַריז.

פריינד געטרייער,
לאָמיר ביידע געבן זיך די הענט.
אונדזער שטאָט זאָל מער נישט וויסן פון קיין פייער,
אונדזער היים זאָל מער נישט ווערן אָפּגעברענט.

# 15 פֿעברואַר

## גאַלילעאָ גאַלילײ



איטאַליעניִשער פֿיזיקער, אַסטראָנאָם און דענקער.
געב. 1564.2.15, אין פּיזע, געשט. 1642.1.8, אין
אַרטשעטרי בײַ פֿלאָרענץ, באַערדיקט אין פֿלאָרענץ, אין
קלױסטער סאַנטאַ־קראָטשע, לעבן מיקעלאַנדזשעלאָ.
פֿאַרפֿאָלגט געװאָרן דורך דער אינקװיזיציע. געהאַט א
גרױסע װירקונג אױף דער װײַטערדיקער אַנטװיקלונג פֿון
דער װיסנשאַפֿט. געבליבן אױף אַלע צײַטן זײַן דערקלע־
רונג: „און דאָך דרײט זי זיך“ (די ערד).

## יהודה־לײב כהן



פֿילאָלאָג, זאַמלער פֿון ײדישן פֿאָלקלאָר, באַזונדערס פֿון
ײדישן פֿאָלקס־ליד.

געב. 1881.2.15, אין װילנע. געשט. 1937.4.3, אין ניו־
יאָרק.

פֿון 1904 — אין אַמעריקע, אַרױסגעגעבן 2 בענדער
„ײדישע פֿאָלקס־לידער מיט מעלאָדיעס“ (1912), א זאַמ־
לונג „ײדישע פֿאָלקס־מעשׂיות“ (1929).

### פֿון ײדישן פֿאָלקס־אוצר

גיס ניט אַרױס דאָס אומרײנע װאַסער, כּל־זמן דו האָסט ניט קײן רײנע.

שטיל װאַסער גראָבט טיף.

א װאָרט איז ערגער פֿון א פּאַטש.

דאָס װאָרט אינעם מױל איז א האַר, פֿונעם מױל איז עס א נאַר.

פֿון א װאָרט װערט א קװאַרט.

אַז מען לײגט זיך אָן װעטשערע איז נידעריק צוקאָפּנס.

# 16 פעברואַר

## נפתלי וויניג

### (נפתלי ראָזען)

קריטיקער, עטנאָגראַף, עטנאָלאָג, פאָלקלאָריסט.

געב. 1897.2.16, אין טאַרנאָוו, מערב־גאַליציע. אומגעקומען אין מײַדאַ־נעק, אין סעפּטעמבער 1943 (לויט אַן אַנדער ווערסיע — אין גאַרווע, עסט־לאַנד, זומער 1943).

שטודירט פילאָזאָפיע און ליטעראַטור אין קראָקעווער אוניווערסיטעט. געאַרבעט אין ווילנע ווי אַ לערער אין יידישע שולן, געדרוקט זיך אין אַ גאַנצער רײ צייטונגען און צייטשריפטן, צווישן אַנדערן אין די „ליטעראַרישע בלעטער".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אז דער וואָרעם זיצט אין כריין, מיינט ער, אז עס איז גאָר קיין זיסערס אויף דער וועלט ניט פאַראַן.

אז מען לייגט זיך נישט געגעסן, שטייט מען אויף נישט געשלאָפן.

רבונו של עולם! אַ וועלט האָסטו באַשאַפן — אַזאַ יאָר אויף מיר; פירן פירט זי זיך — אַזאַ יאָר אויף מיינע שונאים.

ער איז ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים.

וואָס ער זאָגט, מיינט ער ניט, און וואָס ער מיינט, זאָגט ער ניט.

פון זאָגן ווערט מען ניט טראַגעדיק.

דער זאַטער גלויבט ניט דעם הונגעריקן.

זיבן איז אַ ליגן.

וו מען זייט אים ניט, דאַרטן וואַקסט ער.

ער זיצט אין געהאַקטע ווונדן.

אַ סך זמירות און וויניק לאָקשן.

# 17 פעברואַר

## דזשאָרדאַנאָ (פיליפּאָ) ברונאָ



איטאַליענישער דענקער, אַטעיסט.

געב. אין 1548, אין נאָלאַ, לעבן נעאַפּאָל. פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן אין רוים, דעם 17 פעברואַר 1600.

פרי אַוועק אין א מאָנאַסטיר. שפּעטער פון אים אַנטלאָפן. געלייענט לעקציעס אין פראַנקרייך און ענגלאַנד. זיך צוריקגעקערט קיין איטאַליע, דורך דער אינקוויזיציע פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט פאַר כפירה. דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אין רוים.

## נחמן קראָכמאַל

שריפטשטעלער־משכיל.

געב. 1785.2.17, אין בראָד, גאַליציע. געשט. 1840.7.31, אין טאַרנאָפּאָל.

איינער פון די פּיאָנערן פון דער השכלה אין גאַליציע. געווען א קעמפערישע נאַטור און ארום אים האָבן זיך געזאַמלט די פאָרגעשריטענע מענטשן פון זיין צייט, אויף וועלכע ער האָט געהאַט א גרויסע השפּעה.

זיין וויכטיקסט ווערק „מורה נבוכי הזמן“, איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך לעאָפּאָלד צונצן אין 1851, שוין נאָך קראָכמאַלס טויט.

## אָסיף דימאָוו
### (יוסף פערעלמאַן)



שרייבער.

געב. דעם 1878.2.17, אין ביאַליסטאָק, פוילן. געשט. 1959.2.3, אין ניו־יאָרק.

דעביוטירט אין רוסיש, אין 1892, מיט הומאָרעסקעס. מיטגעאַרבעט אין רוסישע צייטונגען. אין 1907 אָנגעהויבן שרייבן אין יידיש. אין זעלבן יאָר אָנגעשריבן די דראַמע „שמע ישראל“, וועלכע איז געשפּילט געוואָרן אויף דער רוסישער און יידישער בינע. פון 1912 — אין אַמעריקע. געשריבן דערציילונגען, פעליעטאָנען, הומאָרעסקעס, דראַמעס. דער עיקר באַרימט אלס דראַמאַטורג.

אין בוכפאָרם: „וואָס איך געדענק“ (זכרונות אין צוויי בענדער), א ריי פּיעסן, ווי „דער זינגער פון זיין טרויער“ („יאָשקע מוזיקאַנט“), „ברויט“, „דעם רבינס חתונה“, „בראָנקס־עקספּרעס“ א.א.

# 18 פעברואַר

## אברהם רייזען

### א געזינט זאַלבע אַכט

א געזינט זאלבע אכט,<br>
און בעטן נאָר צוויי —<br>
און קומט אָן די נאַכט,<br>
ווו שלאָפן דאן זיי?

דריי מיטן טאטן,<br>
און דריי מיט דער מאַמען —<br>
הענטלעך און פיסלעך<br>
געפלאָכטן צוזאמען.

און קומט אָן די נאכט,<br>
מען דארף זיך אויסבעטן,<br>
דאן הייבט אָן די מוטער<br>
דעם טויט אויף זיך בעטן.

זי מיינט מיט אן אמת<br>
עס איז נישט קיין וונדער:<br>
אויך ענג איז אין קבר,<br>
דאָך ליגט מען באזונדער...

# 19 פֿעברואַר

## מיקאָליי קאָפּערניק



פּויליישער אַסטראָנאָם.
געב. 1473.2.19, אין טאָרון, פּוילן. געשט. 1543.5.24, אין פֿראָמבאָרק, וואַרמיע, פּוילן.
אין זיין הויפּט־ווערק „וועגן דער באַוועגונג פֿון די הימ־לישע קערפּערס" האָט קאָפּערניק דערוויזן, אַז נישט די ערד איז דער צענטער, ארום וועלכן עס באַוועגן זיך אַלע איבעריקע פּלאַנעטן פֿון אונדזער סיסטעם, נאָר די זון, און דערמיט געמאַכט אַז איבערקערעניש אין דער וויסנ־שאַפֿט, וועלכע האָט זיך ביז אים געהאַלטן ביי דער קירכלעכער דאָגמע, אַז אונדזער ערד איז דער צענטער פֿון דער וועלט.

## שמעון דימאַנשטיין



געב. 1888.2.19, אין סעבעזש, וויטעבסקער געגנט, וויים־רוסלאַנד. געשט. אין 1937 אין פֿאַרשיקונג.
זייער יונג צוגעשטאַנען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. פֿאַרשיקט קיין סיביר. אַנטלאָפֿן קיין פּאַריז (1910). נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — קאָמיסאַר פֿאַר יידישע ענינים, רעדאַקטאָר פֿון די ערשטע קאָמוניסטישע צייטונגען אין יידיש. מחבר פֿון א גאַנצער ריי ווערק. בעת דער ראַטנמאַכט אין ווילנע אין 1919 — פֿאָלקס־קאָמיסאַר פֿאַר דערנערונג און אַרבעט, פֿאַרטרעטער פֿון פֿאָרזיצער פֿון קאָמיסאַרן־ראַט.
אין בוך־פֿאָרם: „ביים ליכט פֿון קאָמוניזם", „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די יידישע מאַסן אין דער רעוואָלוציע פֿון 1905 יאָר", „פּראָבלעמען פֿון נאַציאָנאַלער קולטור" א.א.

# 20 פעברואַר

## פּראָפ. מאיר־שמואל באַלאַבאַן



היסטאָריקער.
געב. 1877.2.20, אין לעמבערג. געשט. 1942.12.26, אין וואַרשעווער געטאָ.
שטודירט פילאָזאָפיע און געשיכטע אין לעמבערגער או־ניווערסיטעט. פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט (1926). איינער פון די גרינדער פון יודאַיסטישן אינסטי־טוט אין וואַרשע.
געשריבן אין פּויליש, דייטש, יידיש און העברעיש.
וויכטיקסטע ארבעטן: „יידן אין לעמבערג אויף דער גרענעץ פון 16 און 17 י״ה“, „געשיכטע פון יידן אין קראָקע“ (2 בענדער), „צו דער געשיכטע פון די יידישע דרוקערייען אין פּוילן“, „יידן אין פּוילן“ (שטודיעס און שילדערונגען פון פאַרגאַנגענע תקופות), „די יידנשטאָט לובלין“.

## בעלא קון



טוער פון דער אונגאַרישער און אינטערנאַציאָנאַלער אר־בעטער־באַוועגונג.
געב. 1886.2.20, אין שילאַגיטש (רומעניש מאַראַמורעש).
געפאַלן א קרבן פון סטאַלין־קולט דעם 1939.11.30.
אין 1916 ארייננעפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט.
טרעט אריין אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און שטעלט זיך בראש פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג צווישן די קריגס־געפאַנגענע פרייער אין טאָמסק און דאַן אין מאָסקווע. אין נאָוועמבער 1918 קערט ער זיך אום קיין אונגאַרן, ווו ער איז איינער פון די מיטגרינדער און סעקרעטאַר פון דער אונגאַרי־שער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין נאָמען פון דער פּאַרטיי פּראָקלאַמירט ער דעם 21 מערץ 1919 די אונגאַרישע ראַטנרעפּובליק, פאַרנעמענדיק דעם פּאָסטן פון קאָמיסאַר פאַר אויסערן־ענינים. נאָכן פאַל פון דער רעוואָלוציע אינטערנירט אין עסטרייך, פון וואַנען אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד. פון 1921 ביז 1936 געווען איי־נער פון די פירנדיקע טוער פון קאָמינטערן.

# 21 פּעברואַר

## מאוריצי (מאיר) גאָטליב



מאָלער.

געב. 1856.2.21, אין דראָהאָביטש, גאַליציע. געשטאָרבן 1879.7.17, אין 23־סטן לעבנסיאָר, אין קראָקע.

זיך געלערנט מאָלן אין לעמבערג, שפּעטער אין ווין, קראָקע (ביי יאַן מאַטייקאָ), מינכען. געמאָלט פּאָרטרעטן און בילדער אויף יידישער טעמאַטיק: „שיי־לאָק און דזשעסיקע“, „אוריאל אַקאָסטאַ“, „יהודית“ „יידן ביים דאַווגען“. אילוסטרירט לעסינגס „נתן דער חכם“, די מגילה „רות“ א.א. געווען שעפעריש טעטיק קוים 5—6 יאָר און האָט באוויזן צו פאַרנעמען א באַדייטנדיק אָרט אין דער געשיכטע פון דער פּוילישער קונסט.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דו ווײסט עס שוין זען ווי דײַנע אויערן.

אז מען כאַפּט, בריט מען זיך אָפּ.

איז דאָס דיין, וואָס כאַפּסטו — איז דאָס ניט דיין, וואָס־זשע כאַפּסטו?

אז עס איז דאָ אין טאָפּ, איז דאָ אין טעלער.

ארום א פּעטן טאָפּ איז זיך גוט צו רייבן.

אז מען האָט ניט וואָס צו טאָן, נעמט מען זיך צו קהלישע זאכן.

ניט אזוי גיך טוט זיך ווי עס רעדט זיך.

געבראָטענע טייבעלעך פליען ניט אין מויל אריין.

אין א גרויסן טייך כאַפּט מען גרויסע פיש.

דער וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן אָן שאַרף פון שווערד.

עס זאָל זיך נישט טרעפן, וואָס עס קאָן זיך טרעפן.

# 22 פעברואַר

## יצחק־מרדכי יאָסט



היסטאָריקער. איינער פון די גרונטלייגער פון דער מאָ־
דערנער יידישער היסטאָריאָגראַפיע.
געב. 1793.2.22, אין בערענבורג, דייטשלאַנד. געשט.
1860.11.22, אין פראַנקפורט אויפן מאַין.
וויכטיקסטע ווערק: „געשיכטע פון די איזראַעליטן" (9
בענדער, 1820—1829), „נייע געשיכטע פון די איזראַע־
ליטן — פון 1815 ביז 1845" (3 בענדער), „געשיכטע
פון יידנטום און זיינע סעקטעס", „פּאָפּולערע אַלגעמיינע
געשיכטע פון דעם איזראַעליטישן פאָלק" (2 בענדער), אַן
אַרבעט וועגן יידיש „יודען־טייטש" (אין גרובערס ענציקלאָפּעדיע). געשריבן אין
דייטש. געווען איינער פון די פירער פון דער בערלינער השכלה.

## פרידעריק שאָפּען



פוילישער קאָמפּאָזיטאָר און פּיאַניסט־ווירטואָז.
געב. 1810.2.22, אין סטאַלאָוואָ וואָלאַ ביי וואַרשע. גע־
שטאָרבן אין עלטער פון 39 יאָר דעם 1849.10.17, אין
פּאַריז, וווּ געלעבט זינט 1830. געשריבן מוזיק אויס־
שליסלעך פאַר קלאַוויר. זיין שאַפן געהערט צו די שפּיצן
פון דער פּיאַניסטישער וועלט־ליטעראַטור.

## אויגוסט בעבעל



פירער פון דייטשישן אַרבעטער־קלאַס, אָנגעזעענער טוער
פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.
געב. 1840.2.22, אין קעלן, אין אַן אָרעמער משפּחה. גע־
שטאָרבן 1913.8.13.
קוים געענדיקט אַ פאָלקס־שול און געמוזט פאַרדינען אויף
ברויט אַלס טאָקער־געזעל. פרי צוגעשטאַנען צו דער אַרבע־
טער־באַוועגונג. טוער אין די פראָפאַריינען, ערשטער אַר־
בעטער־דעפּוטאַט אין דייטשישן רייכסטאַג. פיל מאָל געשטעלט געוואָרן פאַר
געריכט און אָפּגעזעסן אַן ערך 6 יאָר אין די תפיסות.
וויכטיקסטע ווערק: „פון מיין לעבן" און „די פרוי און דער סאָציאַליזם" (פאַ־
ראַן אויך אין יידיש).

# אייזיק סאַמבערג

## (יצחק־אייזיק סאַמבאָרעק)



שוישפּילער.
געב. 1889.2.22, אין ווארשע. אומגעקומען (לויט ע. רינגעל־בלום) דעם 1943.11.7, אין פּאָניאַטאָווער לאַגער, ווו ער איז ארויסגעפירט געוואָרן פון ווארשעווער געטאָ.
באַרימט געוואָרן אין די ראָלן פון אַש־רעפּערטואַר („פּאַר אונדזער גלויבן", „מאָטקע גנב", „גאָט פון נקמה", „קידוש השם"), איבערצייגנדיק קרעאירט ראָלן אין גאָגאָלס „רעוויזאָר", מאָליערס „קאַרגער", שלום־עליכמס „דאָס גרויסע געווינס", ביכנערס „דאַנטאָנס טויט" און פיל אנדערע ראָלן אין בעסערן יידישן טעאטער.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אזא יאָר אויף מיר ווי צוקער איז זיס (און ווי ווארשע איז א שיינע שטאָט).

אז דער ייד איז גערעכט, כאפּט ער ערשט קלעפּ.

אז מען דארף דעם גנב, נעמט מען אים אראָפּ פון דער תליה.

יעדער גנב האָט זיך זיין תירוץ.

פאר א גנב איז ניטאָ קיין שלאָס.

פאר א היימישן גנב קאָן מען זיך ניט איינהיטן.

ער איז געבוירן אין א הייבל.

אז מען גייט גלייך פאלט מען ניט.

אז עס גייט לויפט עס.

דאָס גוטע געדענקט זיך לאנג, דאָס שלעכטע — נאָך לענגער.

אז גלאָז ברעכט זיך, איז א סימן אויף גוטן.

ווען דאָס גליק שפּילט, דער טרעפט אפילו אומגעצילט.

# 23 פעברואַר

## געאָרג פרידריך הענדעל



קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1685.2.23, אין האַלע, דייטשלאַנד. געש. 1759.4.14, אין לאָנדאָן, ווו געלעבט כמעט 50 יאָר.
קירכן־אָרגאַניסט ביי זיך אין דער היים־שטאָט. אין 1703 אריבערגעפאָרן קיין האַמבורג, דאַן אין איטאַליע, פון דאָרט קיין ענגלאַנד, ווו ער האָט זיך אין יאָר 1717 באַזעצט אויף שטענדיק.
מחבר פון אַן ערך 40 אָפּערעס און אָראַטאָריעס (אין דעם „יהודה המכבי", „שמשון", „יפתח", „שאול", „שלמה").

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

זיי לעבן ווי טויבן און רייסן זיך ארום ווי קעץ.

כל־זמן מען לעבט איז אלץ צו ווייניק.

ער לייגט זיך אויפן בענקל.

מען לעקט דערפון די פינגער.

ער לערנט זיך אויף א פרעמדער באָרד שערן.

אז דער מאן איז א רב איז דאָס ווייב א רביצן.

קיינער ווייסט ניט וועמענס מאָרגן עס איז.

אלץ איז ביי יידן צו ווייניק, נאָר שכל האָט יעדער גענוג.

אלע יידן קענען זיין חזנים, נאָר דאָס רוב זיינען זיי הייזעריק.

א ייד איז יעדן גרויס אין די אויגן.

בעסער אַ ביסל און רעכטס, איידער אַ פולע און שלעכטס.

זאָג דער קאַץ, אַז די בלינצע קאָסט א גילדן, נעמט זי פאָרט.

ווי עס פאַלט אַ שטיין טרעפט ער דעם יידן.

# 24 פעברואַר

## ישראל זאַנגוויל



ענגליש־יידישער שרייבער.

געב. 1864.2.24, אין לאָנדאָן, געשט. 1926.8.1, דאָרטן.
שטאַמט פון אַן עמיגראַנטן־משפחה פון פוילן.

וויכטיקסטע ווערק: „דער קעניג פון די שנאָרערס" (דראַמע), „די קינדער פון געטאָ", „טרוימער פון געטאָ".
טעריטאָריאַליסט. גרינדער פון דער ייט"אָ („יידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע", לאָנדאָן, 1905).

## שמואל־יעקב אימבער



דיכטער.
געב. 1889.2.24, אין יעזשערנע, גאַליציע. אומגעקומען — לויט איין ווערסיע — אין זיין היימשטעטל. לויט דער צווייטער — אין זלאָטשעווער געטאָ, גאַליציע, אין 1942.
„איינער פון די ערשטע מאָדערנע יידישע דיכטער פון גאַליציע" (אברהם רייזען).

אין בוכפאָרם: „וואָס איך זינג און זאָג" (לידער), „אַסתרקע" (פּאָעמע), „רויזנבלעטער", „וויקטאָריע", „וואַלד־אויס, וואַלד־איין" א.א. א סך יאָרן געלעבט אין קראָקע, ארויסגעגעבן א צייטשריפט אין פויליש, ווו געקעמפט קעגן אנטיסעמיטיזם.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ביסט א מאַן — טאָ גיב פרנסה.

א מבין ווי א חזיר אויף הייוון.

מען הערט די מגילה ווי דעם רב, דעם רב ווי די מגילה — און ביידע אינאיינעם ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי.

אז א מאַמע שרייט אויף איר קינד: ממזר! מעג מען איר גלויבן.

# 25 פֿעברואַר

## יוסף פּערל



משכּיל און שרייבער.
געב. 1773.2.25, אין טאַרנאָפּאָל, גאַליציע. געשטאָרבן דאָרטן, אין 1839.
שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן חסידיזם. זיין אַנטי־חסידישע פּאַראָדיע „מגלה טמירין" איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן הן אין העברעיש, הן אין יידיש. די העברעישע ווערסיע איז דערשינען אין 1819, די יידישע — ערשט אין 1937, אין ווילנע (יוסף פּערל — „יידישע כתבים", ביבליאָטעק פֿון ייוואָ).

## יעקב מעסטעל



אַקטיאָר, שריפֿטשטעלער און פּראָגרעסיווער געזעלשאַפֿט־לעכער טוער אין אַמעריקע, וווּ אויסגעוואַנדערט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.
געב. 1884.2.25, אין זלאָטשעוו, גאַליציע. געשטאָרבן 1958.8.15, אין ניו־יאָרק.
אין בוכפֿאָרם: „פֿאַרהלומטע וועגן" (לידער), „דמיונות" (דראַמאַטישע טרילאָגיע), „מלחמה־נאָטיצן פֿון אַ יידישן אָפֿיציר". געווען אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פֿון דער „אַ'קוף"־באַוועגונג אין אַמעריקע.

### פֿון יידישן פֿאָלקס־אוצר

אַז אַ יונג מיידל נעמט אַן אַלטן מאַן, בלייבט זי אַ יונגע אלמנה
אַז מען מאַכט אַ מיידל ניט חתונה, מאַכט זי זיך אַליין חתונה.
אַז די מויז איז זאַט איז דאָס מעל ביטער.
אַן מזל זאָל מען בעסער ניט געבוירן ווערן.

# 26 פּעברואַר

ש. ש. פרוג

## אין אַ ווינטער־נאַכט

די באָבעניו זיצט מיטן זאָק אין דער האנט.
דאָס לעמפּעלע צאנקט. פון די שפּיזלען
צעווינגן זיך, לויפן ארום אויף דער וואנט
אי חיות, אי פויגל, אי ריזן...

די באבעניו שווייגט... אלע מעשיות שוין לאנג
אונדז איבערדערציילט פארן זומער...
אין הארצן ביי איר ליגט א גיפטיקע שלאנג,
א טיפער, א גליענדיקער קומער...

אין דרויסן איז פינצטער, אין דרויסן איז קאלט,
דער שניי האָט די סטעזשקעס פארשאָטן...
אן אומעטיק בילד, א פארטרויערט געשטאלט
שוועבט לאנגזאַם און שטיל ווי א שאָטן...

די אַלטיטשקע זיצט ביי דעם לעמפּעלע, שווער
און טיף איז איר רוקן געבויגן...
זי זיפצט און זי שעפּטשעט... א טרער נאָך א טרער
באַלויכטן די טונקעלע אויגן...

# 27 פעברואַר

## וויקטאָר הוגאָ



געב. 1802.2.27, אין דער משפחה פון אַ נאַפּאָלעאָנישן אָפיציר אין בעזאַנסאָן (פראַנקרייך). געשט. 1885.5.23. באַערדיקט אין פּאַריזער פּאַנטעאָן.

ליריקער, ראָמאַניסט, דראַמאַטורג און קעמפנדיקער הומאַניסט. מיטגליד פון דער פראַנצויזישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. צוליב זיין אַנטיראָיאַליסטישער שטעלונג געמוזט בעת דער הערשאַפט פון נאַפּאָלעאָן III פאַרלאָזן פראַנקרייך. אויף עמיגראַציע שרייבט ער אָן זיין סאַטיריש־פּאָליטישן פּאַמפלעט „נאַפּאָלעאָן דער קליינער“ און „די געשיכטע פון אַ פאַרברעכן“. צוריקגעקומען אין לאַנד ערשט אין 1870.

וויכטיקסטע ווערק: „אָדעס און באַלאַדן“, „קראָמוועל“, „דער גיבור אין קייטן“, „דער מענטש וואָס לאַכט“, „דער קלויסטער פון נאָטר דאַם“, „דאָס 93־סטע יאָר“, „דער טיראַן פון פּאַדוא“. די מערסטע פון זיינע ווערק זענען פאַראַן אויך אין יידיש.

## הענרי וואָדספאָרט לאָנגפעלאָ



אַמעריקאַנער שרייבער.

געב. 1807.2.27, אין פּאָרטלענד. געשט. 1882.3.24, אין קעמבריידזש (שטאַט מאַסאַטשוסעטס).

צו זיינע וויכטיקסטע ווערק געהערן: „לידער וועגן קנעכטשאַפט“ און דער עיקר — „דאָס ליד וועגן הייאַוואַטאַ“ (1855, פאַראַנען אויך אין יידיש), אין וועלכער ער האָט שטאַרק אויסגענוצט דעם אינדיאַנער פאָלקלאָר. מחבר פון ראָמאַנען, נאָוועלן און דראַמען.

## פראַנץ מערינג



געב. 1864.2.27, אין שלאַווע, פּאָמערן. געשט. 1919.1.29, אין בערלין.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע טוער פון לינקן פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, מיטגרינדער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, ביאָגראַף פון קאַרל מאַרקס. אָנגעשריבן צווישן אַנדערן אַ גרויס צוויי־בענדיקע ווערק „די געשיכטע פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“.

## יואל מאַסטבוים



שרייבער.
געב. 1884.2.27, אין מעזריטש, פוילן. געשט. 1957.4.3, אין תל־אביב.
דעביוטירט אין 1906. זיין ערשט ביכל דערציילונגען דערשינען אין 1912, אין ווארשע, א.נ. „פרייע טעג" און גלייך נאָכדעם זיין ראָמאַן „פון רויטן לעבן". פון 1933 — אין ישראל.
וויכטיקסטע ווערק: „אָן א מעלאָדיע" (דראמאטישע פּאָ־עמע), „אין דער פרעמד", „מאריטאס גליק", „גייע מענטשן", „מיינע שטורמישע יאָרן", „דער כוח פון דער ערד".

## זוסמאַן סעגאַלאָוויטש



געב. 1884.2.27, אין ביאליסטאָק. געשט. 1949.2.20, אין ניו־יאָרק.
איינער פון די פּרוּסטבאַרסטע און פּאָפּולערסטע יידישע שרייבער און דיכטער אין פארמלחמהדיקן פוילן.
וויכטיקסטע ווערק: „די ווילדע צילקע", „זעליגס יאָרן" „ראָמאנטישע יאָרן" (טרילאָגיע), „פון רוסלאנד", „רע־גינע" (פּאָעמע), „קרימער נעכט", „שטעגן־וועגן" (נאָ־וועלעטן), „א לעגענדע וועגן זיך", „דער לעצטער לאָ־הזשער" (ראָמאַן).

### ז. סעגאַלאָוויטש

אויף די פעלדער איז עמעץ
א ווייסער געפלויגן,
ער האָט אלע טייכלעך
מיט זילבער באצויגן.

ער האָט אויף די לאָנקעס
זיין מאנטל פארלאָרן...
גאָטס וועלט איז פון דעמאָלט
א ווייסע געוואָרן...

# 28 פעברואַר

## בערטאָלד אויערבאַך



דייטשישער שרייבער.
געב. 1812.2.28, אין נאָרדשטעטען, דייטשלאַנד. געשט. 1882.2.8, אין פראַנקרייך.
שטאַמט פון א יידישער ערד-אַרבעטער-משפּחה. באַרימט געוואָרן דורך זיינע דערציילונגען פון פּויערים-לעבן: „שוואַרצוואַלדער דאָרף-געשיכטעס“, „אויף דער הויך“, „דאָס לאַנד ביים ריין“, „וואַלפריד“, געשריבן אויך ראָמאַנען פון יידישן לעבן: „געטאָ“, „ספּינאָזע, דאָס לעבן פון א דענקער“, „דיכטער און סוחר“.

## ראַשעל (עליזע פעליקס)



באַרימטע פראַנצויזישע טראַגיקערין.
געב. 1821.2.28, אין שווייצאַריע. געשט. 1858 .1.4, אין קאַנע לעבן טולאָן, פראַנקרייך. שטאַמט פון דייטשישע יידן. אלס קינד אויפגעטראָטן אויף די פּאַריזער גאַסן און הייפן. סוף כל סוף זיך דערשלאָגן צו דער בינע. אויפגעטראָטן דער עיקר אויף דער סצענע פון דער „פראַנצויזישער קאָמעדיע“, אויף וועלכער געהאַט א ריזיקן דערפאָלג, באַזונדערס אין די ווערק פון ראַסין און קאָרנעל.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

אז מען האָט די מטבע האָט מען די דעה.

דאָס בעסטע מולכיקס איז פאַרט א שטיקל פלייש.

א מכה איז גוט ביי יענעם אונטערן אָרעם (אָדער: ביי יענעם אויפן האלדז).

מלאכה איז מלוכה.

פון דעם מעל וועט קיין ברויט ניט זיין.

א מענטש איז ווי א סטאָלער — היינט לעבט ער, מאָרגן שטאַרבט ער.

וואָס א מענטש טוט זיך אליין, וואָלטן אים קיין צען שונאים ניט געקאָנט אָפּטאָן.

# 1 מערץ

## שמואל ווינער

ביבליאָגראַף.

[געב. אין 1860 אין באָריסאָוו, ווייסרוסלאַנד. געשטאָרבן אין מערץ 1919, אין פּעטראָגראַד].

אין 1887 איינגעלאַדן געוואָרן דורך דער קייזערלעכער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן אין פּעטערבורג צו ברענגען אין אָרדענונג די ייִדישע און העברעישע ביבליאָטעק פון אַזיאַטישן מוזיי. איבערגעלאָזט אַ פולשטענדיקע ביבליאָגראַפישע רשימה פון אַלע ווען-עס-איז געדרוקטע ביכער אין העברעיש און ייִדיש, ניט דער-ביי אָן אַלע אויסגאַבעס פון יעדן ווערק און די געשיכטע פון די ייִדישע דרוקע-רייען אין רוסלאַנד און אין פּוילן.

## משה קולבאַק

### אין אַ יאַדלאָוון וואַלד

שטיל. ווו עס פינטלט רויט
אַ פּאָזעמקע...
און ווו עס קלעטערט שטילערהייט
אַ ווערעמל
אין דעם צונויפגעגנעם פון צווייג צו צווייג
די קנאָביקע,
אין דעם געפלעכט פון שטאַם און וואָרצלען
מאָכיקע...
און טיף איז די געדיכטעניש די האָריקע,
די פּעטערדיקע —
עס איז אַ קוועלעניש אַ מוכאָמאָריקע
ביי די קאָרטשעס
די גרינבערדיקע...
און ווו עס טוט אַ שושק
אַ גרעזל צו אַ גרעזל,
אַ קלונג,

אָ פּלושק
א מידער קוועלכעלע,
און ווו עס טוט א שפּרונג
א בידנער העזל —
א קער דאָס גרויע פּעלכעלע
דורך פּאַפּאָרטניק,
אין קאַלטער קראָפּעווע,
אויף אלטער פוילעניש...
און שטיל,
און קיל
הילכט אָפּ אין וואלד
דאָס בלוי־פּארהוילעניש...



ת. סוטין — פראנצוויזישער פייזאזש

# 2 מערץ

## שלום־עליכם

### (שלום ראַבינאָוויטש)



געב. 1859.3.2, אין פּערעיאַסלאַוו, פּאָלטאַווער גובערניע.
געשט. 1916.5.13, אין ניו־יאָרק.

די קינההייט פאַרבראַכט אינעם שטעטעלע וואָראָנקע. אָנגעהויבן שרייבן אין העברעיש („המליץ", 1881). אין יידיש ארויסגעטראָטן צום ערשטן מאָל אין 1883, אין צעדערבוימס „יודישע פאָלקסבלאַט" מיט דער דערציילונג „צוויי שטיינער".

פון 1883 ביז 1890 געלעבט אין קיעוו. באַקומענדיק א ירושה נאָך זיין רייכן שווער געפירט מסחרים, געפּרווט גליק אויף דער בערזע. דאָס האָט אים געגעבן א מעגלעכקייט ארויסצוגעבן די „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק" (1888). אָבער גאָר גיך האָבן די געשעפטן געפּלאַצט און שלום־עליכם האָט געמוזט שווער האָרעווען מיט דער פּען אויף צו מאַכן א לעבן.

אין 1906 אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, אָבער ענדגילטיק זיך באַזעצט אין אַמעריקע ערשט אין 1914. די לעצטע פּאָר יאָר געלעבט אין נויט, קראַנק, אָבער נישט ארויסגעלאָזט די פּען פון האַנט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

וויכטיקסטע ווערק: „טביה דער מילכיקער", „מנחם־מענדל", „מאָטל פּייסי דעם חזנס", „פון כתריליעווקע", „מעשיות פאַר יודישע קינדער", „אָרעמע און פריילעכע", „אייזנבאַן־געשיכטעס", „פונעם יאַריד".



דאָס הויז אין פּערעיאַסלאַוו, וווּ ש"ע איז געבוירן געוואָרן

# 3 מערץ

## מ. ל. האַלפּערן

### אונדזער גאָרטן

אזא גאָרטן, ווו דער בוים<br>
האָט זיך זיבן בלעטלעך קוים,<br>
און עס דאַכט זיך, אז ער טראכט:<br>
ווער האָט מיך אהער געבראכט?<br>
— אַזאַ גאָרטן, אַזאַ גאָרטן,<br>
ווו מיט א פארגרעסער־גלאָז<br>
קאָן מען זען א ביסל גראָז,<br>
זאָל דאָס אונדזער גאָרטן זיין<br>
אָט אזא אין מאָרגנשיין?<br>
אוודאי אונדזער גאָרטן. וואָס דען, ניט אונדזער גאָרטן?

אזא וועכטער, ווי און ווינד,<br>
מיט א שטעקן ווי פאר הינט,<br>
וועקט ער אויף אין גראָז די לייט<br>
און פארטרייבט זיי ערגעץ ווייט,<br>
אזא וועכטער, אזא וועכטער,<br>
וואָס ביים קאָלנער נעמט ער אָן<br>
דעם וואָס האָט קיין בייז געטאָן.<br>
זאָל דאָס אונדזער וועכטער זיין,<br>
אָט אזא אין מאָרגנשיין?<br>
אוודאי אונדזער וועכטער. וואָס דען, ניט אונדזער וועכטער?

אזא פויגל, וואָס פארגעסט<br>
זיינע קינדערלעך אין נעסט,<br>
זוכט פאר זיי קיין עסן ניט,<br>
זינגט מיט זיי קיין מאָרגנליד.<br>
אַזאַ פויגל, אזא פויגל,<br>
וואָס ער הייבט זיך גאָרנישט אויף<br>
און ער פּרוווט ניט פליִ'ן ארויף.<br>
זאָל דאָס אונדזער פויגל זיין<br>
אָט אזא אין מאָרגנשיין?<br>
אוודאי אונדזער פויגל. וואָס דען, ניט אונדזער פויגל?

# 4 מערץ

## בערנאַרד קעלערמאַן

דייטשישער ראָמאַניסט און עסעיסט.

געב. 1879.3.4, אין פיורט, דייטשלאַנד. געשט. 1951.10.7, אין בערלין.

דעם גרעסטן דערפֿאָלג האָבן געהאַט זיין פֿאַנטאַסטישער ראָמאַן „דער טו־נעל“ און זיין אַנטימיליטאַריסטישער ראָמאַן „דער 9־טער נאָוועמבער“ (ביידע פאַראַן אין יידישער איבערזעצונג). דער לעצטער איז אין 1933 עפנטלעך פֿאַר־ברענט געוואָרן דורך די היטלעריסטן. זיין ראָמאַן „דער טויטן־טאַנץ“ (1948) איז אַן אָפּרעכענונג מיטן פאַשיזם.

### פון יידישן פֿאָלקס־אוצר

וועגן איבערגעקומענע צרות איז גוט צו דערציילן.

ער איז געקאָוועט אויף אַלע פיר.

לאָז זיין פון אַ קאָזאַק, אבי צו לעבן.

אז מען האָט ניט אין קאָפּ, מוז מען האָבן אין די פיס.

אז מען גלעט אַ קאַץ, פאַרריסט זי דעם עק.

אַ קאַץ זאָל מען פאַר קיין סאַרווער ניט מאַכן.

אַ קאַץ קאָן אויך קאַליע מאַכן.

אַ קאַץ שיקט מען ניט נאָך פּוטער.

די קאַץ ווייסט וואָס זי נאַשט.

ווי קומט די קאַץ איבערן וואסער?

אז אַ נאַר וואַרפט אריין אַ שטיין אין ברונעם, וועלן אים צען קלוגע ניט ארויסנעמען.

אז אַ נאַר שווייגט איז ער אַ חכם.

אז מען שיקט אַ נאַר אין מאַרק אריין, פרייען זיך אַלע קרעמער.

אַ מציאה פון אַ גנב.

אַז מען זאָגט משוגע — גלויב.

אַלע משוגעים שלאָגן יענעם די פענצטער אויס.

# 5 מערץ

ה. לייוויק

## אויף די וועגן סיבירער

אויף די וועגן סיבירער
קען עמיץ נאָך איצטער געפינען א קנעפּל, א שטריקל
פון מיינם א צעריסענעם שוך,
א רימענעם פּאַס, פון א ליימענעם קריגל א שטיקל,
א בלעטל פון הייליקן בוך.

אויף די וועגן סיבירער
קען עמיץ נאָך איצטער געפינען א צייכן, א שפּענדל
פון מיינם א צעבראָכענעם פּליט,
אין וואַלד אַ פאַרטריקנט־פאַרבלוטיקטן בענדל,
אין שניי איינגעפראָרענע טריט...

# 6 מערץ

## מיקעלאַנדזשעלאָ בואָנאַראָטי



סקולפּטאָר, מאָלער, אַרכיטעקט און פּאָעט.

געב. 1475.3.6, אין קאַפּרעזע, איטאַליע, געשט. 1564.2.18, אין רוים, באערדיקט אין פלאָרענץ, אין דער קירכע סאַנ־טע־קראָטשע.

איינער פון די גלענצנדיקסטע פאָרשטייער פון איטאַליע־נישן רענעסאַנס.

ווײַכטיקסטע ווערק: „פּיעטא", „דוד", „משה", „די סיקסטינער קאַפּעלע" און די גרויסע וואַנט־מאָלעריי אין זעלבן קלויסטער — „דער לעצטער משפּט".

## ל. לעוואַנדאַ



רוסיש־יידישער שרייבער.

געב. אין יוני 1835, אין מינסק, ווייסרוסלאנד. געשטאָרבן 1888.3.6, אין פּעטערבורג.

געלערנט אין חדר, תלמוד־תורה, אין א יידישער „קאַזיאָ־נער" (מלוכהישער) שול און לסוף אין ווילנער ראַבינער־סע־מינאַר. מיטגעאַרבעט אין „ראַזסוועט", אין וועלכן פאַר־עפנטלעכט זיין ערשט בעלעטריסטיש ווערק „די באַקאַלייַ־קראָם" (בילדער פון יידישן שטייגער), דאַן „אין שטורעם", „א גרויסער רעמיז", וועלכע זענען אין זיינער צייט שטאַרק געלייענט געוואָרן.

## א. ליטווין
### (שמואל הורוויץ)



שריפטשטעלער.

געב. אין 1862, אין מינסק, ווייסרוסלאנד. געשט. 1943.3.6, אין ניו־יאָרק.

פון 1901 — אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. דעביוטירט מיט לידער. מיטגעאַרבעט אין דער יידישער פּרעסע פון אמעריקע. אין 1905 צוריקגעקומען קיין רוסלאנד. אין ווילנע אַרויסגעגעבן דעם חודש־זשורנאַל „לעבן און וויסנשאַפט" (1909—1912). פון 1914 — צוריק אין אַמעריקע. זיין גרעסט ווערק: „יידישע נשמות" אין 6 בענדער, ווייַ־טער קומען: „אין אַרבעט און נויט" (לידער), „פונעם יידישן פּנקס", „אין דער נייער היים", „שמ"ר און דער ראָמאַן", „אייזיק מאיר דיק", „לכבוד פסח".

## אָסקאַר שטראוס

עסטרייכיש־יידישער קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1870.3.6, אין ווין. געשט. 1954.1.11, אין באַדישל, עסטרייך.

אָפּערעטן־קאָמפּאָזיטאָר („דער כישוף פון וואלס“, „לעצטער וואלס“) א.א.

## הערמאַן שטרוק

מאָלער און גראַפיקער.

געב. 1876.3.6, אין בערלין. געשט. אין 1944 אין חיפה. באַקומען א טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג. שפּעטער שטודירט אין דער בערלינער קונסט־אקאַדעמיע. געמאָלט און געצייכנט אויף יידישער טעמאַטיק, באַזונדערס פיל טיפּן פון פּוילישע יידן, צו וועלכע ער האָט ארויסגעוויזן אין זיין שאַפן א סך פאַרשטענדעניש.



הערמאַן שטרוק — לער:ער

# 7 מערץ

## אסתר־רחל קאמינסקא

### (האַלפּערן)



די „מאמע פון יידישן טעאטער".
געב. 1868.3.7, אין פּאַראָזאָווע, גראָדנער געגנט, ביי א מאמן א חזן. געשט. 1925.12.27, אין ווארשע.
דעביוטירט אין 1892, אין ווארשעווער טעאטער „עלדאָ־ראדאָ". באזונדערס פּאָפּולער געוואָרן אין די פּיעסן פון דוד פּינסקי און יעקב גאָרדין („כאסיע די יתומה", „מי־רעלע אפרת" א.א.).
אין 1903 גאַסטראָלירט אין פּעטערבורג, קיעוו, אָדעס א.א. אומעטום ענטוזיאַסטיש אויפגענומען. אין 1907 גע־גרינדעט די ווארשעווער „ליטעראַרישע טרופּע". צווישן אנדערן אויפגעטראָטן אין גאָרקים „אויפן דעק", דיומאַס „די קאמעליען־דאמע", איבסענס „נאָראַ".
געווען אויף גאַסטראָלן אין די פאראייניקטע שטאטן (1912) און אין פּא־ריז (1914).




קבר פון א. ר. קאמינסקא אויפן גענשער בית־עולם אין ווארשע

# 8 מערץ

## אסתר (פרומקין)

### (מלכה ליפשיץ)



[געב. ארום 1880, אין מינסק. געשט. אין פארשיקונג ארום 1938—1939].

צו אירע ערשטע ליטעראַרישע אַרבעטן געהערט איר אַי־בערזעצונג פון קאַראָלענקאָס „דערציילונגען" אין יידיש (1904). אָנטיילגענומען אין דער טשערנאָוויצער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ (1908). עטלעכע מאָל געווען אַרעס־טירט (1910—1914). פון 1920 צוזאַמען מיט ירחמיאל וויינשטיין געשטאַנען בראש פון „קאָמבונד" און אין 1921 אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. מיט־רעדאַקטאָרין פון „עמעס". צוזאַמען מיט משה ליטוואַ־קאָוו רעדאַגירט די 8־בענדיקע אויסגאַבע פון לענינס ווערק אין יידיש.

אין בוכפאָרם: „שול־פּראָגן", „הירש לעקערט", „לענין און זיין אַרבעט", „אָק־טאָבער־רעוואָלוציע". א.א.

#### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ הון איז גוט צו עסן זאַלבענאַנד — איך און די הון.

איידער שטאַרבן פון הונגער איז שוין בעסער עסן געבראָטנס.

אין שיסל קאָן נישט זיין מער ווי אין טאָפּ.

דער ערגסטער מאָנער איז דער אייגענער מאָגן.

אַן אָדלער כאַפּט נישט קיין פליגן.

אַ באַרימער איז גוט צו שמייסן.

קוק אַראָפּ, וועסטו וויסן, ווי הויך דו שטייסט.

א נאַר, אַ נאַר און גוט צו זיך אַ שאַר.

אַ נאַר, אַ נאַר און שאָקלט זיך.

אַ נאַר וואַקסט אָן אַ רעגן.

ווען דער נאַר וואָלט נית געווען מיינער — וואָלט איך אויך געלאַכט.

# 9 מערץ

## טאַראַס שעווטשענקאָ



אוקראַאינישער פּאָעט און מאָלער.
געב. 1814.3.9, אין א משפּחה פון לייב־אייגענע. געשט. 1861.3.10.
פיל יאָר געווען אין פאַרשיקונג.
ווערק: „קאָבזאַר“ (וויכטיקסטע לידער־זאַמלונג), „הייַדאַמאַקן“, „חלום“, „קאַווקאַז“, „מאַריע“ (פּאָעמעס), „טאָגבוך“ (געשריבן אין רוסיש).
פיל פון שעווטשענקאָס לידער זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש דורך סאָוויעטיש־יידישע פּאָעטן, באַזונדערס דורך דוד האָפשטיין.

## פּעטער אַלטענבערג

### (ריכארד ענגלענדער)

עסטרייכישער שרייבער.
געב. 1859.3.9, אין ווין, אין א פאַרמעגלעכער יידישער פאַמיליע. געשטאָרבן דאָרטן, דעם 1919.1.8.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון עסטרייכישן אימפּרעסיאָניזם. מייסטער פון דער קליינער פאָרם, אַפאָריזמען, לידער אין פּראָזע, קורצע דערציילונגען.

וויכטיקסטע ווערק: „ווי איך זע עס“, „וואָס דער טאָג ברענגט מיר“, „מעשיות פון לעבן“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אָפּגעשמיסן און נאָך די רוט געקושט.

אָפּגעשמיסן און פון באָד ארויסגעטריבן.

וואָס מען שפּאָרט אָפּ איז דערנאָך ווי געפונען.

אָרעם א מענטש — שקאָרפּעטקע א בגד.

גוט ברעכט אייזן, דלות ברעכט שלעסער.

# 10 מערץ

## יאַקאָב וואַסערמאַן



דייטשישער ראָמאַניסט פון יידישער אָפּשטאַמונג.
געב. 1873.3.10 אין פיורט, דייטשלאַנד. געשט. 1934.1.1 אין אַלטאַוסזע (שטייערמאַרק) עסטרייך.
וויכטיקסטע ווערק: „די יידן פון צירענדאָרף“, „די געשיכטע פון דער יונגער רענאַטע פוקס“, „קאַספּאַר האַוזער“ (פאַראַן אויך אין יידיש), די טרילאָגיע „דער פאַל מאַוריציוס“.

## לאַמעד שאַפּיראָ



שרייבער.

געב. 1878.3.10, אין רזשישטשעוו, קיעווער גובערניע, אוקראַינע. געשט. 1948.8.25, אין לאָס אַנדזשעלעס.
באַקומען אַ טראַדיציאָנעל-יידישע דערציונג. אַ ביסל צייט געלעבט אין וואַרשע, וווּ זיך באַקאַנט מיט פּרצן, וועלכער האָט זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן אויף זיינע ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון. דעבויטירט מיט דער דערציילונג „איציקל ממזר“ (1904). פון 1906 — אין אַמעריקע.
אין בוכפאָרם: „דער קוש“, „שפוך חמתך“, „אויפן ים“, „די יידישע מלוכה און אַנדערע זאַכן“.

## ל. שאַפּיראָ

* * *

אָ, גאָט מיר בעטן קיין נצחון!
וויש אָפּ פון פאָלק זיין גרויסע שאַנד,
דערלויב אונדז זען דעם שונא׳ס פּנים
און שטאַרבן מיט דעם שווערד אין האַנט...

דערלויב אונדז פאַלן וווּ מיר שטייען,
דעם פּחד טרייב פון אונדז אַוועק,
און שטאַרק דאָס האַרץ, און גיב אונדז צאָרן,
אין דער נאַכט פון ווילדן שרעק...

און פילסטו שרעק,
פארביים די ליפּן,
פארקרייץ די ציין —
און שווייג: און שטום!

און רינט דיין בלוט
און פּלאצט דיין הארץ
און שטארבסטו — שטארב,
און שווייג און שטום!

און שטרעקסט דיין האנט
און צילסטו — טרעף
און שלאָגסטו — טויט,
און שטום! און שטום!



ב. שאץ — שופר בלאָזן

# 11 מערץ

## אלעקסאַנדער גראַנאָווסקי

### (אברהם אַזאַרך)

טעאַטער־רעזשיסער.

געב. אין 1890, אין מאָסקווע. געשט. 11.3..1937, אין פּאַריז.

אין 1919 איז אונטער זיין אָנפירונג אין פּעטראָגראַד געשאַפן געוואָרן די ערשטע יידישע מלוכהשע טעאַטער־סטודיע. ערשטע פאָרשטעלונגען פון דער סטודיע: „די בלינדע" פון מ. מעטערלינק, „ווינטער" פון שלום אַש, „אוריאל אַקאָסטאַ" פון ק. גוצקאָוו.

אין 1920 איז די סטודיע איבערגעפירט געוואָרן קיין מאָסקווע און געוואָרן די באַזע פאַרן שפּעטערדיקן מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

פאר אַן עקשן איז גאָר קיין רפואה ניטאָ.

א פאַרד טאָר ניט זיין קיין ראש־הקהל.

בעט א פאַרד צום מנין, ווערט ער ביי זיך גרויס.

ווילסט האָבן א פּנים ביי לייטן? האָב־זשע פריער א פּנים ביי זיך אליין.

מיט א פרעמדער פור פאָרט מען ניט וויט.

דעם פויגל דערקענט מען נאָך די פעדערן.

אז מען איז פויל האָט מען ניט אין מויל.

ביי א פוילן וואַקסט דער וועג אונטער די פיס.

אז מען האָט ניט קיין פינגער, קאָן מען קיין פייג ניט ווייזן.

א צדיק אין פעלץ.

דאָס וואָס איז אוועקגעגאַנגען, קומט שוין נישט צוריק.

ניט איטלעכער וואָס זיצט אויבנאָן איז א פאַן.

אז מען דערמאָנט זיך אין טויט איז מען נישט זיכער מיטן לעבן.

# 12 מערץ

## ד"ר משה מאַרקוזע

[געב. אין דייטשלאַנד].

שטודירט מעדיצין אין קעניגסבערגער אוניווערסיטעט. אין 1774 זיך באַזעצט אין קאַפוסט, לעבן שקלאָוו, און שפּעטער אין טריסק, וואָלין. אין 1790 ארויסגעגעבן זיין „ספר רפואות" — „אויף פּויליש־טייטש געשריבן", ווי עס זאָגט זיך אויפן שערבלאַט — איינס פון די ערשטע השכלה־ביכער אין יידיש. געווען פאַרגעסן, געפונען און פּאָפּולאריזירט געוואָרן דורך נח פּרילוצקי.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ריידן איז זילבער, שווייגן איז גאָלד.

וואָס צופיל איז אומגעזונט.

ווו מען דאַרף האָבן צוקער, טויג ניט קיין זאַלץ.

ער שטעלט אים צו א בענקעלע.

אז מען שפּייט אים אין פּנים, זאָגט ער אז עס גייט א רעגן.

די צייט איז דער בעסטער דאָקטער.

ער קען קיין צוויי ניט ציילן.

ווו צוויי, איז ער א דריטער.

זיבן זאַכן פאַרקירצן די יאָרן: כעס און קנאה, תאווה און גאווה, רכילות, זנות און לווידיקגיין.

שטאַרבט מען יונגערהייט איז עס אויף דער עלטער ווי געפונען.

אויף א טויטן לייב שפּרינגען האָזן.

א ייד ענטפערט תמיד פאַרקערט: זאָגט מען אים „שלום־עליכם", ענטפערט ער: „עליכם־שלום".

ווען מען עסט טאָר מען ניט ריידן.

דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון ביימעלע.

דאָס לייכטסטע איז געבן יענעם אן עצה, דאָס שווערסטע — זיך אליין.

# 13 מערץ

## אליעזר שטיינבאַרג

### דער חלף און די זעג

ס׳טרעפט אמאָל זיך אויכעט,
אז א שייטל האָלץ צעזעגן מוז א שוחט.
איז געשען,
ס׳האָט דער חלף גראָד די זעג דערזען
און צעלאָזט די שאַרפע צונג.
— זע נאָר, זאָגט ער, יענעם גראָבן יונג!
שטשירעט מיט די ציין!... א פרייד אויף אים איז!
אפשר ווייסט איר וואָס? אומשטיינס־געזאָגט א צורה!
גאָלע פּנימות!
קריצן,
שפּריצן
גאָר א גאנצע שורה!
טריפה דאָך פון קאָפּ ביז פּיס!
און וואָס זאָגט איר אויף זיין הולך? אויף די הילצערנע מלבושים?
הערט איר, אז איך טו א קוק אויף דעם מגושם,
דאנק איך ערשט זיין ליבן נאָמען, וואָס ער מאכט אי שיין אי מיאוס.
וויל איז מיר! מיין חלק זיס!
ניט קיין פּיצל
קריצל
אויף מיין כשר קלינגל! ניט קיין שפּרענקעלע! קיין פּגימל!
איז א חידוש, וואָס דער פרומער רב אלקנה
נעמט מיך אין די הענט מיט הייליקייט, כוונה,
מאכט א ברכה, טוט א ווונק צום הימל?
— אמת, זאָגט די זעג בתמימות (ציִ גאָר מיט א מיין?),
יאָ, איך זאָג אליין:
רב אלקנה איבער מיר א ברכה?
שיינע זאַכן!
דאָס געוועז וואָלט ממש נאָר צום לאַכן.
וואָס בין איך? א פּראָסטער באַלמעלאָכע.
ניט איך בלינצל, ניט איך פינקל,
שטיי מיר אין א טונקל ווינקל,
וויים מיין אָרט און בין ביי זיך ניט חס־ושלום שטאָלץ.

אָבער דו — א קלייניקייט! שניידסט איבער דאָך א האלדז!
וואָס איך קען דען מער ווי זעגן האָלץ?

קומט דער מוסר־השכל און שיט צו אַ ביסל זאַלץ:
נאָך עד־היום איז א זעג, א באלמעלאָכע,
גאָר א פלעק אין דער משפחה,
און א שארפער חלף האָט הצלחה —
אי ער קוילעט, אי מע מאַכט אויף אים אַ ברכה!



יאַנקל אַדלער: ביים דוכענען

# 14 מערץ

## פּאַול ערליך



באַרימטער ביאָלאָג און ביאָכעמיקער.

געב. 1854.3.14, אין שטרעלען, שלעזיע. געשטאָרבן 1915.8.19, אין פראַנקפורט אויפן מאַין.

ווי אַ ייִד נישט געקאָנט אַרבעטן אין די אוניווערסיטעט-לאַבאָראַטאָריעס פון דייטשלאַנד. געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן בײַ זיך אין דער היים, ביז וואַנען ראָבערט קאָך האָט אים נישט אײַנגעלאַדן צו זיך אין אינסטיטוט.

אַ באַזונדערס גרויסע באַדײַטונג האָבן זײַנע אַרבעטן וועגן אימוניטעט, פאַר וועלכע ער האָט, צוזאַמען מיט מ. מעטשניקאָוו, באַקומען אין 1908 די נאָבעל-פּרעמיע פאַר מעדיצין. ערליך האָט פיל אויפגעטאָן בײַם באַקעמפן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, ווי מאַלאַריע, סיפיליס. צוזאַמען מיטן יאַפּאַנישן געלערנטן סיכאַטאַ דערפונדן אַ מיטל קעגן סיפיליס — דעם באַרימטן סאַלוואַרסאַן.

## אַלבערט איינשטיין



פיזיקער, מאַטעמאַטיקער, שעפער פון דער רעלאַטיוויטעט-טעאָריע (1905) און אַלגעמיינער רעלאַטיוויטעט-טעאָריע (1915).

געב. 1879.3.14, אין אולם, דייטשלאַנד, געשט. 1955.4.18, אין פּרינסטאַן, פש"א.

שטודירט מאַטעמאַטיק און פיזיק אין ציריך, שווייצאַריע. נאָכן ענדיקן דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט, פאַרנומען די שטעלע פון אַ טעכנישן עקספּערט אין ציריכער פּאַטענט-אַמט.

אין 1921 באַקומען די נאָבעל-פּרעמיע פאַר פיזיק. נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט (1933) געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד, זיך באַזעצט אין פש"א, ווו פאַרגעזעצט זײַן וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט. אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן אַקטיוו אַרויסגעטראָטן קעגן דער סכנה פון אַן אַטאָם-מלחמה.

# 15 מערץ

## קלמן רייזען

שריפטשטעלער.
געב. 1848.3.15, אין קאַידענאָוו, מינסקער גובערניע, ווייסרוסלאַנד.
געשט. 1921.7.11, אין מינסק.
פאָטער פון אברהם, זלמן און שרה רייזען.
געשריבן אין העברעיש און אויך אין יידיש.
מחבר פונעם פאָפּולערן ליד „המבדיל בין קודש לחול“.

## וולאַדימיר (מרדכי־וואָלף) כאַווקין

באַקטעריאָלאָג.
געב. 1860.3.15, אין אָדעס, געשט. 1930.10.26, אין פּאַריז.
שטודירט אין אָדעס. ביי איליאַ מיעטשניקאָוו. געווען פאַרבונדן מיט דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. שפּעטער שטודירט אין זשענעווע און צום סוף אין פּאַסטער־אינסטיטוט אין פּאַריז. פון 1893 ביז 1915 געלעבט אין אינדיע, וווּ זיך פאַרנומען מיט פאָרשן די כאָלערע און דושומע, קעגן וועלכע דערפונדן פאַרהיטונגס־מיטלען. זינט 1915 — צוריק אין פּאַריז, וווּ אויך געשטאָרבן.
דער אינסטיטוט אין באָמביי, וווּ דער געלערנטער האָט געאַרבעט, איז אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען.

## לעאָן קאָברין



דראַמאַטורג און נאָוועליסט.
געב. 1872.3.15, אין וויטעבסק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1946.3.31, אין ניו־יאָרק.
וויכטיקסטע ווערק: „יענקל בוילע“, „געטאָ־דראַמען“, „די איסט־סייד־געטאָ“, „דער האָרפּס־יונג“, „שונאים“, „עמיגראַנטן“ (ראָמאַן), „אָרע די באָרד“ (ראָמאַן), „אויף ווילדע וועגן“ (ראָמאַן), „פון א ליטוויש שטעטל ביז טענעמענטס־הויז“ (דערציילונגען), „ערינערונגען פון א יידישן דראַמאַטורג — א פערטל יאָרהונדערט יידיש טעאַטער אין אמעריקע“.

## יחיאל־ישעיה טרונק



שרייבער.

געב. 1887.3.15, אין דאָרף אַסמולסק, ביי לאָוויטש, וואַר־שעווער געגנט, אין אַ רייכער משפּחה. געשט. 1961.7.7, אין ניו־יאָרק.

געווען פאָרזיצער פון יידישן פּען־קלוב אין וואַרשע. בעת דעם דייטשישן איבערפאַל אויף פּוילן אוועק קיין ווילנע, פון דאָרט קיין האַטנפּאַרבאַנד, און דורך יאַפּאַן קיין אַמעריקע (1941).

געשריבן לידער, דערציילונגען, עסייען. פאָלקסטימלעכע געשיכטן, ראָמאַנען.

וויכטיקסטע ווערק: „אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער יידישער ליטע־ראַטור", „שלום־עליכם — זיין לעבן און זיינע ווערק", „פּוילן" (7 ביכער).

## משה באַסין

דיכטער.

געב. 1889.3.15, אין ניווקעס, האָמלער געגנט, ווייסרוסלאַנד. געשטאָרבן 7.10. 1963, אין ניו־יאָרק.

אויטאָדידאַקט. זינט 1907 — אין אַמעריקע. דעביוטירט מיט לידער אין 1908.

אין בוכפאָרם: „500 יאָר יידישע פּאָעזיע" (אַנטאָלאָגיע אין 2 בענדער מיט הערות פון ב. באָראָכאָוו, ניו־יאָרק, 1917), „אַמעריקאַנער יידישע פּאָעזיע" (אַנ־טאָלאָגיע, נ"י, 1940).

## זישע ווײַנפּער

### (זיסע ווײַנפּערלעך)



פּאָעט. איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון „איקוף".

געב. 1893.3.15, אין טריסק. וואָלין. געשט. 1957.1.27, אין ניו־יאָרק.

פון 1913 — אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין בוכפאָרם: „פון אונדזער לאַנד", „ביי דער גרעבליע", „גאָלד־גרין", „געקליבענע לידער", „דאָס געזאַנג פון גלויביקן", „ביים גרענעץ־קעניאָן", „פּאָעמען וועגן די נביאים", „לייד און פרייד", „אַ גאַסט פון אַמעריקע" (ראָ־מאַן), „יידישע שריפטשטעלער" און אַ ריי אַנדערע.

# 16 מערץ

## ראובן ברײנין



העברעיש־ייִדישער שרײַבער.
געב. 1862.3.16, אין ליאַדי, װײַסרוסלאַנד. געשטאָרבן 1939.11.30, אין ניו־יאָרק.
פֿון 1910 — אין אַמעריקע. די לעצטע יאָרן פֿיל גע־שריבן אין ייִדיש. נאָך זײַן באַזוך אין ראַטנפֿאַרבאַנד (אין די דרײַסיקער יאָרן), זיך פֿאַרבונדן מיט דער פּראָ־גרעסיװער ייִדישער באַװעגונג אין אַמעריקע.
צו קבֿורה איז דער שרײַבער געבראַכט געװאָרן אין מאָנט־רעאַל, קאַנאַדע, װוּ ברײנין האָט געלעבט די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן.

פֿון זײַנע װערק אין ייִדיש:
„געזאַמלטע שריפֿטן" און „פֿון מײַן לעבנסבוך" (איקוף, 1946).

## שלמה מיכאָעלס

### (װאָװסי)



אַקטיאָר, רעזשיסער, געזעלשאַפֿטלעכער טוער.
געב. 1890.3.16, אין דװינסק, לעטלאַנד. אומגעקומען 1948.1.13, אין מינסק, װײַסרוסלאַנד (אַ קרבן פֿון יחיד־קולט).
אין 1919 אָנגעקומען אין דער פּעטערבורגער ייִדישער טעאַטער־סטודיע, אונטערן אָנפֿיר פֿון אַלעקסאַנדער גראַ־נאָװסקי, װעלכע איז געװען די באַזע פֿאַר דעם מאָסקװער ייִדישן מלוכה־טעאַטער (1921). פֿון 1929 — קינסטלע־רישער אָנפֿירער פֿון טעאַטער. צו זײַנע װיכטיקסטע ראָלן געהערן: שימעלע סאָראָקער אין שלום־עליכמס „200 טױזנט", טבֿיה אין „טבֿיה דער מילכיקער", בנימין אין מענדעלעס „מסעות בני־מין השלישי", ליר אין שעקספּירס „קעניג ליר".
זינט 1941 ביז טאָג פֿון זײַן טויט — פּרעזידענט פֿון ייִדישן אַנטיפֿאַשיס־טישן קאָמיטעט אין מאָסקװע, פֿילײַקער מיטגליד פֿון סאָװעטישן קאָמיטעט פֿאַר מלוכה־פּרעמיעס פֿאַר ליטעראַטור און קונסט.

# 17 מערץ

## קאַרל גוצקאָוו



דייטשישער שרייבער, ראָמאַניסט און דראַמאַטורג.
געב. 1811.3.17, אין בערלין. געשט. 1878.12.16, אין פראַנקפורט אויפן מאַין.
געהערט צו דער גרופע „יונג־דייטשלאַנד“. זיין וויכטיקסט ווערק איז די טראַגעדיע „אוריאל אַקאָסטאַ“ (1846), אויסערדעם: „דער מלך שאול“, „דאָס לעבן פון לודוויק בערנע“, די ראָמאַנען „די ריטער פון גייסט“ און „דער כישופמאַכער פון רוים“.
די טראַגעדיע „אוריאל אַקאָסטאַ“ איז איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש און געשפילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג אויף דער יידישער סצענע אין דער גאָרער וועלט.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

מיט דער קאַץ שיקט מען ניט קיין שלוח־מנות.

אַז אַ קאַרגער צעהוליעט זיך, איז אַ פרעמד קערבל ביי אים בלאָטע.

אויך מיר א קונץ זיין א בעקער! מען נעמט א טייגל און מען מאכט א בייגל.

אַלע קינדער זיינען קליינערהייט קלוג, נאָר דאָס רוב בלייבן זיי ביים קינדערשן שכל.

קליינע קינדער — קליינע צרות, גרויסע קינדער — גרויסע צרות.

קליינע קינדער לאָזן ניט שלאָפן, גרויסע לאָזן ניט לעבן.

ער קיצלט זיך אליין און לאכט אליין.

א קישקע אָן א דעק.

ווער עס פאָרעט זיך מיט סמאָלע, שמירט זיך אוים די הענט.

אז מען נעמט אראָפּ די סמעטענע — בלייבט די זויערמילך.

אָן עולם איז ניט קיין גולם.

וואָס קלענער דער עולם אלץ גרעסער די שמחה.

# 18 מערץ

## פאַריזער קאָמונע

דעם 18 מערץ 1871 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די פּאַריזער קאָמונע — די ערשטע פּראָלעטאַרישע מאַכט אין דער געשיכטע, אַנטשטאַנען אין רע־זולטאַט פון א באוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן דער רעגירונג פון טיערן, וועלכער האָט קאַפּיטולירט פאַר פּרייסן. געפאַלן דעם 28 מאַי 1871 אונטערן דרוק פון די איבערוועגנדיקע כוחות פון דער פראנצויזישער רעאַקציע, געשטיצט דורך ביסמאַרקן און דער דייטשישער אַרמיי, וואָס האָט געהאַט אַרומגערינגלט פּאַריז. אין קאַמף זענען געפאַלן אַרום 30 טויזנט קאָמונאַרן.

## חיים־זעליג סלאָנימסקי



שריפטשטעלער — אויפקלערער.

געב. 1810.3.18, אין ביאַליסטאָק. געשט. 1904.5.2, אין וואַרשע.

גרינדער און רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט און שפּעטער טאָג־צייטונג „הצפירה“ אין וואַרשע, דירעקטאָר פון דער ראַבינער־שול אין זשיטאָמיר.

אַרויסגעוויזן א ליידנשאַפט צו מאַטעמאַטישע וויסנ־שאַפטן. פאַר דער דערפינדונג פון א רעכן־מאַשין באַקומען די דעמידאָוו־פּרעמיע פון דער פעטערבורגער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע (דער באַוווסטער פּוילישער פּאָעט אַנטאָני סלאָנימסקי איז חיים־זעליגס אַן אייניקל).

## אברהם מאָרעווסקי
### (מנקר)



אַקטיאָר און שריפטשטעלער.

געב. 1886.3.18, אין ווילנע. געשט. 1964.3.10, אין וואַר־שע.

געגרינדעט די פּעטערבורגער טעאַטער־שול א.ג. פון סו־וואָרין. אויפגעטראָטן 10 יאָר אויף דער רוסישער סצענע. אין 1918 אַריבער צום יידישן טעאַטער. געשריבן פיל וועגן טעאַטער־פּראָבלעמען. איבערגעזעצט אין יידיש קאַרל גוצקאָווס „אוריאל אַקאָסטאַ“, לעאָניד אַנדרעיעווס „דער וואָס קריגט די פּעטש“. צו זיינע קרוין־ראָלן געהערן די ראָל פון מיראָפּאָלער צדיק אין אַנ־סקים „דיבוק“, פון אַלטן דוכוס אין א. קאַציזנעס „דער דוכוס“, „קין“. אויפגעטראָטן אויך אין פילם („דאָס אַלטע געזעץ“, „דער שווייגנדיקער טורעם“ א.א.).

מחבר פון א בוך וועגן שעקספּירס „שיילאָק“ און פון נישט פאַרענדיקטן פירבענדיקן אויטאָביאָגראַפישן ווערק „אַהין און צוריק“.

# 19 מערץ

## יאָסעפוס פלאוויוס

### (יוסף בן מתתיהו הכהן)

• יידישער היסטאָריקער און מיליטער-פירער.
[געב. אין 37 אָדער 38 יאָר פון דער נייער צייט-רעכענונג. געשט. אין יאָר 100].

מחבר פון בארימטן ווערק „די יידישע מלחמה" (וועגן אויפשטאנד פון יהודה קעגן די רוימער) און פון א ריי אנדערע („יידישע אלטערטימער", „קעגן אפּיאָן", „אויטאָביאָגראַפיע").

וועגן פלאוויוסן איז פאראן א גרויסע ליטעראטור, צווישן אנדערן: ליאָן פויכטוואנגער „די יידישע מלחמה", י. י. טרונק — „יאָסעפוס פלאַוויוס".

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

א קלאַפּ פארגייט, א וואָרט באשטייט.

אז מען קלאַפּט אין טיש, רופט זיך אָפּ די שער.

אבי א שטעקן — א הונט וועט מען שוין געפינען.

אז מען קלייבט צופיל, פאלט מען אריין.

קליידער מאכן לייט.

אז מען קלינגט איז א חגא (אָדער א שריפה).

אז מען עסט ניט קיין קנאָבל, שטינקט ניט פון מויל.

מען קנייפּט די באַקן — די פארב זאָל שטיין.

ווען יעדער פארקערט פאר זיין טיר, איז די גאנצע גאס ריין.

טרעפּ קערט מען פון אויבן אראָפּ און ניט פון אונטן ארויף.

אז מען קען ניט און מען ווייסט ניט, נעמט מען זיך ניט אונטער.

אריין איז אלע מאָל גרינגער, ווי ארויס.

# 20 מערץ

## אהרן האללע וואָלפסזאָהן

איינער פון די וויכטיקסטע טוער פון דער השכלה אין דייטשלאַנד.

געב. אין 1754 (לויט אַנדערע קוועלן — 1756), אין האללע, פרייסן. געשט. 1835.3.20, אין פיורט, בייערן.

זיין קאָמעדיע: „לייכטזין און פרעמעליייא איין פאמיליען געהמעלדע אין דרייא אויפציגע“ (ברעסלע, 1796), איז די ערשטע וועלטלעכע קאָמעדיע אין יידיש. די קאָמעדיע איז אין 1933 פונדאָסניי באַאַרבעט געוואָרן אין מאָדערנעם יידיש דורך דוד האָפשטיין. געשטעלט געוואָרן דורך ד״ר מ. ווייַנרייך מיט די שילער פון יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע.

## היינריך איבסען



נאָרוועגישער דראַמאַטורג.

געב. 1828.3.20, אין שטעטל שיענע, אין דער משפּחה פון א פּאַראָרעמטן קאָמערסאַנט. געשט. 1906.5.23, אין אָסלאָ.

דראַמאַטורג און רעזשיסער פון ערשטן נאָרוועגישן נאַציאָנאַלן טעאַטער. א סך יאָרן געלעבט אין איטאַליע און דייטשלאַנד. זיינע פּיעסן זענען געשפּילט געוואָרן און ווערן נאָך איצט געשפּילט אויף פיל סצענעס פון דער וועלט.

וויכטיקסטע דראַמען: „בראַנד“, „פּער גינט“, „נאָראַ“, „דער שונא פון פאָלק“, „דאָס ווילדע ענטל“, „ראָזמערסהאָלם“ (די מערסטע פון זיי זענען פאַראַנען אויך אין יידיש).

## משה קולבאַק



דיכטער, ראָמאַניסט, פּעדאַגאָג (לערער פון יידישער ליטעראַטור אין דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע און פון יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע).

געב. 1896.3.20, אין סמאָרגאָן, ווילנער געגנט. געשט. אין פאַרשיקונג דעם 1940.7.17.

דעביוטירט אין 1916 מיטן ליד „שטערנדל“, וואָס איז גיך פּאָפּולער געוואָרן און ווערט געזונגען ווי א פאָלקס־ליד. געלעבט און געשאַפן דער עיקר אין ווילנע. פון 1928 אין מינסק, ווייסרוסלאַנד.

וויכטיקסטע ווערק: „שירים“ (1920), „נייע לידער“ (1922), „יעקב פראַנק“ (דראַמע), „משיח בן אפרים“ (דראַמע), „מאָנטאָג“ (קליינער ראָמאַן), „זעלמעניאַנער“ (ראָמאַן אין צוויי טיילן), „דיסנער טשיילד האַראָלד“ (פּאָעמע), „בויטרע“ (פּיעסע).

# 21 מערץ

## יאַן סעבאַסטיאַן באַך



דייטשישער קאָמפּאָזיטאָר און אָרגל־ווירטואָז.
געב. 1685.3.21, אין אייזנבאַך, אין א משפּחה פון דו־
רות מוזיקאַנטן. געשט. 1750.6.28, אין לייפּציק.
מיט זיין שאַפן געעפנט א נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע
פון דער מוזיק. מיט דער קראַפט פון זיינע אידעען, טיפ־
קייט פון איבערלעבונגען און בילדערישקייט גייט ער ווייט
ארויס פון די ראַמען פון דער קירכלעכער טעמאַטיק,
אויף וועלכער ער האָט קאָמפּאָנירט.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ער רייסט זיך אויף גלייכע ווענט.

צעברעכט זיך א רינג, צערייסט זיך די גאַנצע קייט.

רכילות איז די ערגסטע מידה.

וואָס ווייניקער מען רעדט — אלץ געזונטער איז.

ער רעדט פאר פייער און פאר וואסער.

נאָכן שאָדן ווערט מען קלוג.

אזוי ווי ער הערט נישט, אזוי זאָל אים נישט שאטן.

אז מען שערט די שאָף ציטערן די לעמער.

איין פארשיווע שאָף מאכט קאליע די סטאדע.

אן אלטער שאַרבן לעבט איבער א נייעם טאָפּ.

געשוויגן איז אויך גערעדט.

אלץ זאָל מען קענען — קיין זאך זאָל מען נישט באדארפן.

ער לייגט די טומאה אין דער יראה אריין.

אַז אַן אָרעמאַן עסט הון, איז ער קראַנק, אָדער די הון.

איטלעכער אָרעמאַן ווייסט פון זיין עשירות.

# 22 מערץ

## יאָכים לעלעװעל



פּױלישער היסטאָריקער און פּאָליטיקער.

געב. 1786.3.22, אין װאַרשע. געשט. 1861.5.29, אין פּאַריז.

פּראָפעסאָר פון װילנער און װאַרשעװער אוניװערסיטעטן. בעתן נאָװעמבער־אױפשטאַנד פון 1831 — מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. נאָכן אױפשטאַנד — אױף עמיגראַציע.

## ישראל אַקסענפעלד

[געב. אין 1787, אין נעמיראָװ, פּאָדאָליע. געשט. זומער 1866, אין פּאַריז]. דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן געװוינט אין אָדעס.

איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע שרייבער אין פאַר־מענדעלע־פעריאָד. זיינע װערק זענען ביי זיין לעבן ארומגעגאַנגען אין כתב־יד, בלויז צוויי פון זיי זענען דערשינען אין בוכפאָרם: די דערציילונג „דאָס שטערנטיכל" און די פּיעסע „דער ערשטער יידישער רעקרוט" (לייפּציק, 1861).

נאָך זיין טויט, אין 1867, איז דערשינען זיינע א צװייאַקטיקע דראַמע „מאַן און װייב, שװעסטער און ברידער" און אין 1870 — „די גענאַרטע װעלט" און „קבצן־עושר־שפּיל".

דער דיכטער א. קושניראָװ האָט באַאַרבעט אַקסענפעלדס „יידישער רעקרוט" פאַר די סאָװעטיש־יידישע טעאַטערס. אין 1931 איז אונטער דער רעדאַקציע פון מ. װיינער דערשינען דער ערשטער באַנד פון אַקסענפעלדס װערק, אויסגערעכנט אויף פיר בענדער. א צווייטע אויסגאַבע פון אַקסענפעלדס װערק איז דערשינען אין 1938, אין מאָסקװער פאַרלאַג „עמעס".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אז מען קען ניט שרייבן, זאָגט מען, אז די פען איז שלעכט.

אָרעמע קרובים זעצט מען הינטערן אויװן.

וואָס באַדאַרפט איר זיך קריגן, שלאָגט זיך בעסער.

# 23 מערץ

## משה קולבאַק

*　　*
*

א רחבות פון שנייען — א קיל אָפּגעשליפענער שטערן
א מעסער — א ווינט.
איבער הונדערטער מייל — ליינט מיין פרוי איצטער שלאָפן
מיין קינד...

ס'שפּילט א פידל א בלויע און א שנייאיקער וויאָלאָנטשעל.
ס'אַראַ נאַכט!
איבער הונדערטער מייל זעט מיין זון מיר אין חלום
און לאכט...



בן־ציון צוקערמאַן — ווינטער־פּייזאזש

# 24 מערץ

## ייוואָ

דעם 24 מערץ 1925 איז לויט דער איניציאַטיוו פון נחום שטיף (בעל־דמיון) געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט (ייוואָ).

איצט געפינט זיך דער ייוואָ אין ניו־יאָרק און אן אָפּטיילונג אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע.

## פּסח מאַרעק

פאָרשער און פאָלקלאָריסט.

געב. 1862.3.24, אין שאַדעווע, קאָוונער גובערניע. געשט. אין מערץ 1920, אין סאַראַטאָוו.

צוזאַמען מיט שאול גינזבורג ארויסגעגעבן „די יודישע פאָלקלידער אין רוסלאַנד". פאַרעפנטלעכט א גאַנצע ריי היסטאָרישע ארבעטן, ווי „סקיצן צו דער געשיכטע פון יידישער בילדונג אין רוסלאַנד", „סקיצן צו דער געשיכטע פון דער יידישער אינטעליגענץ", „די אַנטשטייונג פון חסידיזם און דער רעליגיעזער קאַמף אין 18 י.ה.". א.א.

## משה אָלגין
### (משה־יוסף נאָוואָמיסקי)



שרייבער, געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טוער.

געב. 1878.3.24, אין א דאָרף פון אומאַנער געגנט, או־קראַינע. געשט. 1939.11.22, אין ניו־יאָרק.

פרי צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אָלגין איז דער מחבר פון דער ערשטער מאָדערנער יידי־שער שול־כרעסטאָמאַטיע „דאָס יידישע וואָרט" (1909). פון 1914 — אין אמעריקע. איינער פון די ערשטע טוער פון דער אמעריקאַנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, רעדאַק־טאָר פון דער צייטונג „פרייהייט" (שפּעטער „מאָרגן־פרייהייט"), איינער פון די מיטגרינדער פון „איקוף" אין אמעריקע. אָנטיילגענומען אין צוגרייטן דעם ערשטן אַלוועלטלעכן יידישן קול־טור־קאָנגרעס אין פּאַריז (1937).

אין בוכפאָרם: „ווען דאָס לעבן רופט" (נאָוועלעס און בילדער), „אין דער וועלט פון געזאַנגען" (וועגן פּאָעזיע און פּאָעטן), „מיין שטעטל אין או־קראַינע", „די נשמה פון דער רוסישער רעוואָלוציע" (2 בענדער), „פון מיין טאָג־בוך" (געשטאַלטן און סצענעס), „האָווריל און יואל" (דערציילונג), „איר גראַבער" (דראַמע) — אויפגעפירט אין מ. שוואַרצס „קונסט־טעאַטער", „צע־בראָכענע קראַטעס", „פאָלק און קולטור", „אַמעריקע", „סאָוועטנפאַרבאַנד", „קולטור און פאָלק" א.א.

# 25 מערץ

## יחזקאל קאָטיק



געב. 1847.3.25, אין קאמעניעץ־ליטאָווסק, גראָדנער געגנט. געשט. 1921.8.13, אין ווארשע.
ביז 17 יאָר געלערנט אין חדר און ישיבה. נאָכדעם פיל יאָר געלעבט אויפן האָרף, דאַן אין קיעוו, ווארשע. מחבר פון א ריי בראָשורן, אָבער באַוווּסט געוואָרן ערשט דורך זיינע מעמואַרן — „מיינע זכרונות" (הריי בענדער, וואַר־שע, 1912—1914), אין וועלכע ער האָט געגעבן א ברייט בילד פון יידישן לעבן אין רוסלאנד אין דער צווייטער העלפט פון 19 י"ה.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

א רוסישער ייד האָט זיך משתדל געווען צו באקומען רעכט צו וווינען אויסער דעם תחום־המושב אלס בעל־מלאכה.

— וואָס פארא מלאכה קענט איר? — פרעגט אים דער באַאַמטער.

— איך קען מאכן טינט — ענטפערט דער ייד.

— טינט מאכן איז אויך א מלאכה? ווער קען עס ניט? איך אפילו קען עס אויך.

— וואָס־זשע מיינט איר, העך באַאַמטער, האָט איר דאָך טאקע וווינרעכט.

* * *

צו א געווינסן רב איז געקומען א ייד, אָפּגעזעסן א היפשע צייט און געהאלטן אין איין רעדן. ווי נאָר דער רב האָט אויך געוואָלט עפּעס זאָגן א וואָרט, האָט יענער אי־בערגעהאקט און ווייטער געשאָטן מיט רייד.

צום סוף זאָגט דער ייד דעם רב, אז ער וויל אים דערציילן וואָס ער האָט געהערט פון איינעם א גרויסן רב. ענטפערט אים יענער: ס'איז א ליגן!

— וואָס הייסט, רבי — וווּנדערט זיך דער ייד — איר האָט דאָך נאָך ניט געהערט וואָס איך וויל אייך דערציילן, פון וואַנען ווייסט איר, אז ס'איז א ליגן?

— גאָר פשוט — זאָגט דער רב — ווי איז דאָס מעגלעך איר זאָלט פון עמיצן הערן, אז איר לאָזט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסרעדן!

# 26 מערץ

## מ. י. פינעס

געבוירן אין 1881, אין מאָהילעוו, ווייסרוסלאַנד.

שטודירט אין בערנער אוניווערסיטעט און אין פּאַריזער סאָרבאָנע. זיין הויפּט־ווערק — „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור" איז דערשינען צו־ערשט אין פראַנצויזיש אלס דיסערטאַציע־ארבעט און שפּעטער אין יידיש אונ־טער רעדאַקציע פון בעל־מחשבות (ווארשע, 1911). די דאָזיקע ארבעט איז איינע פון די ערשטע סיסטעמאַטישע ווערק צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

א מתנגד האָט איינמאָל געזאָגט צו א חסידישן יונגנמאַן:

— ווי מיינסטו, וואָס איז דער יצר־הרע, א חסיד צי א מתנגד?

— איך ווייס ניט — ענטפערט דער חסיד — וואָס זאָגט איר?

— איך זאָג — מאַכט דער מתנגד — אז דער יצר־הרע איז געווים א חסיד, ווייל מען זעט אים גאַנץ אָפט ביים רבין.

* * *

אין א בויד, וואָס איז געווען פול אָנגעפילט מיט פּארשוינען, האָט זיך איינער אנידערגעזעצט אויף יעמענס א פוס, טוט ער א פרעג:

— רבותי, זאָגט דעם אמת, אויף וועמענס פוס האָב איך זיך אוועקגעזעצט?

רופט זיך אָן א ייד א חסיד:

— אויב דער פוס איז מיט א בלויען זאָק, איז ער מיינער.

* * *

א הינקענדיקער בעטלער איז צוגעגאַנגען אין גאַס צו אייזיק־מאיר דיק מיט זיי־נעם א פריינד, און מיט שטאַרקע רחמנות־העוויות געבעטן א נדבה. נעמט ארויס איי־זיק־מאיר א שיינע נדבה און גיט יענעם. רופט זיך אָן דער פריינד:

— איך בין איבערצייגט, אז ס'איז אינגאַנצן אן אָנשטעל, ער שפּילט נאָר א קאָ־מעדיע.

— פאַר אזוי גוט שפּילן — ענטפערט אייזיק־מאיר — קומט אים דאָפּלט.

# 27 מערץ

## היינריך מאַן



דייטשישער ראָמאַניסט.
געב. 1871.3.27, אין לובעק, דייטשלאַנד. געשטאָרבן 1950.3.12, אין סאַנטאָ מאָניקאַ (קאַליפאָרניע, פאַראייניקטע שטאַטן). עלטערער ברודער פון טאָמאַס מאַן.
נאָכן קומען פון היטלערן צו דער מאַכט געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן פון דייטשלאַנד קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, פון דאָרט איבערגעפאָרן קיין פראַנקרייך און שפּעטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אַקטיווער קעמפער קעגן היטלעריזם.
וויכטיקסטע ווערק: „אין לאַנד פון געבראָטענע טייבעלעך“, „פּראָפעסאָר אונראַט“, „דער געטרייער אונטערטאַן“, „אָרעמע“, „היינריך דער פערטער“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אז מען קען גוט קריכן קריכט מען ארויף.

ניין רבנים קענען קיין מנין ניט מאכן, צען שוסטערס יא.

דער רבי מעג.

מיט צווי ריטער שמייסט מען ניט.

קיינער ווייסט ניט ווער עס דער שוך קוועטשט.

אלע שוסטערס גייען באָרוועס.

יעדע שטאָט האָט זיך איר משוגענעם.

אין צווייען איז שטארקער.

פאר א שטילן הונט און פאר א שטילן שונא זאָל מען זיך היטן.

שטיל ווי אין אן אויער.

אַן אָרעמאַן האָט ניט וואָס אָנצוווערן.

# 28 מערץ

## ראַפאַעל

### (ראַפאַעל סאַנטי)



מאָלער און אַרכיטעקטאָר.
געב. 3.28. (אָדער 4.6.) 1483, אין אורבינאָ (איטאַליע).
געשט. 1520.4.6, אין עלטער פון קוים 37 יאָר, אין רוים.
איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון איטאַ־ליענישן רענעסאַנס.
באַרימטסטע ווערק: „סיקסטינער מאַדאָנע“, פאָרטרעט פון פויפסט יוליוס דעם צווייטן, „פאָרטרעט פון א יונגן מאַן“, פרעסקן (אין וואַטיקאַן). אָנגעפירט מיט דער בוי־אונג פונעם קלויסטער פון הייליקן פיאָטר אין רוים.

## מאַקסים גאָרקי

### (אַלעקסיי פיעשקאָוו)



געב. 1868.3.28, אין ניזשני־נאָווגאָראָד (היינט גאָרקי).
געשט. 1936.6.18, אין גאָרקי, ביי מאָסקווע.
געהאַט א קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור אין דער גאָרער וועלט. שאַרף ארויסגעטראָטן קעגן אַנטיסעמיטיזם.
וויכטיקסטע ווערק: „קליינבירגער“ (פיעסע), „די מו־טער“ (ראָמאַן), „פאָמאַ גאָרדייעוו“, „דאָס לעבן פון מאַטווי קאָזשעמיאַקין“, „דאָס געשעפט פון די אַרטאַ־מאַנאָווס“, די טרילאָגיע: „קינדהייט“, „צווישן מענטשן“, „מיינע אוניווערסיטעטן“, „קלים סאַמגין“ (אין פיר בענדער). די מערסטע פון זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט אין יידיש.

# 29 מערץ

## בערל בראָדער

### (מרגליות)

„פּאָטער“ פון די בראָדער זינגער.

[געב. אין 1815, אין בראָד (לויט אַנדערע קוועלן — אין פּידקאַמיען, גאַלי־ציע). געשט. אין 1868, אין יאַס, רומעניע].

געזונגען זײַנע אייגענע לידער אין אַכסניות, שענקען. צוזאַמען מיט אַ גאַנ־צער גרופּע („בראָדער זינגער“) אַרומגעפאָרן מיט זײַן רעפּערטואַר איבער שטעט און שטעטלעך פון רומעניע, גאַליציע און אוקראַינע. ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די ערשטע יידישע פאָלקס־דיכטער.

אין בוכפאָרם: „שירי זמרה — דרייסיג הערליכע בראָדר לודער אין ריין יודש לשון“ (1860?).

## ווילהעלם ליבקנעכט



געב. 1826.3.29, אין גיסען, דייטשלאַנד. געשטאָרבן 1900.8.7, אין שאַרלאָטענבורג, ביי בערלין.

איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער פון דייטשישן אַרבע־טער־קלאַס סוף XIX י.ה., מיטשעפער פון דער דייטשי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, רעדאַקטאָר פון איר צענטראַל־אָרגאַן „פאָרווערטס“, פאָטער פון קאַרל ליבקנעכט.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

א שטעקן האָט צוויי עקן.

צי ניט איבער דאָס שטריקל.

פון קרומע שידוכים קומען אַרויס גלייכע קינדער.

ביי יענעם איז אַלץ בעסער, ווי ביי זיך.

די מעשה האָט שוין אַ באָרד.

# 30 מערץ

## רמב"ם

**(רבינו משה בן מיימון, מיימאָנידעס)**



פילאָזאָף, אסטראָנאָם, מאטעמאטיקער און מעדיצינער.
געב. 1135.3.30, אין קאָרדאָווע, שפּאניע. געשטאָרבן 1204.12.13, אין פאָסטאַט, לעבן קאיר, עגיפּטן.
זיינע פילאָזאָפישע ווערק, באזונדערס זיין „מורה נבוכים“, האָבן געהאט א גרויסע ווירקונג נישט בלויז אויפן יידישן געדאנק, נאָר אויך אויף דער גאנצער פילאָזאָפיע אין מיטלאַלטער.

## משה (מאָריץ) שטיינשניידער



ביבליאָגראַף.
געב. 1816.3.30, אין פּראָסניץ, טשעכיע. געשטאָרבן 1907.1.24, אין בערלין.
איינער פון די גרעסטע ביבליאָגראַפן ביי יידן, מחבר פון דער פונדאמענטאַלער „יידישער ביבליאָגראַפיע“. שטיינשניידער האָט צונויפגעשטעלט דעם קאטאַלאָג פון דער העברעישער אָפּטיילונג פון דער אָקספאָרדער ביבליאָטעק (די בארימטע „באָדלעיאַנא“). ער האָט אויך קאטאַלאָגירט די העברעיִשע אָפּטיילן אין די ביבליאָטעקן פון האמבורג, בערלין, לײַדען. פון 1869 ביזן טויט געארבעט אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין בערלין.

אנדערע ווערק: „די העברעישע איבערזעצונגען אין מיטלאַלטער און די יידן אלס איבערזעצער“, „אראבישע ליטעראטור פון די יידן“, „מאטעמאטיק אין דער יידישער ליטעראטור“, „ליטעראטור-געשיכטע“, „יידישע ליטעראטור“.

## ווינסענט וואַן גאָג



האָלענדישער מאָלער.
געב. 1853.3.30, אין דער משפּחה פון א דאָרפישן פּאַסטאָר, אין גראָט צונדערט, האָלאַנד. געשט. 1890.7.29, אין אָווער סיר אואַז, פראנקרייך, וווּ געלעבט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. בארימט און אָנערקענט געוואָרן ערשט נאָך זיין טויט, וואָס איז געקומען אין עטלעכע טעג ארום נאָך א פּרוּוו צו באגיין זעלבסטמאָרד. געהאט א גרויסע השפּעה אויף דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דער פּלאַסטישער קונסט.

# 31 מערץ

## לאה רודניצקי

פּאָעטעסע.

[געב. אין 1914, אין אַ דאָרף לעבן קאַלוואַריע, מאַריאַמפּאָלער קרייז, ליטע. אומגעקומען פרילינג 1944, אין היטלעריסטישן טויט־לאַגער קלאָגע (עסטלאַנד), וווהין אַרויסגעפירט געוואָרן פון ווילנער געטאָ].

דעביוטירט אין 1935. געהערט צו דער פּראָגרעסיווער יידישער שרייבער־גרופּע אין ליטע. פאַרעפנטלעכט לידער אין „בריקן", „בלעטער", „בלעטער 1940". זינט 1940 געלעבט אין ווילנע, וו מיטגעאַרבעט אין „ווילנער עמעס". געהאט גרייט צום דרוק א בוך לידער „אַ בינטל גרינס", וואָס האָט צוליבן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה נישט באַוויזן צו דערשיינען.

### לאה רודניצקי

* *
*

און ס׳האָבן זיך צעיאָמערט מיינע עטלעכע און צוואַנציק יאָר:
עס זענען ווייך ווי סאַמעט דיינע ברוינע האָר,
און ס׳זענען דיינע ליפּן הייס
און שמייכלען אָפט אַזוי...
זיי וואָלטן מיט אַ הילכיקן געלעכטער
קענען אויסקושן אַפילו אַ פאַרוואָלקנט הימל־בלוי.
אויך הענגען שוין אין פאַלדן פון דיין העל־געבלימטן קלייד
אַזויפיל פרילינגן און זומערן
.אַ פולע הארבסטיקע פאַרחראָסן
און דאָך,
אָן וואָסערן, אָן גראָזן,
עס גלוסט זיך אונדז אַ שפּיל טאָן מיטן ווינט,
אַ קייקל טאָן אויף וואַלדיק־גרינע מאָכן,
מיר האָבן שוין גענוג די האַרטע רייד
פון אומעטיקער פעץ — דיין איינגעשפּאַרטן שכן...

(פראגמענט פון א גרעסער ליד געדרוקט אין „בלעטער 1940").

# 1 אַפּריל

## אוריאל אַקאָסטאַ
## (גבריאל דאַ קאָסטאַ)

[געב. אַרום 1590, אין אָפּאָרטאָ, פּאָרטוגאַל, אין אַ מאַראַנען־משפּחה, באַ־גאַנגען זעלבסטמאָרד אין אַפּריל 1640, אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד].

אין 1617 האָבן די אַקאָסטאַס אין געהיים פֿאַרלאָזן פּאָרטוגאַל און זיך באַזעצט אין האָלאַנד, ווו זיך צוריקגעקערט צום יידישן גלויבן. אוריאל האָט גענומען אָנגרייפֿן געוויסע דאָגמעס פֿון דער יידישער אמונה און די קהילה־פּרנסים האָבן אים אין 1618 אַרייַנגעלייגט אין חרם. שוין נאָכן חרם אָנגעשריבן אין לאַטיין אַ טראַקטאַט קעגן דער דאָגמע פֿון עולם הבא און דערמיט אויך אָנגעריזט די קריסטלעכע קירך מיט איר לערע וועגן דער אומשטערבלעכקייט פֿון דער נשמה. זיין בוך איז פֿאַרברענט געוואָרן און אַקאָסטאַ האָט געמוזט פֿאַרלאָזן אַמסטערדאַם. נאָך 15 יאָר חרם, אין 1633, האָט ער אָנגעשריבן צום אַמסטערדאַמער ראַבינאַט אַ חרטה־בריוו, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פֿון זיינע „טעותים“. אָבער נישט אויף לאַנג איז דער חרם פֿון אים אַראָפּגענומען געוואָרן. ער איז צום צווייטן מאָל אַרייַנגעלייגט געוואָרן אין חרם און דאָס מאָל האָט עס אָנגעהאַלטן נייע 7 יאָר. צום סוף האָט זיך אַקאָסטאַ איינגעבראָכן. אין דער איבערפֿולטער שול, איז ער געשטאַנען אַ האַלב־נאַקעטער צוגעבונדן צום סלופּ, באַקומענדיק די מלקות. דערנאָך האָט מען אים געצוווּנגען זיך לייגן ביים שוועל — אַלע אָנוועזנדיקע זאָלן איבער אים אַריבערטרעטן. אַקאָסטאַ האָט די אַלע בזיונות נישט געקאָנט אַריבערטראָגן און פֿאַרענדיקט מיט זיך. ער האָט איבערגעלאָזט אַן אויטאָביאָגראַפֿיע אין לאַטיין „אַ ביישפּיל פֿון אַ מענטשלעך לעבן“.

פֿון דער ליטעראַטור וועגן אוריאל אַקאָסטאַ איז וואַרשיינלעך די וויכטיק־סטע פּאָזיציע די פּיעסע פֿון קאַרל גוצקאָוו, וועלכע איז אַריין אין גאָלדענעם פֿאָנד פֿון דער וועלט־דראַמאַטורגיע.

## ניקאָלאַי גאָגאָל



רוסישער שרייבער.

געב. 1809.4.1, אין שטעטל סאָראָטשינצי, פּאָלטאַווער גובערניע. געשט. 1852.3.4, אין מאָסקווע.

געדינט אַלס מלוכה־באַאַמטער, וואָס האָט אים געגעבן פֿיל מאַטעריאַל פֿאַר זיינע שפּעטערדיקע דערציילונגען. די לעצטע יאָרן פֿון זיין לעבן אַרונטערגעפֿאַלן רעליגיעז־מיסטישע שטימונגען. אין אַזאַ צושטאַנד האָט ער האַרט פֿאַר זיין טויט פֿאַרברענט דעם צווייטן טייל פֿון די „טויטע נפשות“.

וויכטיקסטע ווערק: „דער רעוויזאָר“, „טויטע נפשות“, „טאַראַס בולבאַ“.

# משה פינטשעווסקי



דיכטער.
געב. 1894.4.1, אינעם שטעטל טעלענעשט, בעסאַראַביע.
געשט. 1955.3.24, אין קיעוו.
צו 19 יאָר אַנטלאָפן פון זיינע פּאַנאַטישע עלטערן, ווי אַ הייצער אויף אַ האַנדלס־שיף קיין אַרגענטינע, וווּ ער דע־ביוטירט מיט לידער אין דער בוענאָס־איירעסער „אידי־שער צייטונג". שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער „צווייט" — די ערשטע אויסגאַבע פון אַ יידישן דיכטער אין אַרגענטינע.

אין 1924 פאַרלאָזט אַרגענטינע, וואַגלט אין פאַרשידענע לענדער פון איי־ראָפּע און באַזעצט זיך סוף־כל־סוף אין ר"ס, וווּ ער פאַרעפנטלעכט עטלעכע לידער־זאַמלונגען, באַזונדערס פּאָפּולער געוואָרן ווי אַ קינדער־דיכטער.

וויכטיקסטע ווערק: „בעסאַראַביע", „דער לץ" (פּיעסע), „טרייבט אַרוים דעם שד" (פּיעסע), „איך ליב".

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

פון שלום וועגן מעג מען אפילו א ליגן זאָגן.

צום שלום־מזל דאַרף מען אויך האָבן מזל.

שלום־מזל, ווו גייסטו? צום אָרעמאַן?

אז מען שעמט זיך האָט מען ניט קיין קינדער.

ער שעמט זיך ווי די קאַץ ווען זי קערט איבער דאָס טעפּל מיט סמעטענע.

יעדער שענקער לויבט זיין ביר.

קויפסטו שיך פאַר זיך, טאָ מעסט זיי נישט אויף פרעמדע פיס.

כמעט האָט אַמאָל דעם טייטש פון גאָרנישט.

אַ בהמה און אַ ווייב פון איין שטעטל זאָל מען נישט נעמען.

ביי אַ שדכן איז נישטאָ קיין מיאוסע כלה.

ליבע און הונגער וווינען נישט אינאיינעם.

דאָס ברויט פאַלט אום שטענדיק מיט דער פּוטער אַראָפּ.

# 2 אַפּריל



## האַנס כריסטיאַן אַנדערסען

דענישער קינדער־שרייבער.
געב. 1805.4.2, אין דער שטאָט אָדענסע, ביי אַ טאַטן אַ שוסטער. געשט. 1875.8.4, אין קאָפּענהאַגען.
אין 1835 דערשיינען זיינע ערשטע זאַמלונגען „מעשה־לעך", וועלכע ברענגען אים גרויס אָנערקענונג. זיי ווערן איבערגעזעצט אין כמעט אַלע שפּראַכן, און דערבּיי אויך אין ייִדיש.



## עמיל זאָלאַ

פראַנצויזישער שרייבער.
געב. 1840.4.2, אין פּאַריז. געשט. 1902.9.29, דאָרטן.
גרינדער פון דער אַזוי גערופענער נאַטוראַליסטישער שול אין דער ליטעראַטור. מוטיק אַרויסגעטראָטן אין פאַרטיידיקונג פון דרייפוסן — דעם קרבן פון פראַנצויזישן אַנטיסעמיטיזם און רעאַקציע.
צו זיינע וויכטיקסטע ווערק געהערט דער 20־בענדיקער ציקל ראָמאַנען „רוגאָן־מאַקאַר" („די קאַריערע פון די רוגאָנס", „געלט", „נאַנאַ", „זשערמינאַל", „מפּלה", „דאָקטאָר פּאַסקאַל" א. א.), וועלכער גיט אַ בילד פון פראַנקרייך בעת דער צווייטער אימפּעריע.

### פון ייִדישן פאָלקס־אוצר

א שלאָס איז געמאַכט נאָר פאַרן אָרנטלעכן.

ווער עס שלאָפט לאַנג, האָט קורצע טעג (אָדער קורצע יאָרן).

צווישן צוויי וואָס שלאָפן אויף איין קישן, זאָל זיך דער דריטער ניט מישן.

אויף שלום שטייט די וועלט.

מען קען ביים ברעג אויך דערטרונקען ווערן.

# 3 אַפּריל

## אליעזר שטיינבאַרג



משלים־שרייבער, פּעדאַגאָג.
געב. 1880.4.3 אין ליפּקאַן, רומעניע, געשט. 1932.3.28, אין טשערנאָוויץ, בעסאַראַביע.
דעביוטירט אין 1910, אין אברהם רייזענס „אייראָפּעישע ליטעראַטור“. 12 פון זיינע משלים זענען ארויס אין א לוקסוס־אויסגאַבע — איינע פון די שענסטע אויסגאַבעס אין יידיש — מיט האָלצשניטן פון ארטור קאָלניק.
וויכטיקסטע ווערק: „אלף־בית“ (מיט אילוסטראַציעס פון קאָלניק, רובין און לערנער), „משלים“ (ערשטער באַנד, טשערנאָוויץ 1932, האַרט נאָך זיין טויט), „מעשהלעך“.

## אליעזר שטיינבאַרג

### צעווישן יאָ און ניין

**(משל)**

שטיי! וווהין ר׳ האָז?
וואָס איז עפּעס פאר א לויפן, וואָס?
סטייטש! גאָרניט געהערט? — א בראָך! א צרה!
עפּעס שמועסט מען דאָרט... א סברה —
א באַפעל אזוינער פונעם שררה:
אלע פוקסן אָפּשניידן די עקן!
— וואָס אזוי? אַי, אַי!.... נאָר דו, וואָס האָסטו זיך צו שרעקן?
— פרעגסט נאָך? ע, איך קען זיי גוט, די לייט, איך קען!
איידער וואָס און איידער ווען,
צעווישן יאָ און ניין,
איידער איך דערווייז זיי קלאָר און ריין,
על פּי דין,
ווער און וואָס איך בין —
שפּיל איך זיך דערווייל ניט מיט מלאכים!
וויי מיר, איך שטעל עדות אי דעם יעגערס הינטל, אי דעם גלחם שיקסל.
ניט איך בין און ניט איך בין געווען א פיקסל —
ערשט איך קוק זיך אום, אוי! ווו מיין עק? שוין נאָך אים!

אויפן אמת איר געטון א נים!
נו א גוטן! — גיב גאָט פּים!

## ברוך ראָם

גרינדער פון איינער פון די ערשטע יידישע דרוקערייען אין רוסלאַנד.
[געב. אין ..17. געשט. 1803.4.3].

זיין דרוקעריי האָט זיך צוערשט געפונען אין גראָדנע (די ערשטע אויס־גאַבעס — 1795), שפּעטער אַריבערגעפירט קיין ווילנע (1799). אין ראָמס דרוק איז אַרויס דער תנ"ך (1830) און שפּעטער דער „תלמוד בבלי" (1835—1854).

אַ וועלט־נאָמען האָט די דרוקעריי דערגרייכט, ווען בראש פון איר האָט זיך אין 1863 געשטעלט די אלמנה פון דוד ראָם — דבורה ראָם — געבוירענע האַרקאַווי (1831—1903). זינט דאַן האָט די דרוקעריי באַקומען דעם נאָמען „האלמנה והאחים ראָם".

אין דער דרוקעריי האָט זיך אויך געדרוקט יידישע מאַסן־ליטעראַטור, די ביכער פון אייזיק־מאיר דיק, שמ"ר, זייפערט א. א.

## ד"ר יעקב ווּיגאָדסקי



געזעלשאַפטלעכער טוער און פובליציסט.
געב. 1856.4.3, אין באָברויסק, ווייסרוסלאַנד. אומגעקומען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע פון ווילנע, אויפן 85־טן לעבנס־יאָר, אין לוקישקער תפיסה, אין יולי 1941.

פון פאַך אַ מעדיצין־דאָקטער. אין 1883 זיך באַזעצט אין ווילנע, ווו געוואָרן מיט דער צייט אַ פּאָפּולערער געזעלשאַפטלעכער טוער און שתדלן. געווען דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים, פאָרזיצער פון דער ווילנער יידישער קהילה, ראַטמאַן פון ווילנער מאַגיסטראַט.

אין בוכפאָרם: „זכרונות פון די אָקופּאַציע־צייטן 1914—1918", „אין גיהנום" (זכרונות פון די דייטשישע תפיסות בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה), „אין סמבטיון".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

פון צוקומעניש טוט דער קאָפּ נישט ווי.

צו הערינג באַדאַרף מען קיין זאַלץ און צו גריוון קיין שמאַלץ.

וואָס פאַר א גוטמאָרגן, אזא גוט־יאָר.

די אייער ווילן קליגער זיין פון די הינער.

מיט איין איי קען מען א גאַנצע שיסל באָרשטש פאַרווייסן.

# 4 אַפּריל

## לעאָניד פּאַסטערנאַק

מאָלער און צייכענער.

געב. 1862.4.4, אין אָדעס. געשט. אין מאַי 1945, אין ענגלאַנד.

געמאָלט דער עיקר שטייגער־בילדער פון רוסישן און יידישן לעבן. פאָטער פונעם רוסישן שרייבער באָריס פּאַסטערנאַק.

## הערש־דוד נאָמבערג



שרייבער, פּובליציסט, געזעלשאַפטלעכער טוער.

געב. 1874.4.4, אין אמשינאָוו, ביי וואַרשע. געשט. 21.11.1927, אין אָטוואָצק, ביי וואַרשע, באַערדיקט אויפן נעגשער בית־עולם אין וואַרשע.

דעביוטירט אין 1900. אָנטיילגענומען אין דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ (1908), איינער פון די גרינדער פון דער פאָלקס־פּאַרטיי אין פּוילן, סיים־דעפּוטאַט, פאָרזיצער פון יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין אין וואַרשע.

וויכטיקסטע דערציילונגען: „דער רב און זיין זון“, „פון אַ פּוילישער ישיבה“, „פליגלמאַן“, „צווישן בערג“. איבערגעזעצט אין יידיש „שפּעטזומער“ פון ראַבינדראַנאַט טאַגאָר, „מעשהלעך פון טויזנט און איין נאַכט“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ גוטע התחלה איז אַ האַלבע אַרבעט.

אַז די ערשטע שורה איז קרום געשריבן, טויג דער גאַנצער בריוו אויף כּפּרות.

לאַך, ווען דו ווילסט זיך לייגן שלאָפן.

עס שיט זיך פון אים ווי פון א לעכערדיקן זאַק.

# 5 אַפּריל

## דוד פּינסקי



געב. 5.4.1872, אין מאָהילעוו, ווייסרוסלאַנד. געשט. 10.8.1959, אין חיפה, ישראל, צו 87 יאָר.
איינער פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער נײַ־ער יידישער ליטעראַטור.
אין בוכפאָרם: „דערציילונגען“, „דראַמען“ אין 5 בענ־דער (אין דעם: „דער אוצר“, „די פאַמיליע צבי“, „אייזיק שעפטל“, „יאַנקל דער שמיד“, „גאַברי און די פרויען“, דער איינאַקטער „דער אייביקער ייד“, צום ערשטן מאָל געשפּילט דורך דער „הבימה“ אין מאָס־קווע, און וועלכער געהערט ביז הײַנט צו טאָג צום אייזערנעם רעפּערטואַר פון דאָזיקן טעאַטער). די לעצטע יאָרן געלעבט אין ישראל.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ קנויל האָט אויך אַן עק.

דער לעצטער מאַכט די טיר צו.

ווו וואַסער איז געלאָפן, דאָרט וועט עס ווייטער לויפן.

מען זאָל נישט געפרווט ווערן צו וואָס מען קאָן געוווינט ווערן.

צו גוטס געוווינט מען זיך גיך צו.

אַז מען ווייגט זיך אויס, ווערט גרינגער אויפן האַרצן.

ער זעט אויס ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא.

ער זעט אויס ווי אַן אויסגעווייקטער הערינג.

ווו אַ פאַרד איז ער מיינער אַ קרוב.

קרובים דערקענט מען, אַז זיי ווערן רײַך.

מען וואָלט געקאָנט לעבן, נאָר מען לאָזט נישט.

# 6 אַפּריל

## קישינעווער פּאָגראָם

דעם 6 און 7 אַפּריל 1903 זענען אין קישינעוו אויסגעבראָכן אַנטי־יידישע פּאָגראָמען, אָרגאַניזירטע דורך דער „שוואַרצער מאה". בעתן פּאָגראָם זענען דערהרגעט געוואָרן 45 יידן, עטלעכע הונדערט זענען פאַרוואונדעט געוואָרן, יידיש פאַרמעגן איז גערויבט און חרוב געוואָרן.

ח. נ. ביאַליק האָט וועגן קישינעווער פּאָגראָם אָנגעשריבן זיין באַרימטע פּאָעמע „אין שחיטה־שטאָט".

## שאול גינזבורג

היסטאָריקער און פאָלקלאָריסט.

געב. 1866.4.6, אין מינסק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1940.11.16, אין ניו־יאָרק.

צוזאַמען מיט פּ. מאַרעק אַרויסגעגעבן די זאַמלונג „יידישע פאָלקסלידער אין רוסלאַנד" (1901). געווען איינער פון די גרינדער און רעדאַקטאָרן פון דער ערשטער יידישער טעגלעכער צייטונג אין רוסלאַנד „דער פריינד" (1903 — 150 טויזנט עקזעמפּליאַרן), מיטרעדאַקטאָר פון „פּערעזשיטאָיע" (4 בענ־דער), זינט 1930 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „היסטאָרישע ווערק" (אין 3 בענדער), „היסטאָרישע ווערק" (נייע סעריע, 2 בענדער), „משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד".

## חיים יעלין



שרייבער.

געב. 1912.11.9, אין ווילקיאַ, קאָוונער גובערניע, ליטע. אַריינגעפאַלן אין דער קאָוונער געסטאַפּאָ, דעם 6 אַפּריל, 1944, וו פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט.

אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קאָוונער געטאָ.

דעבויטירט אין 1930 מיט דערציילונגען. זיך באַטייליקט אין אַלע פּראָגרעסיווע ליטעראַרישע יידישע אויסגאַבעס אין ליטע.

# 7 אַפּריל



## בוזי (בערל) אָליעווסקי

סאָוויעטיש־ייִדישער שרייבער.

[געב. אין אַפּריל 1908, אין שטעטל טשערניכאָוו, וואָלין. געפֿאַלן אויפֿן פֿראָנט אין 1942].

געענדיקט דעם מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. דעביוטירט מיט לידער אין מינסקער „שטערן" (1926). זײַן ערשט לידער־בוך איז דערשינען אין 1930.

אין בוכפֿאָרם: „פֿאַר דער בינע", „אין וווּקס", „שאַכטע", „אַלץ העכער און העכער"", „אַ נאַכט אויפֿן אַמור", „ביראָבידזשאַנער לידער", „אָנהייב לעבן", „אויף ביראָבידזשאַנער ערד", „לידער", „אשרל און זײַן פֿרײַנד" א. א.



ב. יודאָווין — שלום־עליכמס כתרילעווקע

# 8 אַפּריל

## אברהם רייזען



געב. 1876.4.8, אין קוידענאָוו, מינסקער גובערניע.
געשט. 1953.3.30, אין ניו־יאָרק.
דעביוטירט אין 1891, אין פּרצעס „יידישע ביבליאָטעק“
ערשטע לידער־זאַמלונג „צייט־לידער“, דערשינען אין
וואַרשע אין 1902. זינט 1908 — אין אַמעריקע.
זיינע ווערק זענען אַרויס אין פיל אויפלאַגעס הן אין
אייראָפּע, הן אין אַמעריקע. פיל פון זיינע לידער ווערן
געזונגען דורכן פאָלק ביז היינט. צו זיי געהערן: „הו־
ליעט, הוליעט, בייזע ווינטן“, „קירכנגלאָקן“, מאי קא
משמע לן“, „צו אַ ברודער“ א. אַנד.

### אברהם רייזען

## ווינטערליד

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באַהערשט די וועלט!
ברעכט די צווייגן, וואַרפט דיביימער,
טוט וואָס איך געפעלט!

טרייבט די פייגל פון די וועלדער
און פאַריאָגט זיי פאָרט,
די וואָס קאָנען ווייט ניט פליען —
טייט זיי אויפן אָרט!

רייסט די לאָדן פון די הייזלעך,
שויבן ברעכט אַרויס!
ברענט אַ ליכטל ערגעץ טונקל,
לעשט מיט צאָרן אויס!

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אייער צייט.
לאַנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאָך ווייט!...

# 9 אַפּריל

## לייזער וואָלף

(לייזער מעקלער)



פּאָעט.

[געב. אין 1910, אין ווילנע. געשט. אין אַפּריל 1943, אין אוזבעקיסטאַן, ווו זיך עוואַקואירט נאָכן מלחמה־אויס־ברוך].

דעביוטירט צו 16 יאָר אין די „ליטעראַרישע בלעטער" מיטן ליד „גרינע פרייד".

אין בוכפאָרם: „עוויגינגאָ" (פּאָעמע, געדרוקט אין לאַ־טייגישער טראַנסקריפּציע), „שוואַרצע פּערל", „ליריק און סאַטירע", „די ברוינע בעסטיע". אין 1955 איז אונטער דער רעדאַקציע פון ה. לייוויק דערשינען אין ניו־יאָרק די גרעסטע זאַמלונג פון זיינע לידער.

אַ ריי לידער וואָלפס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין רוסיש און געדרוקט געוואָרן אין דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" (מאָסקווע), צוזאַמען מיט אַן אָפּ־שאַצונג פון פּרץ מאַרקיש.

## לייזער וואָלף

## סך־הכּל

און אין סך־הכּל בין איך נאָך אַ קינד,\
אַ נאַריש קינד מיט עלטערע געדאַנקען.\
איך מיין נאָך אַלץ, אַז ליבע איז אַ זינד,\
אַז אונדזער לעבן דאַרף ווי זילבער בלאַנקען.\
מיך שרעקן נאָך די רוישיקע געטראַנקען,\
מיך רירט נאָך אַלץ אַ שטילע טרער, וואָס רינט —\
ווייל אין סך־הכּל בין איך נאָר אַ קינד,\
אַ ייִנגל מיט פאַרעלטערטע געדאַנקען.

איך מיין נאָך אַלץ, אַז לעבן איז אַ טרוים,\
און כ'קוויק זיך מיט פּאַפּירענע חלומות.\
איך ווייס נאָך ניט, אַז אונדזער גליק איז שוים,\
אַז די וואָס זוכן רו, זיינען בהמות.

אָון כאָטש איך זע דעם טויט, באַגרייף איך ניט,
אַז דאָס איז עפּעס שרעקלעך אָטעמלאָזעס.
איך מיין נאָך אַלץ, אַז טויט — דאָס איז אַ מיט
אין בערגל ערד, באַוואַכט פון צוויי בעריאָזעס.
מיר שטאַרבן אַלע טאָג אין קליינע דאָזעס.
ד'ער אמת איז נאָך ווייט פון מיין געמיט,
ווייל כ'מיין נאָך אַלץ, אַז טויט דאָס איז אַ טריט
אין בערגל ערד, באַוואַכט פון צוויי בעריאָזעס.



ל. סעגאַל: טויט

# 10 אַפּריל

## הירש גליק

## דאָס זאַנגל

בלאָנד ביסטו ווי אַ זאַנגל,
שיין ווי דער זון־פאַרגאַנגל,
פיר מיך דורך באַרג און טאָל
און איך דיר נאָך אַמאָל,
ביז מיר וועלן זיך שיידן.

און וואָלט איר זען ביים שיידן
אין ראָזן שקיעה ביידן,
ליפּן ווי מערעלעך,
אויגן פול טרערעלעך
און בעסער גאָרניט ריידן.

הער, מיידל, מיין פאַרלאַנגל,
אין ראָזן זון־פאַרגאַנגל,
שווער מיר ביים זונען־שיין,
אַז דו וועסט מיינע זיין, —
און זי האָט אים געשוואָרן.

און זי האָט אים געשוואָרן,
פּורפּור איז ער געוואָרן,
פּורפּור ווי דער פאַרלאַנג,
פּורפּור ווי זון־פאַרגאַנג,
הינטער די בלאָנדע קאָרן.

אין פאַסטעכס פייפל־קלאַנגל,
לעשט זיך דער זון־פאַרגאַנגל,
און אין די הימלען טיף,
די לבנה אַ זעגל־שיף
איז שוין אַרויסגעגאַנגען.

איז זי זיי נאָכגעגאַנגען
און שטערן אויסגעהאנגען,
שטערן איבער די צוויי
און ביימער צווישן זיי —
שטייען ווי חופּה־שטאַנגען.

# 11 אַפּריל

## גליקל פֿון האַמעלן

[געב. אין 1646, אין האַמבורג. געשט. אין 1724, אין מעץ].

אָנגעשריבן אין אַלט־יידיש זכרונות („זכרונות פֿון מרת גליקל האַמעל“), וואָס האָבן אַ געזעלשאַפֿטלעך־היסטאָרישן און אויך קינסטלערישן ווערט. אַרויס־געגעבן אין בוכפֿאָרם צום ערשטן מאָל אין 1896 דורך דוד קויפֿמאַן.

## פֿערדינאַנד לאַסאַל



געב. 4.11. 1825, אין אַ יידישער משפּחה, אין ווראָצ־לאַוו. געשט. 8.31. 1864, אין זשענעווע, שווייצאַריע, פֿון די וווּנדן באַקומענע בעת אַ דועל. באַערדיקט אין זיין געבוירנשטאָט, אויפֿן אַלטן יידישן בית־עולם.

געשפּילט אַ גרויסע ראָל ביים גרינדן אין יאָר 1863 דעם „אַלגעמיינעם דייטשישן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד“ — די ערשטע אַרבעטער־פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, וועמענס פּאָרזיצער ער איז געווען. אַ סך יאָרן געווען זייער פּאָ־פּולער. יידישע אַרבעטער פֿלעגן זינגען אַ ליד, אין וועלכן ס'זענען געווען אַזעלכע ווערטער: „פֿאָרויס גייט אונדז מאַרקס מיט זיין מעכ־טיקער פֿען, לאַסאַל מיט זיין גוואַלדיקער שפּראַכע“.

וויכטיקסטע ווערק: „די פֿילאָזאָפֿיע פֿון העראַקליט פֿון עפֿעס“, „פֿראַנץ פֿאָן זיקינגען“ (דראַמע).

### פֿון יידישן פֿאָלקס־אוצר

פֿרעגן זאָלסטו פֿרעגן אָבער נישט גלייבן.

פֿון אַ נאַר קאָן מען קיין ראיה נישט ברענגען.

אַז א מענטש פֿאַלט זאָגט אַפֿילו די שפּין אויף דער וואַנט עדות קעגן אים.

# 12 אַפּריל

## ה. ד. נאָמבערג

### וויג־ליד

ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקן,<br>ס׳פייפט און ברומט דער ווינט, —<br>פון סיביריען שיקט דיין טאַטע<br>דיר אַ גרוס מיין קינד!

נאָר דער ווינט, ער ברענגט אונדז גרוסן<br>פון דעם קאַלטן לאַנד;<br>דאָרטן שטייט ער, אַ לאָפּאַטע<br>האַלט ער אין דער האַנט.

און ער גראָבט אַלץ טיפער, טיפער,<br>וואַרפט די ערד אַרויס, —<br>ניט געזאָרגט דאָך! פאַר׳ן שקר<br>גראָבט ער קברים אויס.

ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער<br>פאַלט ער אויפן פעלד!<br>זאָרג נישט קינד מיינס, דיך געבאָרן<br>האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד וועסטו אויסוואַקסן,<br>שלאָף־זשע, שלאָף אַצינד;<br>זאַמל כוחות פאַר דער צוקונפט,<br>זאַמל, איינציק קינד!

# 13 אַפּריל

## ב. גאָרין

### (יצחק גוידאָ)



שרייבער.

געב. 4.13 .1868, אין לידע, ווייסרוסלאַנד. געשט. 4.13 .1925, אין ניו־יאָרק.

זיך אָנגעהויבן דרוקן אין ספּעקטאָרס „הויז־פֿריינד“ און פּרצעס „יודישע ביבליאָטהעק“.

אין בוכפֿאָרם: „קליינע ערצעהלונגען“, „דער נייער פּראָצענטניק“, „פֿון זאַוואָד אין באָד“, „פֿאַרגעסענע ניגונים“, „די געשיכטע פֿון יידישן טעאַטער“ (דריי בענדער), „די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע“ א. א.

### פֿון יידישן פֿאָלקס־אוצר

ביסטו אין באָד, דאַרפֿסטו שוויצן.

איין מאָל איז קיין מאָל.

איין מאָל איז שיין, צוויי מאָל האָט נאָך חן, דריי מאָל האַקט מען אויס די ציין.

אַז אַ ביסל איז גוט, איז אַ סך נאָך בעסער.

פֿאַר געלט האָט מען די וועלט און יענע וועלט.

פֿרעגן קאָסט קיין געלט ניט.

צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט קיין געלט ניט.

ווער עס גראָבט אַ גרוב פֿאַר יענעם, פֿאַלט אַליין אַריין.

מיין דרייער איז אויך אַ דרייער.

די לעצטע העמד צו פֿאַרזעצן אבי אַ גביר צו זיין.

# 14 אַפּריל

## יצחק־אייזיק הורוויטש



שריפטשטעלער.
געב. 14.4.1860, אין ווילנע. געשט. 9.7.1924, אין ניו־יאָרק.
פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר (1881). אין 1888 פאַרעפנטלעכט אַ בוך אין רוסיש „די איבערוואַנדערונגען פון די פויערים קיין סיביר". נאָכן צוריקקומען פון פאַרשיקונג קיין מינסק אָרגאַניזירט די ערשטע סאָציאַליסטישע קרייזלעך. אין 1890 — אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.
אין בוכפאָרם: „אויסגעוויילטע שריפטן" (4 בענדער), „עמיגראַציע אין אַמעריקע", „יידישע פּראָגן".

## נפתלי בוכוואַלד



שריפטשטעלער, טעאַטער־קריטיקער.
געב. 14.4.1890, אין לייבון, וואָלין. געשט. 7.7.1956, אין ניו־יאָרק.
אין דער עלטער היים געלערנט אין חדר. זינט 1918 אין אַמעריקע, וווּ זיך דערשלאָגן צו הויך־בילדונג. דעבוטירט אין יידיש אין 1918, מיטגעאַרבעט אין אַ גאַנצער ריי יידישע און יידיש־ענגלישע צייטונגען, דער עיקר אין דער „פרייהייט" (שפּעטער „מאָרגן־פרייהייט"), וווּ געפירט די טעאַטער־אָפּטיילונג. אויסערדעם געווען לעקטאָר אין דער טעאַטער־סטודיע פון „אַרטעף".
נ. בוכוואַלד איז דער מחבר פון אַ וואָגיק ווערק א. ג. „טעאַטער" (ניו־יאָרק, 1943).

## לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי



איטאַליענישער מאָלער, סקולפּטאָר, אַרכיטעקט און קונסט־טעאָרעטיקער.
געב. 15.4.1452, אין אַנטשיאַנאָ לעבן ווינטשי, נישט ווייט פון פלאָרענץ. געשט. 2.5.1519, אין קלו לעבן אַמבואַז, פראַנקרייך.
איינער פון די גרעסטע פאָרשטייער פון איטאַליענישן רענעסאַנס.
צו זיינע באַרימטסטע שאַפונגען געהערן: „דער לעצטער אָוונטברויט" און „מאָנאַ ליזאַ".

## שמואל אַגורסקי

אַרבעטער־טוער, קריטיקער, היסטאָריקער.
געב. 15.4.1884, אין גראָדנע, ווייסרוסלאַנד. געשט. אין 1938.
אין 1905 — אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד און פון דאָרט אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. אַ געוויסע צייט געווען טעטיק ביי די אַנאַרכיסטן. אין 1917, נאָך דער רעוואָלוציע, צוריקגעקערט זיך קיין רוסלאַנד, זיך אָנגעשלאָסן צו די באָלשעוויקעס. אָנטיילגענומען אין בירגער־קריג. מיטגעאַרבעט מיט ש. דימאַנשטיין אין יידישן קאָמיסאַריאַט; געווען אָנפירער פון אינסטיטוט פאַר פראָלעטאַרישער יידישער קולטור ביי דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון דער ווייסרוסישער רעפובליק.
אין בוכפאָרם: „אויפן היסטאָרישן פראָנט", „די רעוו. באַוועגונג אין ווייסרוסלאַנד", „די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אויף יידיש אין 1875—1897".

## משה־אהרן ראַפּאַלסקי



רעזשיסער.
געב. 15.4.1889, אין קיעוו. געשט. אין 1937.
וויכטיקער טוער פון יידישן טעאַטער אין ראַטנפאַרבאַנד. אין 1918 געשאַפן דעם „אונדזער ווינקל" — דעם ערשטן יידישן דראַמאַטישן טעאַטער אין אוקראַינע. שפּעטער געגרינדעט און אָנגעפירט מיטן יידישן מלוכה־טעאַטער אין ווייסרוסלאַנד (מינסק). צו זיינע וויכטיקסטע אויפפירונגען געהערן: „אין פּאָליש אויף דער קייט" פון י. ל. פּרץ (סצענאָגראַפיע — יששכר־בער ריבאַק, מוזיק: א. קריין), „דער יום־טוב אין קאַסריעלעווקע" לויט שלום־עליכם, שעקספּירס „שיילאָק", וועוויאָרקעס „באַטווין", קושניראָווס „הירש לעקערט".

# 16 אַפּריל

## אַנאַטאָל פראַנס

### (זשאַק אַנאַטאָל טיבאָ)



פראַנצויזישער שרייבער.

געב. 1844.4.16. געשט. 1924.10.13.

לאורעאַט פון דער נאָבל־פּרעמיע (1921). די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן — מיטגליד פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

וויכטיקסטע ווערק: „דאָס פאַרברעכן פון סילוועסטער באָנאַר", „היינטצייטיקע געשיכטע", „פּינגווינען־אינדזל", „טאַיס", „געטער זענען דורשטיק". די מערסטע פון זיי זענען איבערגעזעצט אין יידיש.

## ז. ליבין

### (ישראל־זלמן הורוויץ)



שרייבער, דראַמאַטורג.

געב. אין 1872, אין האָרקי, מאָהילעווער גובערניע, ווייס־רוסלאַנד. געשט. 1955.4.16, אין ניו־יאָרק.

פון 1892 — אין אַמעריקע, ווו געווען איינער פון די פּיאָנערן פון דער יידישער ליטעראַטור, געשילדערט דאָס לעבן פון די יידישע עמיגראַנטן.

אין בוכפאָרם: „געקליבענע סקיצן", „געקליבענע שריפטן" (הונדערט דערציילונגען), „געוויילטע ווערק" (אין פיר בענדער).

## הערשל אָרלאַנד

סאָוועטיש־יידישער שרייבער.

געב. אין 1896, אין טעטיעוו, לעבן קיעוו. געשט. 1946.3.16, אין מאָס־קווע.

געווען רעדאַקטאָר פון כאַרקאָווער „שטערן" און פון זשורנאַל „סאָוועטישע ליטעראַטור".

אין בוכפאָרם: „הרעבליעס" (ראָמאַן), „אַגלאָמעראַט" (ראָמאַן), „שלאַכטן" (עסייען).

# משה גערשענזאָן



סאָוויעטיש־יידישער דראַמאַטורג און משלים־שרייבער. געב. אין 1903, אין טשערניכאָוו, אוקראַינע. געפאַלן אויפן פראָנט דעם 1943.4.16.

מחבר פון „הערשעלע אָסטראָפּאָלער“ (פאָלקס־שפּיל אין דריי אַקטן), „מיין זון“ (פּיעסע) „כעלעמער חכמים“ (פּיעסע).

איינער פון די טאַלאַנטירטסטע פאָרשטייער פון דער יינגערער גענעראַציע פון די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער אויף אוקראַינע.



ק. פּיסאַרא: פראַנצויזישער פּייזאַזש

# 17 אַפּריל

## מ. ל. האַלפּערן

### גלאַט־אַזוי

האָט משה לייב זיך אַנידערגעשטעלט
אין מיטן דער נאַכט, צו דערטראַכטן די וועלט.
הערט ער צום אייגענעם טראַכטן זיך איין —
שעפּטשעט אים עמעץ אין אויער אַריין,
אַז אַלצדינג איז גלייך און אַז אַלצדינג איז קרום
און ס׳דרייט זיך די וועלט אַרום אַלצדינג אַרום.
צופּט משה לייב מיט די נעגל אַ שטרוי
און שמייכלט.
— פאַרוואָס?
גלאַט אַזוי.

צופּט ער אַזוי זיך די שטרוי אין דער נאַכט,
מיט זיך אים נאָכאַמאָל עפּעס אַ טראַכט.
טראַכט זיך אים — הערט ער זיך נאָכאַמאָל איין —
שעפּטשעט אים עמעץ אין אויער אַריין,
אַז גאָרנישט איז גלייך און אַז גאָרנישט איז קרום
און ס׳דרייט זיך די וועלט אַרום גאָרנישט אַרום.
צופּט משה לייב מיט די נעגל די שטרוי
און שמייכלט.
— פאַרוואָס?
גלאַט־אַזוי.

## יואל ענגעל



קאָמפּאָזיטאָר, זאַמלער פון יידישן פאָלקלאָר.
געב. 18.4.1868, אין בערדיאַנסק, רוסלאַנד. געשט. 11.2.1927 אין תל־אביב.

געענדיקט די מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע. לאַנגע יאָרן געשטאַנען בראש פון דער „געזעלשאַפט פאַר יידישער פאָלקס־מוזיק" אין רוסלאַנד. געזאַמלט און באַאַרבעט יידישע פאָלקס־מעלאָדיעס. צוזאַמען מיט ש. אַנ־סקין זיך באַטייליקט אין אַן עטנאָגראַפישער עקספּעדיציע איבער דער קיעווער גובערניע און וואָלין. אויטאָר פון „מוזיקאַלישן ווערטערבוך", „עטיודן צו דער געשיכטע פון מוזיק", „אין דער אָפּערע", „גלינקע" (אין רוסיש). אין יידיש: „יידישע פאָלקס־לידער", „50 קינ־דער־לידער", „9 פאָלקס־לידער", „פעלד־קינדער", „אַ קראַנץ יידישע פאָלקס־ניגונים". אָנגעשריבן מוזיק צו אַנ־סקיס „דיבוק" פאַר דער „הבימה", צו פּרצעס און שלום־עליכמס ווערק.

## אַלעקסאַנדער גראַנאַך



שוישפּילער אויף דער דייטשישער און שפּעטער יידישער בינע.

געב. 18.4.1890, אין דאָרף ווערבאָוויץ, מזרח־גאַליציע. געשט. 14.3.1945, אין ניו־יאָרק.

געלערנט אין חדר און פרי אָנגעהויבן אַרבעטן (צו אַ בעקער). אויך אין בערלין, וווּ ער האָט אימיגרירט, געאַר־בעט ביי בעקעריי און גלייכצייטיק זיך געלערנט אין דער דראַמאַטישער שול פון מאַקס ריינהאַרדט. אָנגעהויבן גע־קראָגן ווי אַן אַקטיאָר פון דייטשישן טעאַטער. אין 1934 פאַרלאָזט דייטשלאַנד און די דייטשישע בינע און אַריבער צו דער יידישער. גע־שפּילט אין וואַרשע, לאָדזש, קיעוו, אין אַמעריקע, אויפגעטראָטן אין אַ גאַנצער ריי פילמען. אָפט געדרוקט אַרטיקלען אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער".

מחבר פון אויטאָביאָגראַפישן בוך „אָט גייט אַ מענטש" („איקוף", 1945).

# 19 אַפּריל

## אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ



מ. אַניעלעוויטש

דעם 19 אַפּריל 1943 האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט דורך דער פּאַראייניקטער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען אין אָקטאָבער 1942. בראש פון איר איז געשטאַנען אַ שטאַב אין באַשטאַנד פון מרדכי אַניעלעוויטש („השומר הצעיר") — קאָמענדאַנט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, מיכאַל רויזענפעלד (פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי), הערש בערלינסקי (פּועלי־ציון לינקע), יצחק צוקערמאַן („החלוץ") און מאַרעק עדעלמאַן („בונד").

דעם 19 אַפּריל, פּאַרטאָג, זענען די אָקופּאַנטן צוגעטראָטן צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון דעם רעשט יידן אין וואַרשעווער געטאָ. זיי האָבן געשיקט רעגולערע מיליטער־טיילן, אַרטילעריע, סאַפּערן, דייטשישע און פּוילישע פּאָליציי, גרופּן פון אוקראַאינישע און לעטישע פאַשיסטן, אונטער דער אַלגעמיינער אָנפירונג פון גענעראַל יורגען סטראָאָפּ.

די דייטשישע אָפּטיילונגען זענען דורך אַ שטאַרקן פייער פון די געטאָ־קעמפער צוריקגעטריבן געוואָרן. דאַן האָבן זיי אַריינגעפירט אין קאַמף טאַנקן און אפילו אַוויאַציע.

דעם 16 מאַי האָט סטראָאָפּ אָפיציעל געמאָלדן, אַז דער „געוועזענער יידישער וווין־קוואַרטאַל האָט אויפגעהערט עקזיסטירן". אָבער די קאַמפּן, כאָטש נישט מער קיין קאָאָרדינירטע, זענען מצד די יידישע קעמפער ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן. די לעצטע ידיעות וועגן צוזאַמענשטויסן שטאַמען פון אויגוסט 1943, הגם דאָס געטאָ איז שוין לאַנג געלעגן אין חורבות.

## ד"ר חיים זשיטלאָווסקי



שריפטשטעלער, דענקער, געזעלשאַפטלעכער טוער.

געב. 1865.4.19, אין אוסאַטש, וויטעבסקער גובערניע, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1943.5.6, בעת אַ לעקציע־טור איבער קאַנאַדע. זיין לוויה איז פאָרגעקומען דעם 12 מאַי אין ניו־יאָרק.

אין דער יוגנט געהערט צו אַ קרייזל פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (אין וויטעבסק), איינער פון די גרינדער פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן — ס. ר. (1901). שפּעטער אַריבער צו יידיש און יידיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. געווען איינער פון די אָרגאַני־

זאַטאָרן און הויפּט־רעדנער אויף דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ (1908). פון 1930 — אין אַמעריקע. געהערט צו די איניציאַטאָרן פון אַלוועלט־לעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז (1937) און פון אַמעריקאַנער „איקוף“.

וויכטיקסטע ווערק: „אין קאַמף פאַר פאָלק און שפּראַך“, „דער סאָציאַ־ליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע“, „ייד און וועלט“, „דער זין פון מענטשלעכן לעבן“, „מיינע אני־מאמינס“, „זכרונות פון מיין לעבן“, „סאָציאַליזם און מאָ־ראַל“, „יידן און יידישקייט“.




געטאָ־דענקמאָל אין וואַרשע

# 20 אַפּריל

## מאָטקע כאַבאַד



פאָלקס־וויצלינג.
[געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונ־דערט אין ווילנע].
פון פאַך — אַ סאַרווער אויף חתונות. פאַרדינט אויך פון זיינע וויצן און מעשיות.
פאַראַן וועגן אים אַ שטיקל ליטעראַטור, אָבער אָן גע־נויערע ביאָגראַפישע ידיעות, דהיינו — דאָס ביכל „מאָטקע חב״ד פון ווילנע“ פון מ. לעוויטאַן.

* * *

אין ווילנע האָט געלעבט אַ גביר, אַ תקיף — יודל אָפּאַטאָוו. ער האָט געהאַט אַ גראָבן שטעקן און אַ גראָב מויל און אַלע האָבן פאַר אים געציטערט. איינמאָל האָט ער אין קהל־שטיבל געפאָדערט אַ זאַך, וואָס קהל האָט נישט געקאָנט נאָכגעבן.

— וואָס וועט זאָגן דערויף ווילנע? — האָט עמיצער פון קהל געזאָגט.

— ווילנע? — האָט יודל אָפּאַטאָוו געגעבן אַ געשריי. — זאָל מיר גאַנץ ווילנע...

פאַר אַזאַ גראָבקייט איז געבליבן ביי קהל זיך אָפּצורעכענען מיטן תקיף.

און מאָרגן, בשעת יודל אָפּאַטאָוו האָט זיך צוגעלייגט נאָכמיטאָג אָפּרוען, איז פלוצלונג צו אים געקומען צו לויפן מאָטקע כאַבאַד אַ פאַרסאַפּעטער, אָן אָטעם:

— גיכער, — האָט ער אַרויסגעסאַפּעט, — ר׳ יודל... וווּ איז ר׳ יודל? איך מוז אים זען...

— דו ביסט משוגע, צי מטורף, מאָטל? — האָבן די שטוביקע אויף אים אָנ־געשטעלט די אויגן.

גאַנץ ווילנע האָט געוווּסט, אַז וועקן יודל אָפּאַטאָוון פון שלאָף איז סכנות נפשות... אפילו די ווייב האָט דאָס מורא געהאַט צו טאָן.

אָבער מאָטקע האָט פון קיין זאַך נישט געוואָלט וויסן.

אָפּאַטאָווס ווייב האָט געמיינט, אַז ס׳מוז זיין עפּעס אַ גזירה, אַ סכנה פאַר יידן. האָט זי זיך לסוף איינגעשטעלט און איז אַוועק אויפוועקן דעם מאַן.

— וואָס אי? האַ? וואָס? — האָט זיך אָפּאַטאָוו אויפגעכאַפּט און געלאָפן צו מאָטקען נישט טויט, נישט לעבעדיק.

— ר׳ יודל, — האָט מאָטקע געסאַפּעט — ר׳ יודל, קהל... אסיפה... עקסטראַ! מ׳האָט מיך געשיקט...

— רעד ווערטער! וואָס איז?! — האָט דער תקיף געברומט ווי אַ צערייצטע חיה.

— קהל... — האָט מאָטקע קוים אַרויסגערעדט — האָט מיך געשיקט... אַנטקעגן דעם, הייסט עס, וואָס איר האָט נעכטן געזאָגט... גאַנץ ווילנע זאָל אייך מנשק זיין... ווייסט קהל נישט, ווי האָט איר געמיינט די שטאָט: מיט סניפּישאַק, צי אָן סניפּישאַק...

# 21 אַפּריל

## א. ווייטער

### (אייזיק־מאיר דעוועניסקי)



שרייבער, געזעלשאַפטלעכער טוער.

געב. אין יולי 1878, אָדער 1879, אין שטעטעלע בעניאַקאָן, ווילנער געגנט. דעם 21.4.1919 דערשאָסן געוואָרן אין ווילנע דורך פּילסודסקיס לעגיאָנערן.

אין בוכפאָרם: „פּאַרטאָג“, „אין פייער“, „דער שטורעמער“ (פּיעסן), „ביים שאַמאַן — אַ קאַפּיטל פון אַ ראָמאַן“, „כתבים“ (שוין נאָך זיין טויט). פאַראַן אַ ספּעציעלע אויסגאַבע „א. ווייטער־בוך“ מיט אָפּהאַנדלונגען און זכרונות וועגן אים (ווילנע, 1920, אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ניגער און ז. רייזען).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

גאָט זאָל אָפּהיטן צו האָבן איין קינד און איין העמד.

מאַלאַטער מיידן לאַכן איידער מען קיצלט זיי.

אַן איבערגעוואַקסענע מויד איז ווי אַ פאַראַיאָריקער לוח.

אַ ציג האָט אויך אַ באָרד און איז נישט מער ווי אַ ציג.

ניט דאָס איז שיין וואָס איז שיין, נאָר דאָס וואָס עס געפעלט.

דער שווערסטער פעלץ איז ווינטער גרינג, דאָס גרינגסטע העמד איז זומער שווער.

אַ זייגער איז בעסער ווי מזומן געלט — מזומן געלט גייט אַוועק און אַ זייגער שטעלט זיך אָפּ.

אין פריידן איז אַ יאָר אַ טאָג, אין ליידן איז אַ טאָג אַ יאָר.

עס שפּאַרט שוין אָן אין דער שוסטער־גאַס.

איינער האָט קיין אַפּעטיט צום עסן, דער אנדערער האָט קיין עסן צום אַפּעטיט.

# 22 אַפּריל

## לענין

### (וולאַדימיר איליטש אוליאַנאָוו)



געב. 22.4.1870, אין סימבירסק (איצט אוליאַנאָווסק).
געשט. 21.1.1924, אין גאָרקי, ביי מאָסקווע.

לענינס עלטערער ברודער, אַלעקסאַנדער, איז פֿאַר אָנטיילנעמען אין אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער III אויפֿגעהאָנגען געוואָרן אין דער שליסלבורגער פֿעסטונג. פֿאַר אָנטיילנעמען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון די סטודענטן איז לענין אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון קאַזאַנער אוניווערסיטעט און אַרויסגעשיקט אונטער פּאָליציי־אויפֿזיכט. שפּעטער אָפּגעגעבן עקזאַמען אַלס עקסטערן אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. אין 1895 האָט לענין געגרינדעט דעם „פֿאַרבאַנד צום באַפֿרייען דעם אַרבעטער־קלאַס". אין זעלבן יאָר ווערט ער אַרעסטירט און פֿאַרמשפּט צו 3 יאָר פֿאַרשיקונג קיין סיביר. פֿון 1900 — אויף עמיגראַציע אין אויסלאַנד, וווּ אָנגעהויבן אַרויסגעבן די צייטונג „איסקראַ" (פֿונק), וועלכע האָט צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דער מאַרקסיסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין רוסלאַנד (רסדרפּ). לענין אַנטוויקלט אין יענע יאָרן אַן אינטענסיווע פּאָליטישע, אָרגאַניזאַטאָרישע און טעאָרעטישע טעטיקייט. בעת דער רעוואָלוציע פֿון 1905 קערט זיך לענין אום קיין רוסלאַנד, און גייט אַ צווייטן מאָל אַוועק אין עמיגראַציע אין 1907. קערט זיך אום אין 1917, נאָכן פֿאַלן פֿון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפֿט. גרייט די פּאַרטיי און דעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס צום איבערנעמען די מאַכט, צום באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד — צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. נאָכן זיג פֿון דער רעוואָלוציע — פּאַרזיצער פֿון דער ערשטער סאָוויעטישער רעגירונג — ראַט פֿון די פֿאָלקס־קאָמיסאַרן.

געשטאָרבן אין עלטער פֿון נישט קיין פֿולע 54 יאָר.

וויכטיקסטע ווערק: „די אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד", „וואָס טוט מען?", „מאַטעריאַליזם און עמפּיריאָקריטיציזם", „וועגן די רעכט פֿון די פֿעלקער אויף זעלבסטבאַשטימונג", „אימפּעריאַליזם ווי דער העכסטער עטאַפּ פֿון קאַפּיטאַליזם", „מלוכה און רעוואָלוציע" (די מערסטע פֿון זיי זענען פֿאַראַן אויך אין ייִדיש).

# 23 אַפּריל

## וויליאַם שעקספּיר



ענגלישער דיכטער, דראַמאַטורג און אַקטיאָר.

געב. 23.4.1564 אין סטראַטפאָרד-אייוואָן. געשט. 23.4.1616, דאָרטן.

אין 1587 קומט ער קיין לאָנדאָן, וווּ ער טרעט אויף אַלס אַקטיאָר, דראַמאַטורג און אַפילו מיטאייגנטימער פון „גלאָבּ-טעאַטער" (1599). פון 1610 — צוריק אין סטראַטפאָרד. אין 1609 דערשיינט אין בוכפאָרם אַ זאַמלונג פון זיינע 154 סאָנעטן.

וויכטיקסטע ווערק: „היינריך דער 4", „היינריך דער 5", „היינריך דער 6", „היינריך דער 7", „ריטשאַרד דער 2", „ריטשאַרד דער 3", „דער חלום אין אַ זומער-נאַכט", „די לוסטיקע ווייבער פון ווינדזאָר", „דער סוחר פון ווענעדיק", „אַ גרויסער טומל אַרום גאָרנישט", „סוף גוט — אַלץ גוט", „ראָמעאָ און יוליע", „האַמלעט", „אָטעלאָ", „קעניג ליר", „מאַקבעט", „יוליוס צעזאַר", „אַנטאָני און קלעאָפּאַטרע", „קאָריאָלאַנוס", „אַ ווינטער-מעשהלע", „דער שטורעם".

## ווילנער גאון



געב. 23.4.1720, אין ווילנע. געשט. 9.10.1797, דאָרטן.

געשטאַמט פון אַן אַלטער ווילנער רבנים-משפּחה. ביזשט באַזוכט קיין נאָרמאַלן חדר און ישיבה, אָבער שוין ווי אַ יונגערמאַן-וועלבּסטלערנער אַרויסגעוויזן גרויסע בקיאות אין דער גאַנצער תּלמודישער ליטעראַטור. געלעבט אין גרויס אָרעמקייט, זיך אָפּזאָגנדיק פון אָננעמען דעם פּאָסטן פון שטאָט-רב. אַרויסגעטראָטן קעגן סכאָלאַסטיק און פּלפּול. די ווייבער האָט ער געהייסן לערנען תּנ"ך אין יידיש — זיי זאָלן בעסער פאַרשטיין. געווען פאַר דעם, מען זאָל לערנען וועלטלעכע וויסנשאַפטן, אַליין געווען דער מחבר פון ווערק וועגן מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, געאָגראַפיע און העברעישער גראַמאַטיק. שאַרף באַקעמפט דעם חסידיזם.

## זמיטראָק ביאַדולאַ (שמואל פּלאַווניק)



ווייסרוסישער שרייבער.

געב. 23.4.1886, אין שטעטל פּאָסאַדעץ, געוו. ווילנער גובערניע, אין אַן אָרעמער יידישער משפּחה. געשט. 3.11.1941. זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1910 אין ווייסרוסיש. געשריבן וועגן לעבן פון ווייסרוסישן דאָרף.

וויכטיקסטע ווערק: „סאָלאָוויי", „אויסערגעוויינלעכע געשיכטעס", „יאַזעפּ קרושינסקי", „אין די טיפע וועלדער".

# 24 אַפּריל

## יאַראָסלאַוו האַשעק



טשעכישער שרייבער — סאַטיריקער.

געב. 1883.4.24, אין פּראָג. געשט. 1923.1.3, אין ליפּני־צע.

מחבר פון די באַרימטע „פּאַסירונגען פון בראַוון סאָל־דאַט שווייק" אין 5 טיילן. דעם לעצטן טייל — „סאָל־דאַט שווייק אין רוסישער געפאַנגענשאַפט" האָט האַ־שעק נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן. דאָס האָט געטאָן פאַר אים זיין פריינד, דער שרייבער קאַרעל וואַנעק.

## הירש גליק



דיכטער, מחבר פון פּאַרטיזאַנער־הימן „זאָג נישט קיינ־מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

געב. 1921.4.24, אין ווילנע. אומגעקומען אין אויגוסט 1944, אַנטלויפנדיק פונעם היטלעריסטישן לאַגער אין גאָלדפילד, עסטלאַנד, וווהין דעפּאָרטירט געוואָרן פון ווילנער געטאָ אָנהייב סעפּטעמבער 1943.

פון פאַר געווען אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער, געהערט צו דער אָנפאַנגער־גרופּע „יונגוואַלד". אין געטאָ געהערט צו דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע (פּפּאָ), פאַר וועלכער אָנגעשריבן דעם הימן. איצט ווערט דאָס ליד געזונגען דורך יידן אין דער גאַנצער וועלט. איבערגעזעצט אין פיל שפּראַכן.

אין בוכפאָרם: „לידער און פּאָעמעס" („איקוף", ניו־יאָרק, 1953, ז"ז 62, מיט אַן אַריינפיר פון נחמן מייזיל).

וועגן הירש גליק איז פאַראַן אַ באַדייטנדיקע ליטעראַטור, אין דעם אַ בוך פון ד"ר מאַרק דוואָזשעצקי א"ג „הירשקע גליק".

## הירש גליק

# זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג

(פּאַרטיזאַנער־הימן)

זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג.
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה, —
ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט, מיר זענען דאָ!

פון גרינעם פּאַלמען־לאַנד ביז ווייטן לאַנד פון שניי
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין, מיט אונדזער וויי.
און וווּ געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה, אונדזער מוט.

ס׳וועט די מאָרגן־זון באַגילדן אונדזער היינט
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט.
און אויב פאַרזאַמען וועט די זון און דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פון דור צו דור.

ס׳ליד געשריבן איז מיט בלוט און אויך מיט בליי,
ס׳איז נישט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פריי.
עס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג.
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה, —
ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט, מיר זענען דאָ!

# 25 אַפּריל

## ליפּמאַן לעווין

שריפטשטעלער.

געב. אין 1877 אין מאָהילעוו, ווייסרוסלאַנד. געשט. 4.25 .1946, אין מאָס־קווע.

אין בוכפאָרם: „שריפטן" (2 בענדער), „עלנדע", „דורות דערוואַכטע" (ראָמאַן), „דעם שטורעם אַנטקעגן" (ראָמאַן), „טעג פאַרגאַנגענע" (דערציילונ־גען).

## לעאָפּאָלד (ליפּע) גאָטליב

מאָלער.

געב. אין 1883, אין דראָהאָביטש, גאַליציע. געשט. 4.25 .1934, אין פּאַריז.

ייִנגערער ברודער פון מאָוריצי גאָטליב. אויסמאָלער פון בילדער אויף טעמעס פון ייִדישן שטייגער און ייִדישער אַרבעט. ס'זענען גוט באַקאַנט זײַנע אַרבעטן: „די לוויה", „תשעה־באב", „תשליך", „וועשיגס", „בעקער".

### פון ייִדישן פאָלקס־אוצר

מען טאָר נישט אויסזאָגן פון חדר.

אַלע חזנים זענען נאַראָנים, אָבער נישט אַלע נאַראָנים זענען חזנים.

דער חלף ליגט אים אויפן האַלדז.

אַ חסרון — די כלה איז צו שיין.

הסרונות זעט מען נאָר ביי יענעם.

איין טאַטע קאָן דערנערן צען קינדער, אָבער צען קינדער איין טאַטן — דאָס נישט.

אַן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קען נישט רעדן.

ער לויפט ארום, ווי אַ פארסמטע מויז.

אויף יענעמס שמחה האָט מען תמיד אַ גוטן אַפּעטיט.

וו הינט בילן, דאָרט איז אַ מושב.

# 26 אַפּריל

## דאַניעל דעפאָ



ענגלישער שרייבער — סאַטיריקער.

געב. אין 1660 אָדער 1661. געשט. 1731.4.26, אין לאָנדאָן.

מחבר פון „ראָבינזאָן קרוזאָ", דערשינען אין לאָנדאָן, דעם 25 אַפּריל 1719, איבערגעזעצט כמעט אין אַלע שפּראַכן (אויך אין יידיש), איינס פון די באַליבטסטע ביכער ביי קינדער פון דער גאָרער וועלט.



א. מאָדיליאַני: פרויען־פּאָרטרעט

## 27 אַפּריל

אליעזר שטיינבאַרג

# אַ קלאָץ־קשיא

— הערט איר, יוצא זיין פּאָר צוויי איז טאַקע שווער.
רייסט מיר דער אַהין, און דער אַהער!
ווײ־מיר! מע צערייסט דאָך מיר אויף שטיקלעך!
רעדט די זעג זיך גליקלעך
און מיט שמאָלץ.
און דאָס קלעצל
מע קרעכצט, סע שרייט:
— ווײ! געוואַלד! סע שטעכט, סע שניידט!
בילא — רייסן זיי זיך, יענע לייט,
דער אַהין און דער צו זיך.
אָבער איך?
איך, וואָס טו איך דאָ אינמיטן
זיי דאָרט רייסן זיך, ווער איך צעשניטן!

# 28 אַפּריל

## הערשעלע אָסטראָפּאָלער

[געלעבט סוף XVIII און אָנהייב XIX י. ה. געבוירן אין אָסטראָפּאָל, וואָלין].

קיין גענויע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן אים זענען נישט באַקאַנט. אַ לעגענדע צייט פאַרבראַכט אין הויף פון חסידישן רבין ברוך מעזשבוזשער (ר' ברוכל). זיינע וויצן און מעשיות האָבן אים זייער פּאָפּולער געמאַכט און אים פאַרשאַפט אויך צרות. צוליב זיינע ווערטלעך קעגן צדיק גופא, האָבן אים די חסידים אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ פון רבינס הויז און פון די באַקומענע וווּנדן זאָל ער האָבן אינקורצן געשטאָרבן.

הערשעלע אָסטראָפּאָלער איז דער באַליבטער העלד פון יידישן פאָלקלאָר. אים ווערן צוגעשריבן שפּיצלעך, ווערטלעך, וויצן, אַנעקדאָטן, וואָס געהערן אויך נישט אים.

פאַראַן אַ היפּשע ליטעראַטור וועגן אים: „דער בעריהמטער הירשעל אָסטראָפּאָליער" (אָדעס, תרס"ד); אַ זאַמלונג פון זיינע מעשיות, וויצן און שפּיצלעך, איבערדערציילט פון א. האַלדעס, דערשינען אין פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 1960; אַ בוך א. נ. „דער פרייליכסטער ייד אין דער וועלט" פון י. י. טרונק; אַ פּיעסע „הערשעלע אָסטראָפּאָלער" פון ליפשיץ־שוואַרץ (געשפּילט דורכן ניו־יאָרקער יידישן קונסט־טעאַטער) און אַ צווייטע פּיעסע וועגן הערשל אָסטראָפּאָלער פון מ. גערשענזאָן.

* * *

— הערשל, מען זאָגט, אַז דו גלייבסט נישט אין גאָט?

— ווער זאָגט?

— איך האָב געהערט, מענטשן רעדן...

— וואָס דאַרפסטו הערן, וואָס מענטשן רעדן, פרעג ביי אים...

* * *

מען פרעגט ביי הערשלען:

— ווי גייט עס דיר ביים רבין?

— נישקשה, מיר קלאַפּן זיך איינער דעם אַנדערן די קאַפּאָטעס, נאָר אַ קליינער אונטערשייד איז פונדעסטוועגן דאָ.

— וואָס זשע?

— איך קלאַפּ זיין קאַפּאָטע, ווען זי איז אויסגעטאָן, ער מיינע — ווען זי איז אָנגעטאָן.

# 29 אַפּריל

## ראובן אייזלאַנד



דיכטער.
געב. 1884.4.29, אין גרויס־ראַדאָמישל, גאַליציע, געשט. 1955.6.18, אין מיאַמי ביטש, פש"א.
אין 1903 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. דעביוטירט מיט לידער און דערציילונגען אין 1904. איינער פון די מיטגרינדער פון דער גרופּע „יונגע" אין אַמעריקע. האָט אויך פיל איבערגעזעצט.
אין בוכפאָרם: „פון מיין זומער" (לידער), „דאָס געזאַנג פון הירש" (לידער), „פון אונדזער פרילינג" (זכרונות און עסייען).

## עגאָן ערווין קיש



טשעכישער שריפטשטעלער פון יידישער אָפּשטאַמונג. מייסטער פון רעפּאָרטאַזש.
געב. 1885.4.29, אין פּראָג. געשט. 1948.3.31, דאָרטן.
אין בוכפאָרם: „דער רייזנדער רעפּאָרטער", „צאַרן, פּאָפּן, באָלשעוויקעס", „אַזיע ענדערט זיך גרינטלעך", „אַריינגאַנג פאַרבאָטן", „עגאָן ערווין קיש האָט דעם כבוד אייך פאָרצושטעלן דעם אַמעריקאַנער גן־עדן", „אַנטדעקונגען אין מעקסיקע", „דער יאַרמאַרק פון סענסאַציעס", „דער טאַלראַט פון פּראַגער קאַרפּוס" א. א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ וואַרשעווער איז גאָר קלוג ביז די ראָגאַטקעס.

אין יאַרמאָליניעץ איז איטלעכער אַ גנב.

— רב קרוב, איר זענט נישט פון לענטשנע? — איר זענט אַליין אַ גנב!

ווען נישט די לוקניקער יידן, וואָלטן די שקצים קיין שטיינער נישט געוואָרפן.

דער מענטש זינדיקט און דער האָן איז די כפרה.

קהל קריגט זיך און דעם שמש שמייסט מען.

# 30 אַפּריל

## יהושע פּערלע



שרייבער.
[געב. אין 1888, אין ראַדאָם, פּוילן. אומגעקומען אין 1943, אין אָשוויענטשים, ווהין ער איז אַרויסגעפירט געוואָרן נאָכן פאַלן פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.]
אין בוכפאָרם: „מירל“ (ראָמאַן), „אין לאַנד פון דער ווייסל“ (פּאָעמע אין פּראָזע), „אונטער דער זון“ (נאָוועלן), „זינד“ (נאָוועלן), „9 אַזייגער אינדערפרי“ (נאָוועלן), „יידן פון א גאַנץ יאָר“ א. א. האָט פיל געשריבן זייענדיק אין געטאָ, צוו. אנדערן „חורבן וואַרשע“.

## מ. געבירטיג

### שיפרעלעס פּאָרטרעט

אויף דער וואַנט לינקס פון מיין בעט
הענגט מיין שיפרעלעס פּאָרטרעט.
אָפּטמאָל אינדערמיט דער נאַכט,
ווען איך בענק נאָך איר און טראַכט,
זע איך, ווי זי קוקט אויף מיר.
הער איך, ווי זי רעדט...

טאַטעשי! כ'ווייס, ס'איז דיר באַנג.
ס'וועט דער קריג שוין נישט געדויערן לאַנג.
קומען וועל איך באַלד צו דיר.
ס'קלאַפּט דער פרילינג שוין אין טיר.
שמייכלט ליב צו מיר און רעדט
שיפרעלעס פּאָרטרעט.

# 1 מאַי

## ערשטער מאַי

אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־יום־טוב. פּראָקלאַמירט אין יולי 1889, אויפן גרינדונגס־קאָנגרעס פון II אינטערנאַציאָנאַל אין פּאַריז.

אין פּוילן איז צום ערשטן מאָל דער 1־טער מאַי געפּייערט געוואָרן אין 1890, אין וואַרשע, מיט אַ שטרייק אָרגאַניזירט דורכן „צווייטן פּראָלעטאַריאַט“, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט אַרום 10 טויזנט מאַן. אין 1892 האָבן שוין דעם ערשטן מאַי געפּייערט די אַרבעטער פון וואַרשע און לאָדזש, ווו ס'איז דערגאַנגען צו בלוטיקע צוזאַמענשטויסן מיט דער צאַרישער פּאָליציי.

## יעקב גאָרדין



דראַמאַטורג.

געב. 1.5.1853, אין מירגאָראָד, פּאָלטאַווער גובערניע, אוקראַינע. געשט. 10.6.1909, אין ניו־יאָרק.

פון 1891 — אין אַמעריקע.

זיין ערשטע פּיעסע „סיביריאַ“ (1891) איז אויפגעפירט געוואָרן דורך יעקב אַדלער, אָבער קיינמאָל נישט געדרוקט געוואָרן. בסך־הכל אָנגעשריבן, באַאַרבעט אָדער איבערגעזעצט אַרום 70—80 פּיעסן, צווישן אַנדערע: „דער יידישער קעניג ליר“, „די געברידער לוריע“, „מירעלע אפרת“, „גאָט, מענטש און טייוול“, „כאַסיע די יתומה“, „אָן אַ היים“, וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן אויף יידישע בינעס אין גאָר דער וועלט.

גאָרדין האָט געשריבן אויך דערציילונגען און אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער.

## יוסף אחרון

קאָמפּאָזיטאָר און פידל־ווירטואָז.

געב. 1886.5.1, אין לאָזדיי, ליטע. געשט. אין 1943, אין לאָס־אַנדזשעלעס, פּש"א.

באַקאַנטסטע שאַפונגען: „די העברעישע מעלאָדיע“, „קבלת שבת“, מוזיק צו גאָלדפאַדענס „לא תחמוד“, שלום־עליכמס „סטעמפּעניו“, שלום אַשס „קידוש־השם“, י. ל. פּרצעס „נאָך דער קבורה“ און א. ווייטערס „פּאַרטאַג“; אָנגעשריבן די „גולם־סויטע“ און אַ ריי סאָנאַטעס.

# 2 מאַי

## געפאַלן בערלין

דעם 2 מ אַ י 1945 איז געפאַלן בערלין. דאָס איז געווען פּאַקטיש דער סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל־גענומען 60 מלוכות מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער 1.700 מיליאָן מענטשן. די צאָל דער־הרגעטע אויף די פראָנטן ווערט אָפּגעשאַצט אין 30 מיליאָן, נישט גערעכנט די פיל מיליאָנען פרידלעכע בירגער, דערמאָרדעטע דורך די נאַצים און זייערע משרתים. צוזאַמען ווערן די מענטשלעכע קרבנות פון צווייטן וועלט־קריג גע־שאַצט אין 55 מיליאָן.



סאָוויעטישע זעלנער הענגען אויף די רויטע פאָן
אויפן בנין פון ברענענדיקן רייכסטאַג

# 3 מאַי

## איליאַ גינצבורג



סקולפּטאָר.
[געב. אין 1859, אין גראָדנע. געשט. אין 1939, אין לענינגראַד].
אַנטאָקאָלסקי האָט דער ערשטער באַמערקט דעם יונגן גינצבורג און צו 11 יאָר אים איבערגעפירט קיין פּעטערבורג, וווּ ער האָט געענדיקט די דאָרטיקע קונסט־אַקאַדעמיע.
באַרימט זענען גינצבורגס פּאָרטרעט־סקולפּטורן פון לעוו טאָלסטאָי, אַנטאָן רובינשטיין, פּיאָטר טשייקאָווסקי, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, רעפּין, מענדעלעיעוו, אַנטאָקאָלסקי, סטאַסאָוו, פּלעכאַנאָוו, ווי אויך „פעברואַר 1917“, „אָקטאָבער“. אָנגעשריבן אַ בוך זכרונות: „פון מיין לעבן“.

## מאַוריצי טרעמבאַטש



מאָלער.
געב. 1861.5.3, אין וואַרשע. געשט. פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ, דעם 29 יאַנואַר 1941.
שטודירט אין וואַרשע, קראָקע, מינכען. די לעצטע 30 יאָר פון זיין לעבן געווען פאַרבונדן מיט דער שטאָט לאָדזש. געוואָרן אויסגעצייכנט פאַר זיינע אַרבעטן אין קראָקע, פּאַריז, סאַן־פראַנציסקאָ, דאָך געלעבט אין גרויס נויט. געמאָלט יידישע פאָלקס־טיפּן, שניידער־בילדער, פּאָרטרעטן.

## מנחם קיפּניס



זינגער, זאַמלער און פּאָפּולאַריזאַטאָר פון יידישן פאָלקס־ליד.
[געב. אין 1878, אין אושאָמיר, וואָלין, אין דער משפחה פון אַ חזן. געשט. מאַי 1942, אין וואַרשעווער געטאָ].
אין בוכפאָרם: „60 יידישע פאָלקס־לידער“, „80 יידישע פאָלקס־לידער“, „באַרימטע יידישע מוזיקער“, „ניסים ונפלאות“ (הומאָרעסקעס), „הונדערט נייע יידישע פאָלקס־לידער“, „כעלעמער מעשיות“.

# 4 מאַי

## מרדכי געבירטיג

### (בערטיג)



פאָלקס־דיכטער.

געב. 1877.5.4, אין קראָקע. אומגעקומען 1942.6.4, אין קראָקעווער געטאָ.

אַ סטאָליער פון פאַך. קיין נאָטן נישט געקענט, האָט ער געשריבן לידער און פאַרפאַסט מעלאָדיעס צו זיי, וואָס זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין פאָלק און פאַרשאַפט זייער מחבר אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט. זיין ליד: „ס'ברענט!“, געשריבן ערב דעם יידישן חורבן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז באַזונדערס פּאָפּולער געוואָרן בעת דער אָקופּאַציע, געזונגען געוואָרן אין די געטאָס און ווערט הייַנט געזונגען אומעטום.

אין בוכפאָרם: „פאָלקסטימלעך“ (קראָקע, 1910), „מיינע לידער“ (ווילנע, 1936), „ס'ברענט“ (קראָקע, 1946), „געקליבענע לידער“ (בוענאָס איירעס, 1954).

## מ. געבירטיג

# היי, ציגעלעך

היי, ציגעלעך, קומט אַהער צו מיר געשווינד,  
אַ שיין לידעלע וועל איך אויפזינגען אַצינד,  
פון אַ פּאַסטעכל הייבט דאָס לידעלע זיך אָן  
און אַ מיידעלע וואָס האָט אים כּישוף געטאָן.

היי, ציגעלעך, הערט וואָס ווייטער איז געשען:  
לוסטיק, לעבעדיק איז אַמאָל ס'פּאַסטעכל געווען,  
הייַנט ווי אומעטיק, קוקט די שעפּעלעך נישט אָן,  
בענקט נאָכן מיידעלע וואָס האָט כּישוף אים געטאָן.

היי, ציגעלעך, הערט פון לידעלע דעם סוף:  
ווי יתומימלעך בלאָנדזשען איצט זיינע בידנע שאָף,  
מיף אין טייכעלע ליגט דאָס פּאַסטעכל נאָך הייַנט  
און דאָס מיידעלע זיצט ביים וואַסערל און וויינט.

# 5 מאַי

## קאַרל מאַרקס



געב. 1818.5.5, אין טריר, ריין־געביט. געשט. 1883.3.4, אין לאָנדאָן.

זיין טאַטע, אַן אַדוואָקאַט, האָט אין 1824, ווען מאַרקס איז אַלט געווען 6 יאָר, אָנגענומען דעם פּראָטעסטאַנטישן גלויבן. זיין מוטער האָט געשטאַמט פון האָלענדישע יידן. זיינע זיידע איז געווען רב אין טריר. מאַרקס האָט שטודירט אין באָן און בערלין יוריספּרודענץ און פילאָזאָפיע. זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע האָט געהייסן „דער אונטערשיד צווישן דער נאַטור־פילאָזאָפיע פון דעמאָקריט און דער נאַטור־פילאָזאָפיע פון עפּיקור". רעדאַקטאָר פון דער ראַדיקאַלער „רײנישער צייטונג" (1843—1842) און „נייע ריינישע צייטונג" (1848). פון 1843 — אין פּאַריז, וווּ צוזאַמען מיט א. רוגע אַרויסגעגעבן די „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער" (1848, צוויי נומערן). אין די דאָזיקע „יאָרביכער" האָט מאַרקס פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע". אין 1842 האָט זיך מאַרקס באַקענט מיט פרידריך ענגעלסן און ס'האָט זיך צווישן זיי פאַרבונדן אַ פריינדשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז מאַרקס טויט. איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און פירער פון I אינטערנאַציאָנאַל (לאָנדאָן, 1869 — ניו־יאָרק, 1872). פון 1851 געלעבט אין לאָנדאָן.

וויכטיקסטע ווערק: „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" (צוזאַמען מיט פ. ענגעלס), „די אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע", „דער בירגער־קריג אין פראַנקרייך", „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", „קאַפּיטאַל" (כמעט אַלע פאַראַן אין יידישער איבערזעצונג).

## סטאַניסלאַוו מאָניושקאָ



שעפער פון דער פוילישער נאַציאָנאַלער אָפּערע.

געב. 1819.5.5, אין גוט אוביעל, לעבן מינסק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1872.6.4, אין וואַרשע.

זיך געלערנט מוזיק אין מינסק, וואַרשע, בערלין. א לענגערע צייט געלעבט און געשאַפן אין ווילנע (1840—1858), וווּ ס'איז צום ערשטן מאָל און אונטער זיין אָנפירונג אויפגעפירט געוואָרן די אָפּערע „האַלקאַ". שפּעטער געלעבט אין וואַרשע, געווען דיריגענט פון דער האָרטיקער אָפּערע און פּראָפעסאָר פון דער קאָנסערוואַטאָריע. מחבר פון איבער אַ צענדליק אָפּערעס, צווישן זיי „האַלקאַ" און „דער שרעקלעכער הויף". אויסערדעם מוזיק צו לידער (איבער 300), ראָמאַנסן, קאָנצערטן.

# מרדכי ספּעקטאָר



שעפער פון יידישן שטייגער־ראָמאַן.
געב. 1858.5.5, אין אומאַן, קיעווער געגנט. געשט. 1925.3.15, אין ניו־יאָרק.
דעביוטירט מיטן „ראָמאַן אָן אַ נאָמען" אין צעדער־בוימס „יודישעם פאָלקסבלאַט" (1883). אין דער זעלביקער צייטונג אָפּגעדרוקט אויך זיין צווייטן ראָמאַן „דער יידישער מוזשיק". ווייטער קומען זיינע ראָמאַנען אין דערציילונגען: „עניים ואביונים", „רב טרייטל" „אַ שטומער גוטער ייד", „אַ וועלט מיט קליינע וועלטעלעך", „קאַליקעס" א. א.
אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „הויז־פריינד" (וואַרשע, 1887) און צוזאַמען מיט י. ל. פּרץ די באַרימטע „יום־טוב־בלעטלעך" (1894).

# אַלעקסאַנדער האַרקאַווי



פילאָלאָג.
געב. 1863.5.5, אין נאָוואָגרודעק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1939.11.2 אין ניו־יאָרק.
אויטאָדידאַקט־שפּראַכפאָרשער. אַ ביסל צייט געאַרבעט אין דער באַרימטער ראָם־דרוקעריי אין ווילנע (1878). פון 1882 — אין אַמעריקע.
מחבר פון: „די יידיש־דייטשישע שפּראַך", „דער ענגליש־לערער", „ענגליש־יידישער ווערטערבוך", „יידיש־ענגלישער ווערטערבוך" און פיל אַנדערע. זיין לעבנס־ווערק: „דער יידיש־העברעיש־ענגלישער ווערטערבוך".

# באָריס קלעצקין



פאַרלעגער.
געב. 1875.5.5, אין האָראָדישטש, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1937.9.18, אין ווילנע.
אַרום 1910 געגרינדעט דעם „ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין", בראש פון וועלכן ס'איז געשטאַנען אין די ערשטע צייטן א. ווייטער. אַרויסגעגעבן די זשורנאַלן „די יידישע וועלט" (1912), דעם „פּנקס", דעם ערשטן קינדער־זשורנאַל אין יידיש „גרינינקע ביימעלעך" און „חבר" (פאַר דער יוגנט). אין קלעצקינס פאַרלאַג זענען דערשינען די ווערק פון זייער פיל יידישע שרייבער און פיל איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

# משה נאַדיר

## (יצחק רייז)



געב. 5.5.1885, אין נאַראַיעוו, מזרח־גאַליציע, געשט. 8.6.1943, אין וווּדסטאָק, שטאַט ניו־יאָרק, פש"אַ. זינט 1898 — אין אַמעריקע.

דעביוטירט מיט לידער אין 1902. זיין ערשט בוך „וויל־דע רויזן" איז דערשינען אין יאָר 1915. זיינע פּיעסן „סוקסעס" און „דער לעצטער ייד" זענען אויפגעפירט געוואָרן אין מאָריס שוואַרצס קונסט־טעאַטער. אַ ריי דראַמאַטישע עטיודן — דורכן מאַריאָנעטן־טעאַטער „מאָדיקאָט". איבערגעזעצט אין יידיש ווערק פון אַ פראַנס, פּ. אַלטענבערג, ק. דזשעראָם, מ. טווען, דזש. אָניעל, ג. הויפּטמאַן, ר. קיפּלינג.

אין בוכפאָרם: „פון מענטש צו מענטש", „מעשהלעך מיט אַ מאָראַל", „קום שפּאַצירן, געליבטע", „אין פּליטער־פּליט", „אין ווילדן ווערטער־וואַלד", „מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט", „אונטער דער זון", „אַ לאָמפּ אויפן פענצטער", „40 יאָר מיט משה נ.".

## מ. נאַדיר

* * *

צומערשט איז געשטאַנען אַ נאַריש־אויפגעעגטע זון
און אַ דערשראָקענע, פאַרעקשנטע לבנה.
ווי צוויי הענער, איינס קעגן ס'אַנדערע — אַ געלער און אַ ווייסער;
— קוק זי נאָר אָן! זי שטופּט זיך אויך מיט אירע קרומע פיס!
— קוק נאָר אָן, ווער סי רעדט!
— קוק נאָר אָן וועמען איך געפעל נישט!
— איך בין גאָלד קעגן דיר!
— און איך בין זילבער!
„זי/בער"... „גאָלד"... „זילבער"...
האָט די זון דערזען, אַז סי ווערט שפּעט, און מיט וועמען וועט זי
דאָ שטיין און טענהן?
מיט אַ לבנה, וואָס שלעפּט זיך אַרום אַ גאַנצע נאַכט,
אין די טונקעלע ערטער פונעם הימל און פון דער ערד?
האָט די זון געכאַפּט און פאַרגאַנגען הינטער די בערג,
ווי אַ קאָפּ פאַרגייט פון קצבס בלוטיקן טיש
אין אַ יידענעס פאַרטוך אַריין.

# 6 מאַי

## זיגמונט פרויד



שעפער פון דער טעאָריע פון פסיכאָאַנאַליז.
געב. 1856.5.6, אין פרייבורג (פשיבאָר), מערן (טשע־כיע). געשט. 1939.9.23, אין לאָנדאָן.
דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין ווין. פּראָפעסאָר פון דאָרטיקן אוניווערסיטעט. נאָכן „אַנשלוס“ פון עסטרייך צום „דריטן רייך“ פאַרפאָלגט געוואָרן צו־ליב זיין יידישן אָפּשטאַם. מיט דער הילף פון פריינד אַנט־לאָפן קיין ענגלאַנד.
וויכטיקסטע ווערק: „אַריינפיר אין פסיכאָאַנאַליז“ (פאַ־ראַן אויך אין יידיש), „די פסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון טאָג־טעגלעכן לעבן“, „טאָטעם און טאַבו“, „וועגן נאַכט־חלומות“, „סטודיעס וועגן היסטעריע“.

## ד"ר י. א. מעריסאָן

### (יעקב־אברהם יערוכימאָוויטש)

איבערזעצער.
געב. 1866.5.6, אין יעוויע, ווילנער קאַנט. געשט. 1941.1.18, אין ניו־יאָרק.
פון פאַך אַ דאָקטער־מעדיצין. באַרימט מיט זיינע איבערזעצונגען פון וויכ־טיקע וויסנשאַפטלעכע ווערק אין יידיש, צווישן זיי דזשאָן מילס „פרייהייט“, הערבערט ספּענסערס „די ערשטע פּרינציפּן פון אַ סיסטעם פון סינטעטישער פילאָזאָפיע“, דאַרווינס „די אָפּשטאַמונג פון מענטשן“, די ערשטע און איינציקע איבערזעצונג פון קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל“ (1 באַנד).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דער וויאָ העלפט נישט ווען די פערד זענען פגירות.

שמייסט דאָס פערד מיט האָבער, נישט מיט דער בייטש.

דער וואָגן רוט ווינטער, דער שליטן רוט זומער, דאָס פערד — קיינמאָל נישט.

אַלע קוימענס שמעקן מיט רויך.

אַ ליטוואַק נעמט זיך אונטער אפילו אַן אָס צו זיין.

## פּיאָטר טשײַקאָווסקי



רוסישער קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1840.5.7, אין אַ ישוב בײַ די קאַמסק־וואָטקינער מעטאַלורגישע אונטערנעמונגען (געוו. וויאַטקער גובערניע), פֿון וועלכע זײַן טאַטע איז געווען דירעקטאָר. געשט. 1893.11.6, אין פּעטערבורג.

געענדיקט די פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע. שפּעטער — פּראָפֿעסאָר פֿון דער זעלבער קאָנסערוואַטאָריע. דעביוטירט ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר אין 1866. אַרויסגעטראָטן אויך ווי אַ דיריגענט.

מחבר פֿון די אָפּערעס: „יעווגעני אָניעגין“, „דאַמע פּיק“, פֿון די באַלעטן: „שוואַנען־אָזיערע“, „די שלאָפֿנדיקע פּרינצעסין“ און פֿון אַ גאַנצער רײ סימפֿאָניעס.

## ראַבינדראַנאַט טאַגאָר



אינדישער שרײַפֿטשטעלער, פֿילאָזאָף, פּעדאַגאָג, מוזיקער און מאָלער.

געב. 1861 .5.7, אין קאַלקוטע. געשט. דאָרטן 1941 .8.7.

לאַורעאַט פֿון דער נאָבעל־פּרעמיע פֿאַרן יאָר 1913.

וויכטיקסטע ווערק: „גאָראַ“ (ראָמאַן), „לידער פֿון בהאַנוסימהא“, „דער קרבן“ (דראַמע), „דער גערטנער“, „היים און וועלט“ (די לעצטע צוויי זענען פֿאַראַן אויך אין יידיש).

## וולאַדיסלאַוו סטאַניסלאַוו ריימאָנט



פּוילישער שרײַבער.

געב. 1867.5.7, אין קאָביעלע־וויעלקי, לעבן פּיאָטרקאָוו. געשט. 1925.12.5, אין וואַרשע.

אַ סך יאָרן געאַרבעט אַלס באַאַמטער, האַנטווערקער, אַקטיאָר, אַרבעטער. מחבר פֿון אַ גאַנצער רײ ראָמאַנען און דערציילונגען. אַ וועלט־נאָמען האָט אים פֿאַרשאַפֿט זײַן עפּאָפּייע „פּויערים“ (4 בענדער, 1902—1909), פֿאַר וועלכער באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע (1924).

# 8 מאַי

## בונקער אויף מילע



דעם 8־טן מאַי 1943 האָבן די היטלעריסטישע רוצחים אַרומגערינגלט דעם בונקער אויף מילע 18, וווּ ס׳האָט זיך געפונען דער שטאַב פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. כדי נישט אַרייַנצופאַלן לעבעדיקע אין די הענט פון שונא, זענען די מערסטע אויפשטענדלער וואָס האָבן זיך געפונען אין בונקער, צוזאַמען מיטן קאָמענדאַנט מרדכי אַניעלעוויטש און אפרים פאָנדאַמינסקי, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

## קאַפּיטולאַציע פון היטלער־דייטשלאַנד

8 מ אַ י 1945 — אונטערגעשריבן דעם קאַפּיטולאַציע־אַקט פון דריטן רייך.

## בערעק יאָסעלעוויטש



פּולקאָווניק פון דער קאָשטשושקאָ־אַרמיי, נאַציאָנאַלער העלד פון פּוילן.

געב. אין 1764, אין קרעטינגען, ליטע. געפאַלן דעם 5.8.1809, ביי קאָצק, אין קאַמף קעגן די עסטרייכיש־אונגאַרישע הוזאַרן.

אין פּוילישן אויפשטאַנד פון 1794 אָנגעפירט מיט אַ פּולק פון יידישע פרייוויליקע, וועלכער איז כמעט פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן ביי דער פאַרטיידיקונג פון פּראַגע קעגן סוואָראָוון. בלויז אַ קליינע גרופּע האָט זיך געראַטעוועט. נאָכן דורכפאַל פון אויפשטאַנד עמיגרירט קיין פראַנקרייך, וווּ ער טרעט אַריין אין די לעגיאָנען אָרגאַניזירט דורך נאַפּאָלעאָנען.

ווען נאַפּאָלעאָן שאַפט האָט וואַרשעווער פירשטנטום, קערט זיך בערעק יאָסעלעוויטש אום קיין פּוילן, ווו ער ווערט באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר פון אַן עסקאַדראָן אולאַנער. ווען די עסטרייכער דרינגען אַריין אין פירשטנטום, קומט בערעק אום אין דער שלאַכט ביי קאָצק.

# דוד (נתן) הערמאַן

טעאַטער־רעזשיסער.

געב. אין יוני 1876, אין וואַרשע, אין אַ פאַרמעגלעכער חסידישער משפחה. געשט. 1937.5.8, אין ניו־יאָרק, וווּ זיך באַזעצט אין 1931.

געלערנט אין חדר, בית־מדרש, אין אַ דראַמאַטישער שול אין וואַרשע. אויפגעטראָטן ווי אַן אַקטיאָר און רעזשיסער. צוזאַמען מיט י. ל. פּרץ און ד״ר א. מוקדוני געגרינדעט די ערשטע יידישע דראַמאַטישע שול אין פּוילן. אונטער זיין רעזשי איז צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן אַנסקים „דער דיבוק", פּרצעס „די גאָלדענע קייט" און פיל אַנדערע קלאַסישע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור.

האָט אויך פיל געשריבן וועגן יידישן טעאַטער און וועגן פּראָבלעמען פון דער יידישער ליטעראַטור.



דער „דיבוק" אויסגעפירט דורך דער „ווילנער טרופּע" אין דער רעזשי פון דוד הערמאַן

# 9 מאַי

## דוד עדעלשטאַדט



רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־דיכטער.
געב. 1866.5.9, אין קאַלוגע, רוסלאַנד. געשט. 10.17.
1892, אין דענווער — פאַראייניקטע שטאַטן, פון טובער־
קולאָז, אין עלטער פון 26 יאָר.
זיינע לידער זענען געווען זייער פאָפולער צווישן די ייִדי־
שע אַרבעטער אין דער גאַנצער וועלט. „אין קאַמף“,
„מיין צוואה“, „אָוונט־גלאָק“ זענען געזונגען געוואָרן
דורך די יידישע אַרבעטער־מאַסן.
זינט 1882 — געלעבט אין אַמעריקע.

דוד עדעלשטאַדט

### מיר ווערן געהאַסט און געטריבן

מיר ווערן געהאַסט און געטריבן,
מיר ווערן געפּלאָגט און פאַרפאָלגט,
און אַלץ דערפאַר וואָס מיר ליבן
דאָס אָרעמע, שמאַכטענדע פאָלק.

מיר ווערן געשאָסן, געהאָנגען,
מען באַרויבט אונז דאָס לעבן און רעכט,
דערפאַר ווייל מיר אמת פאַרלאַנגען
און פרייהייט פאַר אָרעמע קנעכט!

אָבער אונז וועט ניט דערשרעקן
געפענקענים און טיראַניי,
מיר מוזן די מענטשהייט דערוועקן
און מאַכן זי גליקלעך און פריי.

שמידט אונז אין אייזערנע קייטן,
ווי בלוטיקע חיות אונז רייסט,
איר וועט אונזער קערפּער נאָר טויטן
דאָך ניט אונזער הייליקן גייסט.

# 10 מאַי

## אוהל פרץ



10 מאַי 1935 — אַנטהילונג פון אוהל פּרץ אויפן גענשער בית־עולם אין וואַרשע, אויף די קברים פון י. ל. פּרץ, י. דינעזאָן און ש. אנסקי, פּראָיעקטירט פון סקולפּטאָר אברהם אָסטזשעגאַ.

און מיר בעטן נישט,

און מיר בעטלען נישט,
גרויסע, שטאָלצע ייִדן זענען מיר...

([illegible])

## לעאָן באַקסט
### (ראָזענבערג)

גראַפיקער, טעאַטער־דעקאָראַטאָר.
געב. 10.5.1866, אין גראָדנע. געשט. 28.12.1924, אין פּאַריז.
געלערנט אין פּעטערבורג און פּאַריז. אין 1909 אַלס ייִד אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פּעטערבורג. באַזונדערס זיך באַרימט געמאַכט מיט זײַנע דעקאָראַציעס פאַר דער באַלעט־סטודיע פון דיאַגילעוון אין פּאַריז („קלעאָפּאַטרע", „שעכערעזאַדע", „פרײַער פויגל").

## פּראָפ. משה שאָר



היסטאָריקער, אָריענטאַליסט.
געב. 10.5.1874, אין פּשעמישל, גאַליציע. געשט. אין ר"פ, דעם 8.7.1942.
שטודירט פילאָזאָפיע און סעמיטישע שפּראַכן אין לעמבערג און ווין, און דאָ אויך געענדיקט דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר מיטן טיטל ראַביגער.
וויכטיקסטע ווערק: „די אָרגאַניזאַציע פון ייִדן אין פּוילן ביז 1772", „ייִדן אין פּשעמישל", „קראָקעווער קאָדעקס פון די סטאַטוטן און פּריווילעגיעס פאַר ייִדן".

# 11 מאַי

## יצחק (יחיאל) קאַצענעלסאָן



העברעיש־יידישער דיכטער.
געב. 1885.5.11, אין קאַרעליטש, ווייסרוסלאַנד. אומגע־קומען אין דער נאַכט פון 30 אַפּריל אויפן 1 מאַי 1944, אין אָשוויענטשים.

געלעבט אין לאָדזש, ווו לאַנגע יאָרן געווען דירעקטאָר פון אַ העברעישער גימנאַזיע. געווען אין וואַרשעווער געטאָ. פון 1943 ביז אַפּריל 1944 — אין לאַגער וויטעל, פראַנקרייך, ווו אָנגעשריבן „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק“ און געפירט דעם טאָגבוך „פנקס וויטעל“ (אין העברעיש). דעם 17 אַפּריל 1944 אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַגער דראַנסי און פון דאָרט, דעם 27 אַפּריל, קיין אָשוויענטשים.

פון זיינע שאַפונגען אין יידיש זענען אין בוכפאָרם אַרויס: „דאָס ווייסע לעבן“ (דערציילונגען, איינאַקטער, לידער), „קאַריקאַטורן“ (דראַמע), „פּאַטי־מאַ“ (דראַמאַטישע פּאָעמע), „אונדזערע נאָענטע באַקאַנטע“ — לירישע דראַמע אין דריי טיילן א. א. „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק“ איז דערשי־נען נאָך דער מלחמה אין עטלעכע אויפלאַגעס (צוויי אין „איקוף־פאַרלאַג, ניו־יאָרק).

### יצחק קאַצענעלסאָן
### די זון פאַרגייט אין פלאַמען

די זון פאַרגייט אין פלאַמען,
די זון, מען זעט זי קוים.
אַזוי פאַרגייט מיין האָפענונג,
אַזוי פאַרלעשט מיין טרוים.

די נאַכט, די נאַכט איז פינצטער,
די נאַכט איז שטום און שוואַרץ;
אַזוי זעט אויס מיין טרויער,
אַזוי זעט אויס מיין האַרץ.

וועלט, דו, וועלט, דו זאָרג ניט —
באַלד לייכט אויף דיין טאָג!
אייביק איז מיין טרויער,
אייביק איז מיין פּלאָג.

# 12 מאַי

## כריסטאָפאָר קאָלומבוס



געב. אין יאָר 1451, אין גענוע, איטאַליע, אין א וועבער־משפּחה. געשט. 1506.5.12, אין וואַליאַדאָליד, שפּאַניע. געדינט אין שפּאַנישן פלאָט. עטלעכע מאָל דורכגעשניטן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. אנטדעקט די אינדזלען פון דער וועסט־אינדיע־גרופּע און דערגרייכט די ברעגעס פון דרום־און צענטראַל־אַמעריקע (1492) זוכנדיק אַ געענטערן וועג קיין אינדיע.

## שמואל־מרדכי זיגעלבוים



(„אַרטור")

בונדישער טוער.

געב. 1895.2.21, אין דאָרף בראָוויצע, כעלמער געגנט. 1943 .5.12 — באַגאַנגען אין לאָנדאָן זעלבסטמאָרד, וועלנדיק אויף אַזאַ אופן ציִען די אויפמערקזאַמקייט צו דעם וואָס קומט פאָר מיט די יידן אין אָקופּירטן פּוילן. געווען פאָרשטייער פון „בונד" אין לאָנדאָנער פּוילישן עמיגראַנטישן נאַציאָנאַל־ראַט.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

וויט פון די אויגן, וויט פון הארצן.

די וועלט איז שיין, נאָר די מענטשן מאַכן זי מיאוס.

אחר המעשה איז יעדערער אַ חכם.

אויף קיין מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיה.

פרעג אן עצה ביי יענעם און האָב דיין שכל ביי דיר.

# 13 מאַי

## שלום־עליכם*

### עפּיטאַפיע

דאָ ליגט אַ ייד אַ פּשוטער,
געשריבן יידיש־דייטש פאַר ווייבער
און פאַרן פּראָסטן פאָלק האָט ער
געווען אַ הומאָריסט אַ שרייבער.

דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כפרות.
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט
און ער — אוי ווי — געווען אויף צרות.

און דווקא דעמלט ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקלאַטשט און פלעגט זיך פרייען,
האָט ער געקרענקט — דאָס ווייס נאָר גאָט
בסוד, אַז קיינער זאָל ניט זעען.

---

* געשטאָרבן דעם 13 מאַי 1916.




שלום־עליכם צווישן זיינע יידן (קאַריקאַטור)

# 14 מאַי

## א. לוצקי

(אהרן צוקער)



דיכטער.
געב. 1894.5.14, אין רעמידאָווקע, לעבן לוצק, וואָלין.
געשט. 1957.9.13, אין ניו־יאָרק.
פון 1914 — אין אַמעריקע. אין 1918 — אין דער אַמע־ריקאַנער אַרמיי אין פראַנקרייך.
לוצקי איז אין אייראָפּע פּאָפּולער געוואָרן דורך די רעצי־טאַטאָרן, באַזונדערס דורך הערץ גראָסבאַרד. לוצקי אַליין איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער פאָרלייענער פון זיינע אייגענע לידער און אַן אימפּראָוויזאַטאָר.

אין בוכפאָרם: „אומעטיק און פריילעך, אָדער נעמט עס, ס'איז גוט פאַר אייך", „בראשית — אינמיטן", „פאַרטרעטן פון שרייבער, מאָלער, מוזיקער, אַקטיאָרן און אַרבעטער־פירער (די פני פון דער יידישער וועלט)", „אַ בוך צום לעבן", „פון אַלדאָס גוטס".

## פעליקס פרידמאַן



מאָלער.
געב. 1897.5.14, אין וואַרשע. אומגעקומען אין וואַרשע־ווער געטאָ, אַרום 1942.
שטודירט אין פּאַריז. פּייזאַזשיסט און פּאָרטרעטיסט, אין דעם פּאָרטרעטן פון פיל יידישע פּען־מענטשן, אַקטיאָרן, קינסטלער. אין אויגוסט 1942 גענומען געוואָרן צוזאַמען מיט אַנדערע קראַנקע פון געטאָ־שפּיטאָל צום „אומשלאַג־פּלאַץ". לויט רחל אויערבאַך זאָל אים אַ קראַנקנשוועסטער האָבן פריער געגעבן אַן איינשפּריצונג, כדי דער קינסט־לער זאָל אויסמיידן אָפּגעשיקט צו ווערן אין די גאַז־קאַמערן.

אַרויסגעגעבן אַ בוך צייכענונגען „הינטערקוליסן־מאַסקעס" (איבער 80 צייכענונגען פון יידישע שרייבער און אַקטיאָרן).

# 15 מאַי

## אליאַ מיעטשניקאָוו



ביאָלאָג, זאָאָלאָג און באַקטעריאָלאָג.

געב. 1845.5.15, אין דאָרף איוואַנאָווקע, כאַרקאָווער גע־בערניע (זיין מוטער איז געווען די טאָכטער פון שקלאָ־ווער משכיל נעוואַכאָוויטש). געשט. 1916.7.15, אין פּאַריז.

פּראָפעסאָר פון אָדעסער אוניווערסיטעט. אין 1888, אויף דער איינלאַדונג פון לואי פּאַסטער, איבערגעפאָרן קיין פּאַריז, וווּ געאַרבעט אין פּאַסטער־אינסטיטוט ביז סוף פון זיין לעבן.

אין 1908 באַקומען די נאָבל־פּרעמיע פאַר מעדיצין.

## אַרטור שניצלער



עסטרייכישער דראַמאַטורג און נאָוועליסט (פון יידישער אָפּשטאַמונג).

געב. 1862.5.15, אין ווין. געשט. 1931.10.21, דאָרטן.

געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון ווינער אוני־ווערסיטעט. דעביוטירט מיט דער דראַמע „אַנאַטאָל“, וועלכע האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. פון דאַן אָן זיך אָפּ־געגעבן אויסשליסלעך מיט ליטעראַטור.

וויכטיקסטע ווערק: „דער וועג צו פרייהייט“, „דער גרי־נער קאַקאַדו“, „פּראָפעסאָר בערנאַרדי“, „די צוואה“, „קליינע ליבעס“.

## ה. רויזענבלאַט



דיכטער.

געב. 1878.5.15, אין דאָרף ריסאָשע, לעבן קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, אוקראַינע, ביי אַ טאַטן אַ מילנער. געשט. 1956.6.6, אין לאָס־אַנדזשעלעס.

אַלס יינגל געקומען מיט זיינע עלטערן קיין אַמעריקע (1891). געווען אַ משורר ביי אַ חזן, אַ צייטונגס־פאַרקוי־פער, אַ שילדן־מאָלער. אַ ביסל צייט געלעבט אין דע־טראָיט, וווּ אַרויסגעגעבן דעם „דעטראָיטער וואָכנבלאַט“.

אין בוכפאָרם: „לידער“, „געדיכטן און לידער“, „אונטער גאָטס הימל“, „בלויע פלאַמען“, „הרודעס“, „ליים“, „אדמס קינדער“, „מיין ליכטיקע נסיעה“, „אין שאָטן פון מיין בוים“, „אין שענסטן טאָג פון האַרבסט“.

## חנא גאָטעספעלד

הומאָריסט און דראַמאַטורג.

געב. 1900.5.15, אין סקאַלע, גאַליציע, געשט. 1964.1.27, אין ניו־יאָרק.

יונג אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע (1908). זיין ליטעראַרישע טעטי־קייט אָנגעהויבן אין דער דאָרטיקער יידישער פּרעסע מיט הומאָרעסקעס און פעליעטאָנען אונטערן פּסעוודאָנים טוביה שמייכל. אין 1923 איז מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן זיין ערשטע קאָמעדיע „די רייכע קבצנים" און דאַן דורך מאָריס שוואַרצן די קאָמעדיע „ווען שטאַרבט ער?", „פּרנסה" א.א.

## חיים האַנפט

מעטאַלאָפּלאַסטיקער, מאָלער, צייכנער.

געב. אין 1903, אין יעדליגסק, ראַדאָמער געגנט, פּוילן, אין אַ חסידישער משפּחה. געשט. 1951.5.15, אין קראָקע, וווהין זיך געקומען היילן.

געלערנט אין חדר, דאַן אין דער וואַרשעווער קונסט־שול. אַ ביסל צייט גע־וואָגלט איבער אייראָפּע. געשאַפן פיל אויף בּיבלישער טעמאַטיק ווי אויך מאָלע־ריש געשטאַלטיקט פּערסאָנאַזשן פון אונדזערע קלאַסיקער.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך עוואַקואירט קיין ראַטנפאַרבאַנד, פון וואַנען צוריקגעקומען נאָך דער באַפרייונג פון פּוילן. זיך באַזעצט אין וראָצלאַוו. געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

עס איז ניט געווען ביי מאָטקע חבד קיין שלום־בית. זיין ווייב האָט געהאַט טענות צו אים פאַרוואָס ער טרינקט; טענות פאַרוואָס ס'איז ניטאָ קיין ברויט אין שטוב; זי האָט נישט געוואָלט פאַרנעמען זיינע וויצן, וואָס ניט זעלטן זענען זיי אויך געווען גראָבלעכע, פול מיט ניבול־פּה.

אַז זיין ווייב איז געשטאָרבן, האָט מאָטקע ביי דער לוויה ביטער געוויינט. אָבער מאָטקע וואָס וויינען הייסט.

האָט געזאָגט צו אים דער שמש:

— אַ ייד דאַרף אַזוי ניט וויינען ביי אַ לוויה. צי גלויבסטו גאָר ניט אין תחית־המתים?

— איך גלויב, איך גלויב, — האָט מאָטקע געענטפערט. — אָט דערפאַר טאַקע האָב איך אַזוי געוויינט... איך האָב מורא פאַר תחית־המתים.

# 16 מאַי

## שמואל־לייב ציטראָן

שריפטשטעלער.

געב. 1860.5.16, אין מינסק. געשט. 1930.11.8, אין ווילנע.

דעביוטירט מיט דערציילונגען אין העברעיש, אין 1877. אין 1904 זיך באַ־זעצט אין ווילנע, וווּ געלעבט ביז זיין טויט. האָט געשריבן דער עיקר אין יידיש. אין די דרייסיקער יאָרן פאָרזיצער פון יידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַריין אין ווילנע.

וויכטיקסטע ווערק: „דריי ליטעראַרישע דורות“, „די געשיכטע פון דער יידי־שער פרעסע“, „משומדים“, „שתדלנים“, „באַרימטע יידישע פרויען“.

## נתן בירנבוים



געב. 1864.5.16, אין ווין, אין אַן אַסימילירטער משפחה. געשט. 1937.4.2, אין וואַסענאַאַר, האָלאַנד.

געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט פון ווינער אוניווער־סיטעט. זיך אָבער אָפּגעגעבן אויסשליסלעך מיט ליטעראַ־ריש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. האָט איבערגעזעצט אין דייטש די ווערק פון שלום עליכם, י. ל. פּרץ, שלום אַש. איינער פון די איניציאַטאָרן (צוזאַמען מיט י. ל. פּרץ און ד״ר ח. זשיטלאָווסקי) פון דער טשערנאָוויצער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ (1908), אויף וועלכער געהאַלטן איינעם פון די הויפּט־רע־פעראַטן. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געווען איינער פון די אידעאָלאָגן פון דער אָרטאָדאָקסיע.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

די אייגענע זון מאַכט לייוונט ווייס און דעם ציגיינער שוואַרץ.

היט זיך פאַר פייער און גלייב נישט דעם וואַסער.

ער האַקט ווי אין קרויט.

בשעתן שווימען מוז מען שווייגן — דערפאַר מאַקע טאָרן ווייבער נישט שווימען.

עס איז ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי.

אָדער גאָר, אָדער גאָרנישט.

# 17 מאַי

## יוליאַן מאַרכלעווסקי



געב. 17.5.1866, אין וולאָצלאַוועק, פּוילן, געשט. 22.3.1925, אין נאַרווי, איטאַליע.

פירנדיקער טוער פון דער פּוילישער און אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג, איינער פון די מיטגרינדער פון „פאַרבאַנד פון די פּוילישע אַרבעטער“, שפּעטער פון דער „סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע“ (סדקפּל). אין יולי 1920 געשטאַנען בראש פון „ציטווייליקן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט פון פּוילן“ (רעגירונג) אין ביאַליסטאָק (מיטגלידער: פעליקס דזערזשינסקי, פעליקס קאָן, יוזעף אונשליכט, עדוואַרד פּרוכניאַק).

## אַנרי באַרביס



פראַנצויזישער שרייבער.

געב. 17.5.1873, אין אַניער, פראַנקרייך. געשט. 30.8.1935, אין מאָסקווע.

נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אין וועלכער ער האָט אָנטיילגענומען אַלס פרייוויליקער, פאַרעפנטלעכט זיין באַרימטן אַנטימלחמה-ראָמאַן „דאָס פייער“ (פאַראַן אויך אין יידישער איבערזעצונג).

וויכטיקסטע ווערק: „קלאָרקייט“, „די קייט“, „די הענקער“, „יעזוס“, „זאָלאַ“, „גיהנום“.

## שמואל ענגעל



געב. אין 1904, אין שטעטל בעלכאַטאָוו לעבן לאָדזש. דעם 17 מאַי 1924 דערשאָסן געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָווער וואַלד אונטער לאָדזש, לויטן אורטייל פון פּוילישן בורזשואַזן געריכט פאַר שיסן אין אַ פּראָוואָקאַטאָר.

געווען מיטגליד פון קאָמוניסטישן יוגנט-פאַרבאַנד אין פּוילן.

# 18 מאַי

## יצחק־לייבוש פּרץ



געב. 1852.5.18, אין זאַמאָשטש, לובלינער געגנט.
געשט. 1915.4.3, אין וואַרשע, פון אַ האַרץ־אַטאַק ביים שרייב־טיש.

ווערט פאַררעכנט פאַרן „פאָטער פון דער יידישער ליטעראַטור“. אויסגעהאָדעוועט אַ גאַנצן דור יידישע שרייבער.

אָנגעהויבן שרייבן אין פּויליש און העברעיש. אין יידיש דעביוטירט מיט „מאָניש“ אין שלום־עליכמס „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק“ (1888). קרוב 25 יאָר האָט פּרץ געאַרבעט אַלס „רעכנמייסטער“ אין דער וואַרשעווער גמינע (קהילה).

וויכטיקסטע ווערק: „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“, „חסידות“, „דראַמען“, „לידער און באַלאַדן“, „פאַר קליין און גרויס“, „אַלט און ניי“, „בילדער און סקיצן“, „אדם און חוה“.

### מיין נישט

מיין נישט, די וועלט איז א קרעטשמע באשאפן
צו מאַכן אַ וועג זיך מיט פויסטן און נעגל
צום שענק־פאַס און פרעסן און זויפן, ווען אַנדערע
קוקן פון וויטן מיט גלעזערנע אויגן
פאַרחלשט און שלינגען דאָס שפייעכץ און ציען
צוזאַמען דעם מאָגן, וואָס וואַרפט זיך אין קראַמפן! —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע!

מיין נישט, די וועלט איז א בערזע באשאפן,
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע,
זאָל קויפן ביי אָרעמע מיידלעך די בושה,
ביי פרויען די מילך פון די בריסטן, ביי מענער
דעם מאַרך פון די ביינער, ביי קינדער דעם שמייכל,
דעם זעלטענעם גאַסט אויפן וואַקסענעם פּנים —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ בערזע!

מיין נישט, די וועלט איז א הפקר באשאפן
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל;
דער הימל — אַ פאָרהאַנג, אַז גאָט זאָל נישט זעען!
דער נעפל — מען זאָל אויף די הענט דיר נישט קוקן;
דער ווינט — צו פאַרשטיקן די ווילדע געשרייען;
די ערד איז צו זויפן דאָס בלוט פון קרבנות —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר!

# 19 מאַי

## א. ליעסין

### (אַברהם וואַלט)



דיכטער און פּובליציסט.
געב. 1872.5.19, אין מינסק. געשט. 1938.11.5, אין ניו־יאָרק.
פון 1896 — אין אַמעריקע. מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס“, לאַנגע יאָרן רעדאַגירט דעם חודש־זשורנאַל „די צוקונפט“ (1913—1938).
אין בוכפאָרם: „מאָדערנע לידער“ (מינסק, 1897, העקטאָגראַפירט), „לידער און פּאָעמען“ (דריי בענדער, 1888—1938), „זכרונות און בילדער“.

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

צוויי ליטוואַקעס, ביידע רעכטע אביונים, וואָס האָבן שוין געוווינט אין וואַרשע היפּשע עטלעכע יאָר, האָבן זיך באַגעגנט אין גאַס. פרעגט איינער דעם אַנדערן:

— וואָס מאַכסטו עפּעס, גוטער ברודער? שוין אַ צייט נישט געזען. ווי גייט עס דיר אין וואַרשע?

— עט — ענטפערט יענער — מען לעבט ווי עס איז, אַלץ בעסער ווי געשטאָרבן. און דו?

— מ׳וואָלט געווען גאָר נישט שלעכט, נישט צו פאַרזינדיקן, אַבי מען האָט אַ שטיקל ברויט. וואָס דאַרף אַ ייד מער? האָב איך אָבער, נישט פאַר דיר געדאַכט, אָפּגעקרענקט צוויי חדשים צייט און פאַרקרענקט גאַנצע צוויי הונדערט קאַרבן.

— אָוואַ, צוויי הונדערט קאַרבן, זאָגסטו? אַ שאָד, ווי איך בין אַ ייד! ביי אונדז אין ליטע וואָלסטו דאָך פאַר דעם געלט געקענט קרענקען אפשר צוויי יאָר.

# 20 מאַי

## אָנאָרע דע באַלזאַק



פראַנצויזישער ראָמאַניסט.

געב. 20.5.1799, אין טור. געשט. 18.8.1850, אין פּאַ־ריז.

זיין גאַנץ שאַפן האָט באַלזאַק אַריינגערעכנט אין איין ציקל, וועלכן ער האָט באַטיטלט: „די מענטשלעכע קאָמעדיע" (97 ראָמאַנען און דערציילונגען). פאַר די בעסטע פון זיין מעכטיקן ציקל, וואָס גיט אַ בילד פון בורזשואַזן פראַנקרייך אין דער ערשטער העלפט פון XIX י. ה. ווערן גערעכנט: „עזשען גראַנד" (1833), „פּאַטער גאָריאָ" (1834), „צעזאַר ביראָטאָ" (1837), „פּויערים" (1837), „פאַרלוירענע אילוזיעס" (1837—39), „גלאַנץ און עלנט פון דער קור־טיזאַנע" (1839—47).

## פּיאָטר קאָגאַן

ליטעראַטור־פאָרשער.

געב. 20.5.1872. געשט. 2.5.1932.

מחבר פון דער „געשיכטע פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור", „געשיכטע פון דער גריכישער ליטעראַטור" (ביידע פאַראַנען אין יידישער איבערזעצונג), מיטגעאַרבעט אין דער ענציקלאָפּעדיע פון בראָקהאַוז און עפראָן און שפּעטער אין דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

עס שטעכט אים דער האָבער.

אַ מזלדיקער האָז.

מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרן.

אַז מען האַקט האָלץ — פאַלן שפּענער.

# 21 מאַי

## אַלברעכט דירער



דייטשישער מאָלער און גראַפיקער.
געב. 1471.5.21, אין נירנבערג. געשט. דאָרטן, דעם 1528.4.6.
זיינע האָלצשניטן און קופּערשטיכן: „אַפּאָקאַליפּסיס", „אדם און חוה", „מעלאַנכאָליע", „דער הייליקער היע־ראָנים" געהערן צו די שעדעווערס פון דער וועלט־קונסט.

## עמיל ווערהארן

בעלגישער פּאָעט, דראַמאַטורג און קריטיקער (געשריבן אין פראַנצויזיש).
געב. 1855.5.21, אין סענט־אַמאַן לעבן אַנטווערפּן. געשט. 1916.11.27, אין רואַן.

פון בארוף אַן אַדוואָקאַט. לכתחילה אַרויסגעטראָטן ווי אַ ליטעראַטור־קרי־טיקער. באַרימט אָבער געוואָרן נאָכן דערשיינען פון זיין ערשטן לידערבוך „פלע־מערינס" (1883). אַרויסגעטראָטן קעגן דער אורבאַניזאַציע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

געשריבן אָפּהאַנדלונגען וועגן רעמבראַנדטן, רובענסן, שעקספּירן, ראַסינען, הוגאָ.

וויכטיקסטע ווערק: „אָוונטן", „שוואַרצע שטורקאַצן", „פעלדער אין האַ־לוצינאַציעס", „מאָרגנרויט" (פּיעסע), „די פנימער פון לעבן", „בונטע כוחות", „אָוונט־שעהן".

## צבי פּרילוצקי



זשורנאַליסט.
געב. אין 1862, אין קרעמענעץ, וואָלין. געשט. 5.21. 1942, אין וואַרשעווער געטאָ.
אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער טעגלעכער צייטונג אין קאָנגרעס־פּוילן „דער וועג" (1905), רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער וואַרשעווער צייטונג „מאָמענט" (1910).

## ישראל בעל־שם־טוב

### (בעש"ט)

גרינדער פון חסידיזם.

געב. אַרום 1700, אין אָקופּ, פּאָדאָליע. געשט. 1760.5.22, אין מעזשיבאָזש.

וועגן חסידיזם און וועגן בעש"ט איז פאַראַן אַ גרויסע ליטעראַטור. צוו. אַנ־דערן: ש. דובנאָוו — „געשיכטע פון חסידיזם" און ש. האָראָדעצקי „חסידיזם און חסידים".



## ריכאַרד וואַגנער

דייטשישער קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 22. 5. 1813, אין לייפּציק. געשט. 13.2.1883, אין ווענעציע.

אין „ניבעלונגען־רינג", „טריסטאַן און איזאָלדע", „פּאַר־סיפאַל" האָט וואַגנער אויסגענוצט די אַלט־גערמאַנישע מיטאָלאָגיע און לעגענדעס.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ר' יוזיפל האָט גערופן צו זיך דעם בעלעמער פּרוש, אַ יונגנמאַן אין די צוואַנ־ציקער יאָרן, און געזאָגט צו אים:

— הערסט, מען שמועסט, אַז דו ביסט עפּעס ניט ווי עס דאַרף צו זיין, גייסט אויף אַ שלעכטן דרך.

— וואָס עפּעס רבי? — האָט יענער זיך געבעטן.

האָט ר' יוזיפל זיך צוגעבויגן צו אים און געזאָגט:

— מען שמועס, אַז ס'איז מיט דיר ניט גוט, האָסט צו טאָן מיט אַן אשת־איש, זאָגט מען.

האָט דער פּרוש אויסגעטאַראַשטשעט די אויגן זיינע און אַ ציטערנדיקער אויס־גערופן:

— אָבער, רבי, דאָס איז ניט אמת, דאָס איז ניט אמת, רבי!

האָט ר' יוזיפל, דאָס מאָל שוין מיט גרימצאָרן אַ זאָג געטאָן:

— וואָס לייזאַק? דו ווילסט עס זאָל נאָך זיין אמת אויך?...

# 23 מאַי

## מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ

### (וואַסילאָווסקאַ)



פּוילישע שרייבערין.

געב. 1842.5.23, אין סוואַלק. געשט. 1910.10.8, אין לעמבערג.

דעביוטירט אין 1875. פאַר איר שרייבערישער און געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט איז כאַראַקטעריסטיש אַ טיפער הומאַניזם און קעמפערישער דעמאָקראַטיזם. געשריבן מיט פיל סימפּאַטיע וועגן יידן: „מענדל גדאַנסקי“, „יאַק־טאָן“ א. א.

## אפרים ליליען

מאָלער און גראַווירער.

געב. 1874.5.23, אין דראָהאָביטש, גאַליציע, געשט. 1925.7.11, אין בראַונ־שווייג, דייטשלאַנד.

יונג אויסגעוואַנדערט קיין ווין און שפּעטער קיין מינכען, וווּ ער האָט שטו־דירט מאָלעריי און צום סוף אין בראַונשווייג.

באַרימט ווי אַ גראַפיקער, באַזונדערס פון תנ״ך.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

— איך וויל זיך גיין גטן מיט מיין ווייב, ווייל ס׳איז נישט אויסצוהאַלטן פון איר, זי איז זייער אַ גרויסע אויסברענגערין.

— דהיינו?

— שטעלט זיך פאָר, אַז אין איין פרימאָרגן קען זי זיך מיטאַמאָל פאַרגינען אויסצוברענגען קללות, וואָס ביי אַן אַנדערן וואָלטן זיי געקענט קלעקן אויף אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר.

# 24 מאַי

## לודוויג בערנע



שרייבער, פּובליציסט.
געב. 24.5.1786, אין פראַנקפורט אויפן מאַין, דייטש־לאַנד. געשט. 12.2.1837, אין פּאַריז.
היינע האָט וועגן אים געזאָגט: „די פּובליציסטיק פון בערנע האָט אָפּגעהילכט ווי דער גלאָק פון רעוואָלוציאָנערן שטורעם".
צווישן זיינע ווערק: „בריוו פון פּאַריז", „נייע בריוו פון פּאַריז", „מענצעל, דער פראַנצויזן־פרעסער".

## הענעך גליצענשטיין



סקולפּטאָר.
געב. 24.5.1870, אין טורעק, ביי לאָדזש, אין דער משפּחה פון אַ מצבה־קריצער. אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע דעם 30.12.1942, אין ניו־יאָרק.
געענדיקט די מינכענער קונסט־אַקאַדעמיע. געדרוקט אויך לידער און אָפּהאַנדלונגען וועגן קונסט אין פאַרשידענע שפּראַכן, אויך אין יידיש.
וויכטיקסטע אַרבעטן: „מעלאַנכאָליע", „גורל", „קין און הבל", „די מאַמעס זאָרגן", „דער נביא", „משיח".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ קליינשטעטלדיקער איז געקומען אַהיים פון דער גרויסער שטאָט אָדעס צו זיך אין שטעטל, באַרימט ער זיך, ווי ער האָט קונציק אָפּגענאַרט גאַנץ אָדעס.

— ווי אַזוי? — פרעגט אים איינער פון זיינע באַקאַנטע.

— גאָר פּשוט — ענטפערט יענער — ווען איך בין געקומען קיין אָדעס, האָב איך יעדן געזאָגט, אַז רופן רופט מען מיך ניט ברוך, ווי איך הייס, נאָר זרח.



## עליזאַ אָזשעשקאָ

### (פּאַוולאָווסקאַ)

פּוילישע שריפטשטעלערין.

געב. 25.5.1841, אין מילקאָווטשטשיזנע, גראָדנער קאַנט, אין אַ פּריצישער משפּחה. געשט. 18.5.1910, אין גראָד-נע, וווּ זי האָט אָפּגעלעבט כמעט אַלע אירע יאָרן.

געשריבן אַ סך און מיט סימפּאַטיע וועגן יידן: „עליע מאַקאָווער", „מאיר עזאָפאָוויטש", „גדליהו", „דער מעכטיקער שמשון", „מירטאַלאַ", „רינגען" א. א.

## פּראָפּ. פּסח־ליבמאַן הערש

געלערנטער און געזעלשאַפטלעכער טוער.

געב. 25.5.1882, אין דאָרף פּאָמושע, שאַוולער געגנט, ליטע. געשט. 9.6.1955, אין זשענעווע, שווייצאַריע.

וויכטיקסטע אַרבעטן: „די יידישע עמיגראַציע" (1914), „פאַרברעכערישקייט פון יידן און נישט־יידן אין פוילן", „אויף דער גרענעץ פון צייט".

## זשאַן רישאַר בלאָק



פראַנצויזישער שרייבער און געזעלשאַפטלעכער טוער (פון יידישער אָפּשטאַמונג).

געב. 25.5.1884, אין פּאַריז. געשט. 15.3.1947, דאָרטן. דעביוטירט אין 1910. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה דריי מאָל געווען פאַרווונדעט. היים באַגריסט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. צוזאַמען מיט ראָמען ראָלאַן רעדאַגירט דעם פּראָגרעסיוון זשורנאַל „אייראָפּע". בעת דער היט-לעריסטישער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך געאַרבעט אין דער אונטערערד. 1941—1945 — אין ראַטנפאַרבאַנד, וווּ סיסטעמאַטיש אַרויסגעטראָטן אין מאָסקווער ראַדיאָ מיט פּראָפּאַגאַנדע קעגן פאַשיזם.

וויכטיקסטע ווערק: „לעווי" (דערציילונגען), „אויף אַ לאַסט־שיף", „די קורדישע נאַכט", „ערד־גים און באַנאַנעס", „סיבילאַ", „טולאָן" (פּיעסע).

# 26 מאַי

אברהם רייזען

## דאָס נייע ליד

און זאָל ווי ווייט
נאָך זיין די צייט
פון ליבע און שלום, —
דאָך קומען וועט,
צי פרי, צי שפּעט,
די צייט — עס איז קיין חלום!

איך הער דאָס ליד
פון ליבע, פריד,
די מעכטיקע געזאַנגען —
און יעדער טאָן
פון ליד זאָגט אָן:
די זון איז אויפגעגאַנגען!

עס עקט די נאַכט,
די וועלט דערוואַכט
פול האָפנונג, לוסט און שטרעבן.
דו הערסט — אין לופט
אַ שטימע רופט:
צו מוט און קראַפט און לעבן!

## זשאַק האַלעווי



### (פראַנסואַ־פראָמענטאַל־עלי)

קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1799.5.27, אין פּאַריז. געשט. 1862.3.17, אין ניצע, איטאַליע.
אויטאָר פון די אָפּערעטעס: „באָהעמע“, „פּיגמאַליאָן“, „די ייִדישקע“, „דער אייביקער ייִד“, „דעם קאַרדינאַלס טאָכטער“, פון באַלעט „מאַנאָן לעסקאָ“ און פיל אַנד.

## אברהם מיכעלסאָן

פיזיקער, לאַורעאַט פון דער נאָבל־פּרעמיע (1907).
[געב. אין 1852, אין שטשעלנאָ לעבן מאָגילנאָ, טארנער וואָיעוואָדשאַפט, פּוילן. געשט. אין מאַי 1931, אין סאַן־פראַנציסקאָ, פש“א].

## פון שלום־עליכמס ווערטלעך

— אַ גלעזל טיי וועט איר טרינקען?
— אל תפתח פה לשטן, מאַכט רש“י: אַ קראַנקן פרעגט מען, אַ געזונטן גיט מען.

— ברוכים היושבים!
— נעכטיקע פאַרפל עסט איר?
— פאַרוואָס נישט?
— ט'איר מוחל זיין, קומען מאָרגן.

אַ מענטש זאָל נישט אַרויסקוקן אויף אַ דאַנק, וואָלט ער נישט געזאָגט „צו געזונט“ בשעת יענער טוט „ ... “יום...

# 28 מאַי

## הירש לעקערט



געב. אין 1880, אין האַנושישאָק, ווילנער געגנט, ביי אָרעמע עלטערן. אויפגעהאָנגען דעם 28 מאַי 1902 (אַל־טער סטיל), אין ווילנע.

פון פאַך — אַ שוסטער־אַרבעטער. פרי צוגעשטאַנען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. געווען פאַרשיקט אין סיביר. אין אַפּריל 1902 זיך צוריקגעקערט אומלעגאַל פון פאַר־שיקונג. גענומען אָנטייל אין דער 1־טער מאַי־דעמאָנסטראַ־ציע, וועלכע ווערט צעטריבן פון דער צאַרישער פּאָלי־ציי. 26 אַרעסטירטע דעמאָנסטראַנטן ווערן, לויטן באַ־פעל פון ווילנער גובערנאַטאָר פאָן־וואַל, געשמיסן. אַלס נקמה אין צאַרישן קאַטאָרזשניקס לעקערט אויף פאָן־וואַלן, וועלכער איז געבליבן אומגעשעדיקט. דאָס מיליטערישע געריכט פאַרמשפּט לעקערטן צום טויט.

וועגן לעקערטן איז פאַראַן אַ היפּשע ליטעראַטור, אין דעם פּיעסן פון ה. לייוויק און א. קושנעראָוו. עס זענען וועגן אים געשאַפן און געזונגען געוואָרן פיל פאָלקס־לידער.

## 28 מאַי 1871 — געפאַלן די פּאַריזער קאָמונע



קאָמונאַרן־וואַנט אויפן פּאַריזער בית־עולם פּער לאַשעז

## 29 מאַי

מאַני לייב

### זיי...

זיי זענען דאָרט, אוי, גאָט, געווען אַ סך, אַ סך,
אַזעלכע לעבעדיקע און אַזעלכע בראַווע,
אַזעלכע שטאַלטנע, בערדיקע און קוטשעראַווע —
און מיט אַ וווּנדערלעכער אויסטערלישער שפּראַך.

און זינגען פלעגן זיי פון אונטער יעדן דאַך
אַזעלכע האָפּערדיקע לידער און טשיקאַווע:
פון מלך אלי־מלך און דער שיינער פּאַווע,
מיט מעביר־סדרה טראָפּ און צימבלען פון תנ״ך.

נאָר איבער זייער קאָפּ — די זון האָט נאָר געזען
די רויע גוואַלד, דעם קאַלטן מעסער ביים רוצח,
ווי ער איז איבער זיי אַראָפּ מיט ווילדן כוח,
און ס'אַרא מערדערײַ איז דאָרט געווען!
איצט זענען זיי אַ זכר נאָר פון יענער גוואַלד:
אַ צוויי־דריי ביימער פון אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

## דאַנטע אַליגיערי



גרעסטער איטאַליענישער דיכטער פון מיטלאַלטער.
געב. 1265.5.30, אין א יחוסדיק פּאַטריציער-הויז, אין פלאָרענץ. געשט. 1321.9.14, אין ראַווענא.
געווען איינער פון די געבילדעטסטע מענטשן פון זיין צייט. גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פון איטאַליע. פארטריבן געוואָרן פון פלאָרענץ (1302) און געשטאָרבן אויף עמיגראציע. געהאַט א גרויסן איינ-פלוס אויף דער איטאַליענישער און אייראָפּעישער לי-טעראַטור.
הויפּט-ווערק: „די געטלעכע קאָמעדיע".

## פעליקס קאָן



געב. 1864.5.30, אין וואַרשע. געשט. 1941.7.28, אין מאָסקווע.
איינער פון די ערשטע און באַדייטנדיקסטע טוער פון דער פּוילישער אַרבעטער-באַוועגונג. מיטגליד פון „גרויסן פּראָלעטאַריאַט" (1882—84), מיטגליד פון פּפּס, שפּעטער „לינקע פּפּס". פון 1918 — מיטגליד פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין 1920 — מיטגליד פון „צייטווייליקן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט פון פּוילן" (רעגירונג) אין ביאַליסטאָק.
פ. קאָן איז געווען אַן אַקטיווער טוער פון III אינטער-נאַציאָנאַל, סעקרעטאַר פון זיין אויספיר-קאָמיטעט אין די יאָרן 1922—23, רע-דאַקטאָר פון אַ גאַנצער ריי צייטונגען.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

קינדער און גלעזער האָט מען קיינמאָל נישט צופיל.

אַז מען האָט קינדער אין די וויגן, לאָזט מען לייטן צופרידן.

# 31 מאַי

## וואָלט וויטמאַן



אמעריקאנער פּאָעט.
געב. 1819.5.31, אין אַ פּאַרמער־משפּחה, אין וועסט הילס.
געשט. 1892.3.26, אין קאַמדען.
אויטאָדידאקט. געארבעט אלס זעצער, דאָרפישער לע־רער, זשורנאליסט. גענומען אן אקטיוון אָנטייל אינעם אמעריקאנער בירגער־קריג פאר דער באפרייונג פון די נעגער. אין זיין ערשט לידער־בוך „גראָז־שטענגלעך“ באַזונגען די שיינקייט פון דער נאַטור און פון פּראָסטן אַרבעטנדיקן מענטשן. די זאמלונג ברענגט זיין מחבר באַריטמקייט. טאָמאַס מאַן האָט אים באַצייכנט ווי דעם „שטורעם פון מאַנהעטן“.

## אַלטער קאַציזנע



שרייבער. דראַמאַטורג.
געב. 1885 .5.31, אין ווילנע, אין אַן אַרבעטער־משפּחה.
דערמאָרדעט דורך די אוקראַיִנישע פאַשיסטן דעם 7.7. 1941, אין טאַרנאָפּאָל.
געשריבן לידער, ראָמאַנען, דראַמען, עסייען. געלעבט און געשאַפן הויפּטזעכלעך אין וואַרשע. געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער פּראָגרעסיווער טאָג־צייטונג „פריינד“ (וואַרשע), רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון זשורנאַל „מיין רעדנדיקער פילם“, וועלכן ער אַליין האָט אויסגעפילט. זיין דראַמע „דוכוס“ איז געווען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר.
אויסערדעם: „דער גייסט דער מלך“ (דראַמע), „הורדוס“ (דראַמע), „שטאַרקע און שוואַכע“ (ראָמאַן), „דעם יידנס אָפּערע“ (דראַמע) א. א.

# 1 יוני

## משה ליטוואַקאָוו



פּאָליטישער טוער, זשורנאַליסט און ליטעראַטור־קריטי־קער.

געב. 1879.6.1, אין טשערקאַס, אוקראַינע. געשט. דעם 1939.1.23, אין תפיסה.

רעדאַקטאָר פון מאָסקווער „עמעס" און איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער יידישער איבערזעצונג פון לעניננס ווערק. מיטגליד פונעם אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור ביי דער אוקראַינישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, פּראָפּע־סאָר פון יידישער ליטעראַטור און געשיכטע אין דער יידישער אָפּטיילונג פונעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין מאָסקווע.

אין בוכפאָרם: „אין אומרו" (2 בענדער, אויסוואַל פון אַרטיקלען וועגן לי־טעראַטור), „פינף יאָר מלוכהשער יידישער קאַמער־טעאַטער", „אויף צוויי פראָנטן".

## ברוך געלמאַן

דיכטער.

[געב. אין 1910, אין ווידז, ווילנער קאַנט. אומגעבראַכט דורך די היטלע־ריסטן אין די ערשטע טעג נאָכן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנ־פאַרבאַנד, אין יוני 1941].

געענדיקט די יידישע וועלטלעכע פאָלקס־שול אין זיין היימשטאָט. דעביוטירט אין 1927. פון 1936 ביזן אויסברוך פון דער מלחמה געלעבט אין וואַרשע, וו אַרויסגעגעבן זיין איינציק לידער־בוך „וועלט אין צוים". אין סעפּטעמבער 1939 אַנטלאָפן פון וואַרשע אַהיים.

# 2 יוני

## וועלוול זבאַרזשער

### (בנימין־וואָלף ערענקראַנץ)



פּאָפּולערער פאָלקס־זינגער.

געב. אין 1826, אין זבאַראַזש, גאַליציע, אין דער משפּחה פון אַ שוחט. געשט. 2.6.1883, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, טערקיי.

אין 1845 — אַוועק קיין רומעניע. געפירט האַנדלען, שפּעטער געוואָרן אַ מלמד, ס'איז אים אָבער נישט געגאַנגען. האָט ער אָנגעהויבן פאַרפאַסן לידער מיט מוזיק צו זיי און מיט זיי אויפגעטראָטן פאַרן עולם.

אַרום וועלוול זבאַרזשער האָבן זיך גענומען וועבן לעגענדעס. עס זענען אים צוגעשריבן געוואָרן שאַרפזיניקע ווערטלעך, אַנעקדאָטן און מעשיות. טייל פון זיינע לידער, ווי „דער פילאָזאָף“, „דער רבי אויף דעם ים“, ווערן געזונגען אויך היינט.

זיינע לידער האָט זבאַרזשער אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען: „מקל נועם“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אויף אַן אייגן קינד זענען די עלטערן בלינד.

ביי אַ מאַמען זענען אירע קינדער די גרעסטע.

ביי אַ מאַמען איז נישטאָ קיין מיאוס קינד.

די אייער זענען אפשר טאַקע קליגער פון די הינער, אָבער זיי ווערן באַלד פאַרשטונקען.

אַז דער טאַטע איז אַ בעל־שם, איז דער זון אַ גולם.

אַ הערינג איז גענוג פאַר צען מענטשן — אַ הון קוים פאַר צוויי.

נישט יעדער גראַם האָט אַ יידישן טעם.

וואָס ביי אַ ניכטערן אויף דער לונג, איז ביים שיכור אויף דער צונג.

# אַרטור שיק



מאָלער. מייסטער פון דער גראַפישער מיניאַטור.
געב. 3.6.1894, אין לאָדזש, אין אַ רבנישער משפּחה.
געשט. 13.9.1951, אין ניו־יאָרק.
צו זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן געהערן די ציקלען מיניאַ־טורן: „שיר השירים", „מגילת אסתר", „הגדה של פּסח", „די טרעגער פון דער נייער אָרדענונג" — געווידמעט די היטלעריסטישע קאַניבאַלן — און, דער עיקר, דער ציקל א"ג „קאַלישער סטאַטוט".



א. שיק: אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ (מיניאַטור)

## 4 יוני

מ. געבירטיג*

### ס׳ברענט

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
ס׳האָבן שוין די פייער־צונגען
דאָס גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען —
און די בייזע ווינטן הוזשען,
אונדזער שטעטל ברענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, עס קאָן חלילה קומען דער מאָמענט:
אונדזער שטאָט מיט אונדז צוזאַמען
זאָל אויף אַש אַוועק אין פלאַמען,
בלייבן זאָל — ווי נאָך אַ שלאַכט,
נאָר פוסטע, שוואַרצע ווענט!

---

* אומגעקומען אין קראָקעווער געטאָ דעם 4־טן יוני 1942 י.

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט.
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.

שטייט ניט, ברידער, אָט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט.
שטייט ניט, ברידער, לעשט דאָס פייער —
אונדזער שטעטל ברענט!



ל. סעגאַל: נאָכן פּאָגראָם

# 5 יוני

## י. פּען



מאָלער.
געב. 1854.6.5, אין זאַראַסיי, ליטע. געשט. 1937.3.1, אין וויטעבסק, ווייסרוסלאַנד.
שטודירט אין דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע. פֿון 1891 געלעבט און געשאַפֿן אין וויטעבסק, וווּ ער האָט אין 1892 געגרינדעט די ערשטע אין ווייסרוסלאַנד קונסט־סטודיע. צווישן זיינע שילער זיינען געווען: מאַרק שאַגאַל, ס. יודאָווין, ל. ליסיטסקי. זיינע וויכטיקסטע ווערק: „אַ האָרעווער ענין“, „דער אַלטער רבּ“, „ביים טייטש־חומש“, „דער גט“, „אַ בריוו פֿון אַמעריקע“, „דער אַלטער סאָלדאַט“, „גאָכן שטרייק“, „דער שדכן“, „די שניידערין“, „דער בעקער“, „דער אַלטער שניידער“, „אויטאָ־פּאָרטרעט“, „דער קינסטלער שאַגאַל“.



י. פּען: „דער גט“

# 6 יוני

## אַלעקסאַנדער פּושקין



רוסישער פּאָעט.
געב. 6.6. 1799, אין מאָסקווע. אומגעקומען אין אַ דועל, דעם 10.2. 1837, אין פּעטערבורג.
וויכטיקסטע ווערק: „דער קאַווקאַזער געפאַנגענער“, „ציגיינער“, „יעווגעני אָניעגין“, „באָרים גאָדונאָוו“ (טראַגעדיע), „בעלקינס דערציילונגען“, „דאַמע פּיק“, „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער“, „דער קופּערנער רייטער“ (די מערסטע פון זיי פאַראַן אין יידיש), און קודם־כל — לירישע לידער.

## טאָמאַס מאַן



דייטשישער שרייבער.
געב. 6.6. 1875, אין לובעק. געשט. 12.8. 1955, אין ציריך, שווייצאַריע.
לאַורעאַט פון דער נאָבעל־פּרעמיע (1930). זינט היטלערס קומען צו דער מאַכט (1933) געלעבט אין עמיגראַציע.
וויכטיקסטע ווערק: „די בודענבראָקערס“, „צויבערבאַרג“, „יוסף און זיינע ברידער“, „דאָקטאָר פאַוסטוס“.
טייל פון זיינע ווערק פאַראַן אויך אין יידישער איבערזעצונג.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

במקום שאין איש, איז אַ הערינג אויך אַ פיש.

שוט נישט קיין זאַלץ אויף די וונדן.

ער איז ווי צו אַ מכה צוצולייגן.

ווענט האָבן אויערן — גאַסן האָבן אויגן.

# 7 יוני

## נחום סטוטשקאָוו

### (סטוטשקאָ)



יידישער שפּראַך־פאָרשער.

געב. 1893.6.7, אין בראָק, לאָמזשער געגנט, פּוילן, ביי חסידישע עלטערן. געשט. 1965.11.5, אין ניו־יאָרק. געלערנט אין חדר און דערנאָך אין די ישיבות פון לאָמזשע און וואַרשע. שפּעטער זיך פאַרנומען מיט זעלבסט־בילדונג. אַקטיאָר, איבערזעצער (פאַרן טעאַטער) און מחבר פון אייגענע פּיעסן. אין 1917—1921 געווען פאַרבונדן מיטן כאַרקאָווער יידישן טעאַטער „אונדזער ווינקל“, דאַן אָנפירער פון וויטעבסקער יידישן מלוכה־טעאַטער. זינט 1923 — אין אַמעריקע. זיין לעבנס־אויפטו — דער גרויסער ווערטערבוך א. נ. „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך“ (ניו־יאָרק, 1950), אונטער דער רעדאַקציע פון מאַקס ווייַנרייך.

## ברוך אָליצקי

* * *

ווי שיין דו ביסט!
און נישט אין בלאָנדן קאָרן,
און נישט צעווישן רויזן
האָב איך דיך געפונען.
אויף בידנער סמאָטשע,
אין בלייכער שיין פון הונגער
ביסטו אויפגעגאַנגען.
ס'האָבן איינמאָל דיינע אויגן
אָנגעהויבן בלוי צו רעדן
און פאַרטרויט מיר,
אַז ס'האָט מיין פּנים זיך פרילינגדיק צעשמייכלט
אין פאַרשלאָסענעם מעדאַליאָן פון דיין האַרץ,
און אַז עס נייען אוים דיינע צעשטאָכענע פינגער
אויף פרעמדע וועשן
אומגעריכט מיין נאָמען.



## ראָבערט שומאַן

דייטשישער קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 6.8.1810, אין צוויקאַו. געשט. 29.7.1856, אין ענדעניך, דייטשלאַנד.
פאָרשטייער פון דער ראָמאַנטישער שול. אַ באַזונדער אָרט אין זיין שאַפן פאַרנעמען די ציקלען פאַר פּיאַנע: „קאַרנאַוואַל“, „קינדער־סצענעס“, „סימפאָנישע עטיודן“. געשריבן קאָנצערטן, סימפאָניעס, אָראַטאָריעס און פיל לידער.



## פּראָפ. בער מאַרק

שרייבער, היסטאָריקער, געזעלשאַפטלעכער טוער.
געב. 8.6.1908, אין לאָמזשע, פּוילן. געשט. 4.7.1966, אין וואַרשע.
געענדיקט דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט (יורי). פון די פריסטע יאָרן פאַרבונדן געווען מיט דער רעוו. אַרבעטער באַוועגונג אין פּוילן. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה גע־האַט זיך עוואַקואירט קיין סאָוויעטנפאַרבאַנד.
נאָך דער באַפרייונג זיך צוריקגעקערט קיין פּוילן. זינט 1949 י. ביז זיין טויט — דירעקטאָר פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. אין 1954 באַקומען דעם פּראָפעסאָר־טיטל.
דעביוטירט אין דער ביאַליסטאָקער „דאָס נייע לעבן“ (1926) מיט אַרטיק־לען וועגן דער יידישער ליטעראַטור. זינט דעמלט מיטגעאַרבעט כמעט אין אַלע יידישע און פּוילישע לעגאַלע און אומלעגאַלע אויסגאַבן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. אין פאָלקס־פּוילן רעדאַגירט אָדער מיטגעאַרבעט מיט אַלע יידישע אויסגאַבעס, וואָס זענען דערשינען נאָך דער מלחמה, ווי אויך זיך גע־דרוקט אין פיל צייטונגען און צייטשריפטן פון אויסלאַנד.
אין בוכפאָרם: „געשיכטע פון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג“, (וואַר־שע, 1936), „געשיכטע פון די סאָציאַלע באַוועגונגען אין פּוילן“ (אין 2 בענ־דער), „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ“, וואָס האָט אויסגעהאַלטן פיל אויפלאַגעס און איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ סך שפּראַכן, „חורבות דערציילן“, „די יידישע טראַגעדיע אין דער פּוילישער ליטעראַטור“, „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ“, „אומגעקומענע שרייבער אין די געטאָס און לאַגערן“, „געשיכטע פון יידן אין פּוילן“ און פיל אַנדערע.

## 9 יוני

### זעליק אַקסעלראָד

* * *

מען זאָגט מיר אַלץ, דו שטייסט נאָך אָפּ
און שטענדיק בלייבסטו הינטערשטעליק,
עס ווערן שיטערער די קרויזן אויף דיין קאָפּ
און דו, שעמסט זיך גאָרנישט, זעליק?

נו, וואָס זשע, פריינד מיינע, פאַרגיט, פאַרגיט,
עס פאַלט אַמאָל פון הימל ניט קיין רעגן,
נאָר אפשר האָב איך טיף אין זיך פאַרהיט,
די גוטע ליד פאַר אייערטוועגן.

ווייל ס׳טרעפט אַזוי, דו זיצסט ביים טיש,
דער לאָמפּ איז לאַנג שוין אויסגעלאָשן,
די לעצטע שטראַלן האָבן אָפּגעווישט
די נאַכט, וואָס האָט פון זיך ניט אָפּגעלאָזן.

און דו, פון יעדער נייס פאַרכאַפּט, גערירט,
אָבער אַרויסגעבראַכט האָסטו קיין וואָרט ניט
און ס׳בענקט די ניט-פאַרשריבענע פּאַפּיר
נאָך קליינע אותיות און ווערטער-קלאָרקייט.

דערנאָך, אויף מאָרגן מע קוקט דיר שוין אין מויל,
מע ציילט די לידער דיר אַזוי ווי ציינער,
און ס׳כאַפּט אַרום אַמאָל אַ גרויל,
ווי ס׳וואָלט ניט זיין אין מויל קיין צאָן, קיין איינער.

נאָר כ׳ווייס געווים, אַז היינטיקס יאָר
וועט אַריבערשפּרייזן טיף אין ווייטע צייטן
און אויסדריקן אים ווי אַ דיכטער קלאָר
ווייס איך אויך, וואָס דאָס וואָלט איצט באַטייטן.

אָבער אויסדריקן אים קלאָר איצט קאָן איך ניט, —
טרעפט אַמאָל, עס פאַלט פון הימל ניט קיין רעגן
נאָר טיף אין זיך האָב איך געווים פאַרהיט,
די מאָרגנדיקע ליד פאַר אייערטוועגן.

# 10 יוני

ה. לייוויק

## ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט
ליגט אַ לאַנד אַ פאַרבאָטענע;
ערגעץ הויך שטייען בערג
נאָך פון קיינעם באַטראָטענע;
ערגעץ טיף, ערגעץ טיף,
אין דער ערד איינגעקנאָטענע,
ליגן אוצרות מיט גאָלד,
ליגן אוצרות פאַרשאָטענע.
ערגעץ שטיל, ערגעץ שטיל
ליגט און ווײנט אַ געבונדענער;
שטיל שטאַרבט אָפּ אַ געבעט
און אַ טרוים אַ פאַרשוווּנדענער;
ערגעץ וואָגלט ווער אום
טיף אין שניי אַ פאַרשאָטענער,
און געפינט ניט קיין וועג
צו דער לאַנד דער פאַרבאָטענער...

# 11 יוני

## וויסאַריאָן בעלינסקי



רוסישער ליטעראַטור־קריטיקער.
געב. 1811.6.11, אין סוועאַבאָרג, פינלאַנד (דאַן אונטער רוסלאַנד). געשט. אין עלטער פון קוים 37 יאָר, דעם 1848.6.7, אין פעטערבורג, פון טובערקולאָז.
שטודירט אויפן מאָסקווער אוניווערסיטעט, פון וועלכן ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פאַר זיין דראַמע „דמיטרי קאַליגין", אין וועלכער ער האָט קריטיקירט דאָס לייב־אייגנטום־סיסטעם. שפעטער געווירקט אויסשליסלעך ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער. זיין השפעה אויפן גאַנג פון דער רוסישער ליטעראַטור איז זייער באַדייטנדיק. געלעבט אין גרויס נויט און פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער זעלבסטהערשאַפט.

## ישראל שטערן



דיכטער.
געב. 1894 .6.11, אין אָסטראָלענקאַ, לאָמזשער געגנט, פוילן. אומגעקומען אין 1942, אין טרעבלינקע.
דעביוטירט אין יאָר 1919. אַ רושם האָט געמאַכט זיין פּאָעמע „פרילינג אין שפּיטאָל" (געדרוקט אין „וואַרשעווער אַלמאַנאַך" 1924). געשריבן אויך אַרטיקלען איבער ליטעראַטור, צווישן אַנדערע, אַ גרעסערע אַרבעט „קרויגען צום קאָפּ פון דער יידישער קריטיק" („וואַרשעווער שריפטן", 1926).

## יאָסל קאָטלער



קינסטלער, אַקטיאָר און שריפטשטעלער.
געב. אין 1896, אין טראָיאַניעץ, וואָלין. אומגעקומען 1935 .6.11, אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע, אין אַמע־ריקע.
צוזאַמען מיט ז ו נ י מ אַ ו ד געשאַפן אין 1925 דאָס באַרימטע מאַריאָנעטן־טעאַטער „מאָדיקאָט", מיט וועלכן זיי האָבן אויך באַזוכט אייראָפּע.

# 12 יוני

## אַננאַ פראַנק



געב. 12.6.1929, אין פראַנקפורט ביים מאַין, דייטש־לאַנד. געלעבט מיט דער משפּחה אין אמסטערדאַם, האָ־לאַנד. אומגעקומען אין היטלעריסטישן טויט־לאַגער בערגען־בעלזען, אין מערץ 1945.

אויטאָרין פון וועלט־באַרימטן טאָגבוך, וואָס איז געפו־נען געוואָרן אין אַמסטערדאַם נאָך דער באַפרייונג. דעם טאָגבוך האָט זי געשריבן אַ פּאָר יאָר, זיצנדיק מיט דער משפּחה פאַרבאַהאַלטן אין אַ דירה, וואָס איז לסוף דורך אַ מסירה אויפגעדעקט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. דאָס טאָגבוך פון אַננאַ פראַנק איז איבערגעזעצט געוואָרן אין די מערסטע שפּראַכן (אין יידיש — „פאַר־לאַג פאַר ליטעראַטור", בוקאַרעשט, 1961), איז אינסצעניזירט געוואָרן פאַר דער בינע און פאַרן פילם. אין אַמסטערדאַם איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מוזיי אויף איר נאָמען.

## פון טאָגבוך

דינסטיק, 10 נאָוועמבער, 1942.

ליבע קיטי!

אַן איבעראַשנדיקע ידיעה! מיר וועלן אַריינעמען אַן אַכטן אין אונדזער באַהעלטעניש. מיר האָבן אָפט וועגן דעם געטראַכט, אַז דאָ איז פאַראַן אָרט און עסן פאַר נאָך עמיצן. מיר האָבן נאָר נישט געוואָלט באַלאָדן נאָך מער קראַלערן און קאַפּהויסן. אַזוי ווי די באַריכטן וועגן די גרויזאַמע יידן־רדיפות זענען לעצטנס אַלץ ערגערע, האָט דער טאַטע זיך אַן עצה געהאַלטן מיט די צוויי הערן און זיי זענען מסכים געווען, אַז דאָס איז אַן אויסגעצייכנטע אידעע: „די געפאַר איז די זעלבע פאַר זיבן ווי פאַר אַכט..."

דאָנערשטיק, 25 מאַי, 1944.

ליבע קיטי!

יעדער טאָג ברענגט עפּעס נייעס. הייגט אינדערפרי האָבן זיי אַרעסטירט אונדזער ליבן גרינצייג־הענדלער. ער האָט אויסבאַהאַלטן צוויי יידן ביי זיך אין הויז. דאָס איז פאַר אונדז אַ שווערער קלאַפּ, נישט נאָר דערפאַר וויל די אָרעמע יידן שטייען איצט ווי־דער ביים ראַנד פונעם תהום, נאָר ס'איז אויך שרעקלעך פאַר דעם דאָזיקן מענטשן גופא.

אַ מאָדנע וועלט: אָרנטלעכע מענטשן שיקט מען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס, אין די תפיסות, און אויסוואורפן געוועלטיקן איבער אַלט און יונג, אָרעם און רייך. איינער פאַלט אַריין צוליב שוואַרץ־האַנדל, אַ צווייטער—וויל ער שיצט יידן אָדער אַנדערע אויס־באַהאַלטענע מענטשן. ווער ס'איז נישט קיין מיטגליד פון די נאַציס, ווייסט נישט וואָס ס'וועט אים ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג. אויך פאַר אונדז איז דער אַרעסט פון דעם דאָזיקן מענטשן אַ שווערער קלאַפּ....

# 13 יוני

## שמעון האָראַנטשיק

ראָמאַניסט.

געב. 13.6.1889, אין ווילון, קאַלישער געגנט, אין אַ חסידישער פאַמיליע. דעם 13.9.1939 — באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַנטלויפנדיק פון וואַרשע פאַר די דייטשן. צו קבורה האָט מען אים געבראַכט אין קאַלושין.

אַריינגעפירט געוואָרן אין דער ליטעראַטור דורך י. מ. ווייסענבערג.

אין בוכפאָרם: „פאַרפלאָנטערטע וועגן", „אין גערויש פון מאַשינען", „1905", „מאַסן", „זומפ", „דאָס הויז אויפן באַרג", „צוויי וועלטן", „זינגד", „דאָרט, ווו די זשיראַנד פאַלט אַריין אין ים", „שטאַרקע מענטשן", „ביים שוועל", „די פרינצעסין" א. א.



ל. גאָטליב: אַרבעט



## האַריעט ביטשער־סטאָו

אַמעריקאַנער שרייבערין.
געב. 1811.6.14, אין ליטשפיעלד, פש"א. געשט. 1896.7.1, אין האַרטפאָרד.
אויטאָרין פונעם באַרימטן בוך: „דעם פעטער טאָמס שטיבל". דאָס דאָזיקע בוך, פול מיט סימפּאַטיע צום נעגערישן פאָלק, געהערט נאָך ביז היינט צו דער באַליבטסטער לעקטור פון דער יוגנט אין דער גאַנצער וועלט.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ס'איז געווען אַ צייט, ווען דער דלות האָט הערשעלען אָסטראָפּאָליער שוין גאָר צוגעדריקט און אין שטוב איז נישט געווען קיין ביסן ברויט. וואָס־זשע טוט הערשעלע? ער באָרגט ביים שכן אַ בייטש און גייט אַרויס אין מאַרק און דאָרט נעמט ער שרייען ווי אַן אמתער בעל־עגלה:

— קיין לעטישעוו, קיין לעטישעוו, איך פיר פאַרשווינען קיין לעטישעוו. זענען געקומען עטלעכע פאַרשוין, האָבן אים באַצאָלט צו האַלבע גילדן און געוואַרט הערשל זאָל זיי פירן. ענדלעך האָט הערשל אַ קנאַק געטאָן מיט דער בייטש און זיך געלאָזט גיין אַרויס פון דער שטאָט און געהייסן די פּאַסאַזשירן זאָלן אים נאָכגיין. געמיינט האָבן די פּאַסאַזשירן, אַז הערשעלע האָט דעם וואָגן מיט די פערד שטיין הינטער דער שטאָט. אָבער, אַז זיי זענען אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג הינטער דער שטאָט און קיין פערד און וואָגן זעט מען נישט, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען:

— וואָס איז דאָס, הערשעלע? ווילסט אונדז פירן קיין לעטישעוו צופוס? וווּ־זשע זענען דיינע פערד?

— פערד? — האָט הערשעלע געצויגן מיט די אַקסלען — ווער האָט דען אייך געזאָגט, אַז איך האָב פערד? אדרבא, איך האָב אייך געוואָלט ווייזן, אַז אַ בעל־עגלה דאַרף נאָר האָבן אַ בייטש, פערד וועלן זיך מיט גאָטס הילף שוין געפינען...

## עדוואַרד גריג



נאָרוועגישער קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1843.6.15, אין בערגען. געשט. 1907.9.4, דאָרטן. איינער פון די שעפער פון דער נאָרוועגישער מוזיקאַלי־שער אַקאַדעמיע. זיין קאָמפּאָזיטאָריש שאַפן טראָגט דער עיקר אַ קאַמעראַלן כאַראַקטער. מחבר פון סימפאָניעס, קאָנצערטן פאַר קלאַוויר, פידל, פון איבער 140 סאָלאָ־לידער צו די טעקסטן פון סקאַנדינאַווישע דיכטער. אָנגעשריבן מוזיק צו איבסענס „פּער גינט". אויפגעטראָטן אויך אַלס פּיאַניסט און דיריגענט.

## זשיל פּאַסקין

### (פּינקאַס)

יידיש־פראַנצויזישער מאָלער, אַפּשטאַמיקער פון בולגאַריע.

געב. אין 1875. געשט. 1930.6.15, אין פּאַריז.

שטודירט אין מינכען. אין דער זעלבער צייט מיטגעאַרבעט אַלס צייכנער אין די דייטשישע הומאָריסטישע זשורנאַלן. אין 1905 זיך באַזעצט אין פּאַריז. פון 1914 ביז 1920 געלעבט אין אַמעריקע. צוריקגעקומען קיין פּאַריז און דאָ געפירט אַ ברייט באָהעמע־לעבן. די לעצטע יאָרן געקרענקט. באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אויפהענגען זיך.

## מאָריס (אברהם־משה) שוואַרץ



יידישער אַקטיאָר, רעזשיסער און טעאַטער־דירעקטאָר.

געב. 1887.6.15 (לויט אַנדערע קוועלן — אין 1889), אין סודילקאָוו, וואָלין. געשט. 1960.5.10 — אין תל־אביב, בעת אַ באַזוך אין ישראל.

צו 12 יאָר אויסגעוואַנדערט מיט דער משפחה קיין אַמע־ריקע. געשאַפן דעם „קונסט־טעאַטער" אין ניו־יאָרק, וואָס האָט געטראָגן זיין נאָמען. מחבר פון זעקס פּיעסן, אַרויסגעבער פון זשורנאַל „אונדזער טעאַטער" (1921). געשפּילט אויך אויף דער ענגלישער סצענע און אין פילם.

## בנימין־יעקב ביאַלאָסטאָצקי



דיכטער און עסעיסט.
געב. 1893.6.15 אין פּומפּיאַן, ליטע. געשט. 1962.9.22, אין ניו־יאָרק.
דעביוטירט אין 1909. פון 1911 — אין אַמעריקע.
אין בוכפאָרם: „ביים ברייטן וועג“ (לידער), „לידער און עסייען“ (2 בענדער), „פון די שטאַמען“ (לידער), „בי־נעלע“ (קינדער־מעשה), „פון גלות בבל ביז רוים“, „חלום און וואָר“ (עסייען), „געזאַמלטע לידער“, „יידי־שער הומאָר און יידישע לצים“.

## יוסף זיידענבייטל



מאָלער.
געב. אין 1894. געשט. 1923.6.15, אין אָטוואָצק, ביי וואַרשע, אין עלטער פון 29 יאָר.
געמאָלט פּאָרטרעטן און בילדער אויף יידישער טעמאַ־טיק. אילוסטרירט אַ ריי ביכער, צווישן אַנדערע די ווערק פון ש. אַנ־סקי.
אויך זיינע צוויי יינגערע ברידער, דער צווילינג אפרים און מנשה, זענען געווען טאַלאַנטירטע מאָלער.ביידע זענען זיי אומגעקומען אין אַ לאַגער (געגנט אין וועלבן, אין ניסט באַוווסט), וווהין זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

## מאַנע קאַץ



מאָלער.
געב. 1894.6.15, אין קרעמענטשוג, אוקראַינע. געשט. 1962.9.8, אין חיפה.
זיין טאַטע איז געווען אַ שמש אין בית־מדרש. מאָלעריי געלערנט אין מירגאָראָד, שפּעטער אין קיעוו. פון 1913 — אין פּאַריז. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד. געווען פּראָפעסאָר פון צייכענען אין כאַרקאָוו. אין 1921 — צוריק אַוועק קיין פּאַריז. זיין גאַנץ שאַפן איז געווען פאַרבונדן מיט יידישער טעמאַטיק.

# 16 יוני

## די משפחה ראָטשילד

באַרימטע משפחה פון פינאַנסיסטן און באַנקירן. די ערשטע ידיעות וועגן די ראָטשילדס שטאַמען פון 16 י. ה. איינער פון די ערשטע ראָטשילדס — אַנשל־מאָזעס, אַ קליינהענדלער, האָט זיך מיט גאָרנישט נישט אויסגעצייכנט. פאַרן גרינדער פון דער פירמע ראָטשילד רעכנט זיך מאיר־אַנשל ראָטשילד, וועלכער איז געקרוינט געוואָרן מיטן טיטל: „קעניג פון די קרעדיטאָרן און קרע־דיטאָר פון די קעניגן". ער איז געבוירן געוואָרן אין 1743, אין פראַנקפורט א/מ. און דאָרטן אויך געשטאָרבן, אין 1812. די ראָטשילדס זענען געוואָרן נאָך רייַ־כער אונטער מאיר־אַנשלס זון — נאַטאַן־מאיר.

די ראָטשילדס, ווי דער סימבאָל פון עשירות, זענען אַריין אין דער אייראָ־פּעישער ווי אויך אין דער יידישער ליטעראַטור (שלום־עליכם: „ווען איך בין ראָטשילד").

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

צוויי אָרעמע מקבלים ליגן בײנאַכט אין בית־מדרש אויף די האַרטע בענק און פאַרן שלאָפן שמועסן זיי זיך איבער, ווי גוט און ווויל עס לעבט זיך דעם נגיד אויף דער וועלט.

— דו ווייסט — זאָגט איינער צום צווייטן און טוט זיך דערביי אַ געשמאַקן קראַץ — אונדזער נגיד פון שטעטל, עס זאָל אפילו דונערן און בליצן, מוז ער אָנטאָן אַלע שבת אַ ווייס העמד.

— און דער קיעווער בראָדסקי? — פרעגט דער צווייטער.

— וואָס פרעגסטו, בראָדסקי פאַרגינט זיך שוין אָנצוטאָן אַ ווייס העמד צוויי מאָל אַ וואָך.

— און דער שני למלך?

— אַלע טאָג.

— און דער קיסר אַליין?

— צוויי מאָל אַ טאָג.

— נו, און ראָטשילד, אַ שטייגער?

— ראָטשילד! ווער קאָן זיך גלייכן צו ראָטשילדן? ער טוט־אָן און טוט־אויס, טוט־אָן און טוט־אויס.

* * *

צוויי אַרעמעלייט זענען געגאַנגען פאַרביי אַ גרויסן פּאַלאַץ. זאָגט איינער צום צווייטן:

— דאָס מוז געווים זיין ראָטשילדס פּאַלאַץ. דו, אַ שטייגער, וואָלסט חשק געהאַט צו האָבן אַזאַ פּאַלאַץ?

— חס וחלילה! — האָט יענער געענטפערט — ווו וועל איך נעמען אַזויפיל מזו־זות צו אַזויפיל טירן!

* * *

— וואָס וואָלט איר געטאָן — האָט מען געפרעגט איינעם אַ בעלעמער — ווען איר געפינט אין גאַס אַ מטמון געלט, אַ שטייגער, א מאה אלף, וואָלט איר עס אָפּגעגעבן דעם, וואָס האָט עס פאַרלוירן, צי ניין?

דער בעלעמער האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט און דערנאָך געענטפערט:

— דאָס ווענדט זיך אין דעם, ווער עס האָט עס פאַרלוירן: איך זאָל וויסן, אַז ראָטשילד האָט פאַרלוירן, וואָלט איך אים בפירוש נישט אָפּגעגעבן. ווען ס'האָט אָבער פאַרלוירן, למשל, דער שמש פון בית־מדרש, וואָלט איך עס אים אָפּגעגעבן ביז איין פּרוטה.

* * *

אַ ייד איז געקומען צו ראָטשילדן און געזאָגט:

— פּאַניע ראָטשילד, איר ווייסט, איך בין דאָך אייערער אַ קרוב. טאָ ווי פּאַסט עס, אַז איך זאָל זיין אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס און אויסגיין פון הונגער. טאָ גיט מיר עפּעס אַן אַרבעט ביי אייך.

ראָטשילד רעכנט אויס פאַרשידענע שטעלעס, וועלכע ער קאָן אים פאָרלייגן און דער ייד האַלט אין איין ענטפערן: צו דעם טויג איך נישט.

— צו וואָס־זשע טויגט איר יאָ — פרעגט אים ראָטשילד.

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט דער ייד — אַזוי ווי איר זייט קיין עין־הרע נישט אַ גרויסער גביר מיט אַ סך געשעפטן און איך בין קיין עין־הרע נישט אַ ייד מיט שכל, וואָלט איך אייך געקאָנט געבן עצות צו אייערע געשעפטן.

— גוט — ענטפערט ראָטשילד — ווויל. גיט מיר די ערשטע עצה ווי ווערט מען פּטור פון אייך.

# 17 יוני

## לעאָן יאָגיכעס־טישקאָ



מוער פון דער פוילישער און דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג. סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

געב. 17.6.1867, אין ווילנע. דערמאָרדעט דעם 10.3.1919, אין דער בערלינער תפיסה מאָאַביט.

אָנגעהויבן זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער אין ווילנע. נאָך אַ קורצן אַרעסט עמיגרירט אין דער שווייץ. אָנטיילגענומען אין שאַפן פון דער סדקפּל. צוזאַמען מיט ראָזע לוקסעמבורג (זיין שפּעטערדיקע פרוי) געפירט אַ קאַמף קעגן אָפּאָרטוניזם אין דער אינטערנאַציאָנאַלער און פוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָנטיילנעמער פון דער רעוואָלוציע אין 1905 יאָר. אַרעסטירט אין וואַרשע און פאַרמשפּט אויף 8 יאָר קאַטאָרגע, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געלעבט אין דייטשלאַנד. צוזאַמען מיט ק. ליבקנעכט און ראָזע לוקסעמבורג געווען איינער פון די גרינדער פון „ספּאַרטאַקוס־בונד“ און שפּעטער פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. נאָכן דערמאָרדן ר. לוקסעמבורג און קאַרל ליבקנעכט אין יאַנואַר 1919 — געשטאַנען בראש פון דער פּאַרטיי, ביז ער איז אַליין אַרעסטירט און אומגעבראַכט געוואָרן.

## בער לאַפּין



אַמעריקאַנער יידישער דיכטער.

געב. 17.6.1889, אין אַ דאָרף נישט ווייט פון וואָלקאָוויסק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 23.11.1952, אין ניו־יאָרק. פון 1909 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „אומעטיקע וועגן“, „צייכנס“, „נייע לידער“, „דער פולער קרוג“. לאַפּין האָט אויך פיל איבערגעזעצט אין יידיש פון דער וועלט־פּאָעזיע, צווישן אַנדערן שעקספּירס סאָנעטן, איבער וועלכע ער האָט געאַרבעט מער ווי אַכט יאָר.

# 18 יוני

## יצחק־אברהם אייכעל

געב. אין 1758, אין קאָפּענהאַגען. געשט. 18.6.1804, אין בערלין.

איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון דער השכלה אין דייטשלאַנד. שרייבער, ביאָגראַף פון משה מענדעלסאָן, גרינדער און רעדאַקטאָר פון השכלה־זשורנאַל „המאסף“, מחבר פון דער קאָמעדיע אין יידיש „רב העניך אודר וואָש טוט מע דר מיט“ (דערשינען צום ערשטן מאָל אין 1797; איבערגעאַרבעט אין מאָדערנעם יידיש דורך דוד האָפשטיין, קיעוו, 1933).

## געאָרגי דימיטראָוו



פירנדיקער טוער פון דער בולגאַרישער און אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

געב. 18.6.1882. געשט. 2.7.1949.

דימיטראָוו איז מוטיק אַרויסגעטראָטן קעגן דייטשישן פאַשיזם אויפן באַרימטן ל ײ פּ צ י ק ע ר פּ ר אָ צ ע ס אין שייכות מיטן אונטערצינדן דעם רייכסטאַג. שפּעטער געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ערשטער פּרעמיער־מיניסטער פון דער בולגאַרישער פאָלקס־רעפּובליק.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

הערשל אָסטראָפּאָלער איז געקומען אַמאָל אין אַ דאָרף צו אַן אַרענדאַטאָרקע און בעט עפּעס עסן.

— ס'איז איצט ביי מיר גאָר נישטאָ וואָס צו עסן — זאָגט די אַרענדאַטאָרקע.

— אויב אַזוי — רעדט הערשל ווי צו זיך אַליין און שפּאַנט מיט כעס איבערן חדר הין און צוריק — אויב אַזוי, וועל איך מוזן טאָן, וואָס דער טאַטע האָט געטאָן. יאָ, עס ווייזט אויס אַזוי, איך וועל טאַקע מוזן טאָן דאָס, וואָס מיין טאַטע האָט געטאָן.

די אַרענדאַטאָרקע, הערנדיק די ווערטער, האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן. דערלאַנגט זי אים עסן. נאָכדעם, אַז הערשל האָט אָפּגעגעסן און זיך באַרואיקט, פרעגט זי אים:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס האָט אַזוינס אייער פאָטער געטאָן?

— מיין פאָטער, עליו־השלום — ענטפערט ער — איז געווען אַן אָרעמאַן ווי אין פּסוק שטייט, האָט ער געהאַט אַ טבע, אַז עס פלעגט זיך מאַכן ער האָט ניט געהאַט וואָס צו עסן פאַרן שלאָף — האָט ער זיך געלייגט שלאָפן הונגעריק.

# פראָפ. אברהם־אהרן ראָבאַק



פּסיכאָלאָג, ליגנוויסט, פאָרשער פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

געב. 1890.6.19, אין גאָניאָנדז, ביאַליסטאָקער געגנט. געשט. דעם 1965.6.5, אין קעמברידזש, שטאַט מאַ־סאַטשוסעטס, פאַראייניקטע שטאַטן.

קינדווייז צוזאַמען מיט דער משפחה איבערגעפאָרן קיין קאַנאַדע. אין 1912 געענדיקט דעם פילאָזאָפישן פאַקול־טעט פון מאָנטרעאַלער אוניווערסיטעט. זינט 1959 — פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע אויפן באָסטאָנער אוניווערסיטעט.

פראָפ. ראָבאַק איז דער מחבר פון העכער 30 ווערק אין ענגליש וועגן פּסיכאָ־לאָגיע, פון וועלכע די מערסטע זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן. זיך פאַרנומען מיט יידישער שפּראַך־ און ליטעראַטור־פאָרשונג, מחבר פון די יידישע ביכער „די אימפּעריע יידיש“, „דער פאָלקס־גייסט אין דער יידישער שפּראַך“, „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור“ (ענגליש) און פון הונדער־טער אַרטיקלען אין דער פּרעסע און פאַרשידענע אַנדערע אויסגאַבעס.

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

אין אַן אכסניא האָט זיך אָפּגעשטעלט אַן אָרעמאַן, געהייסן באַלד זיך דערלאַנגען אַ גוטן מיטיק. געקומען ביינאַכט, האָט ער ווידער געהייסן זיך געבן עסן און טרינקען פונעם בעסטן, וואָס דאָרט געפינט זיך. אויף מאָרגן שטייט ער אויף פרי, פאָדערט אַ זאַטן פרישטיק, אָפּגעגעסן, נעמט ער זיך געזעגענען מיטן בעל־אכסניא, רופט זיך יענער אָן:

— נו, און וואָס הערט זיך, רב ייד, מכוח באַצאָלן פאַרן עסן און טרינקען און נאַכט־לעגער?

— זאָרגט נישט — מאַכט דער אָרעמאַן — ס׳איז גלייך ווי ביי אייך אין קעשענע. איך פאָר נאָך נישט אַוועק. געקומען בין איך אַהער אין שטעטל קלייבן נדבות, דאָס איז מיין פּרנסה. נאָר נעכטן בין איך נאָך געווען מיד פון וועג, איצט נעם איך זיך צו דער אַרבעט, און איר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל אייך אייערס אָפּברענגען וויפל עס קומט ביז איין פּרוטה.

— וואָס דערציילט איר מיר: איך מעג זיין זיכער? — שרייט דער בעל־אכסניא — איך בין גאָרנישט זיכער.

— אויב איר גלויבט מיר נישט, קומט־זשע מיט מיר, זייט מוחל, וועלן מיר גיין צוזאַמען איבער די הייזער.

— וואָס, איר שעמט זיך מיט מיר אינאיינעם גיין? ווייסט איר גאָר וואָס, נאַט אייך מיין טאָרבע און גייט אַליין אָן מיר איבער די הייזער.



## אַלעקסאַנדער פרעדראָ

פוילישער קאָמעדיע־שרייבער.
געב. 20.6.1793, אין סוראָכווו. געשט. 15.7.1876, אין לעמבערג.
צו זיינע פּאָפּולערסטע קאָמעדיעס געהערן: „נקמה“, „מאַן און ווייב“, „הער געלדהאַב“, „דאַמען און הוזאַרן“, „הער יאָוויאַלסקי“ א. א.

## זשאַק אָפּענבאַך



פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר. שעפער פון דער קלאַסישער פראַנצויזישער אָפּערעטע.
געב. 20.6.1819, אין קעלן, דייטשלאַנד, אין דער משפּחה פון חזן יצחק הערבסט, וועלכער האָט שפּעטער אָנגענומען די פאַמיליע אָפּענבאַך (נאָך דער שטאָט אין דייטשלאַנד פון וואַנען ער האָט געשטאַמט). געשט. 4.10.1880, אין פּאַריז.
צו זיינע פּאָפּולערסטע אָפּערעטעס געהערן: „די שיינע העלענע“, „אָרפּיי אין גיהנום“, „די בלויע באָרד“, „זיגנ־פייגעלעך“, „פּאַריזער לעבן“, „פּעריקאָלאָ“ און די אָפּערע „האָפמאַנס מעשהלעך“.



## עטל און יוליוס ראָזענבערג



20 יוני 1953 אומגעבראַכט אויף דער עלעקטרישער שטול, נאָכן אורטייל אין אַ שפּיאָנאַזש־פּראָצעס, פאַבריצירט דורך דער אַמעריקאַנער געהיים־פּאָליציי. צוויי מיט אַ האַלבן יאָר זענען זיי אָפּגעזעסן אין די טויט־קאַמערן פון דער טרויעריק־באַרימטער תּפיסה „סינג־סינג“, און נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון דער וועלט־עפנטלעכקייט, געטויט געוואָרן.

# 21 יוני

## שאול סטופניצקי

שריפטשטעלער.

[געב. אין 1876, אין ביעלסק, פוילן. אומגעקומען אין ווארשעווער געטאָ, זומער 1942, איינגענעמענדיק סם אויפן אומשלאַג־פּלאַץ בעתן אַריינגיין אין וואַגאָן, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע].

אין בוכפאָרם: „ברוך ספּינאָזאַ. זיין פילאָזאָפיע, ביבל־קריטיק, שטאַטס־לערע און זיין באַדייטונג אין דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן געדאַנק“.

## בער באָראָכאָוו



געב. 21.6.1881, אין זאָלאָטאָנאָשי, אוקראַינע. געשט. 4.12.1917, אין קיעוו.

ערשט צו 26 יאָר זיך אויסגעלערנט יידיש (רעדן און שרייבן) — און געוואָרן איינער פון די באַדייטנדיקסטע יידישע פילאָלאָגן און פאָרשער פון דער יידישער שפּראַך. וויכטיקסטע אַרבעטן: „די קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע“, „געזאַמלטע שריפטן“, „די אויפגאַבן פון דער יידישער פילאָלאָגיע“ (אין „פּנקס“, ווילנע, 1913), „די יידישע ארבעטער־באַוועגונג אין ציפערן“, „געקליבענע שריפטן“ א.א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַבי געזונט, דאָס לעבן קאָן מען זיך אַליין נעמען.

אַ קהלשן באָק וועסטו פון שטאָטישן גאָרטן נישט אַרויסטרייבן.

ווי איז צו דער שטוב, וו דער פייער ברענט אינעווייניק.

בשעתן גאָלן די באָרד, קאָן מען נישט רעדן — דערפאַר וואַקסט נישט קיין באָרד ביי די ווייבער.

ווייבער רעדן אַלע אין איינעם — זיי ווייסן פריער, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו הערן.

לאָזן זיך יידן מערן, וועט זיין וואָלוול פּאַסטערנאַק.

אָז נסים קאָן אַ ייד נישט לעבן.

# 22 יוני

## אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד

דעם 22 יוני, 1941 י., פיר פאַרטאָג, זענען די היטלעריסטישע האָרדעס, אונטער־געשטיצט דורך זייערע וואַסאַלן: פינלאַנד, אונגאַרן און רומעניע, נישט דער־קלערנדיק פאַרמעל קיין מלחמה, אָנגעפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד פון צפון־ים ביזן שווארצן. אין דעם זעלבן טאָג האָט דערקלערט מלחמה דעם ראַטנפאַרבאַנד איטאַליע. 170 אָפּגעקליבענע דייטשישע דיוויזיעס צוזאַמען מיט די דיוויזיעס פון די היטלער־„שותּפים" האָבן אַטאַקירט גלייכצייטיק אויף אַ ברייט פון עטלע־כע טויזנט קילאָמעטער.

קרוב 4 יאָר איז אָנגעגאַנגען די בלוטיקע מלחמה, וועלכע האָט זיך פאַר־ענדיקט מיט דער פולער מפּלה פון אָנפאַלער און זיינע פאַרבינדעטע. דעם 2 מאַי 1945 איז געפאַלן בערלין. דעם 8 מאַי איז אין דער בערלינער פאָרשטאָט קאַרלס־האָרסט אונטערגעשריבן געוואָרן דורך די פאָרשטייער פון דער היטלעריסטישער מיליטערישער אויבערקאָמאַנדע דער אַקט פון קאַפּיטולאַציע אָן באַוואָרענישן. דער 9־טער מאַי איז געפייערט געוואָרן דורך די פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד אַלס טאָג פון נצחון.



טאָג פון נצחון אין מאָסקווע

## 23 יוני

ב. שאַפּיר

# אויפן בוידעם שלאָפט דער דאַך

אויפן בוידעם שלאָפט דער דאַך,
צוגעדעקט מיט שינדעלעך,
און מיין קינד אין וויגל שלאָפט
נאַקעט, גאָר אָן ווינדעלעך...
האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי
עסט די ציג פון דאַך דעם שטרוי.

אויפן בוידעם הענגט אַ וויג,
וויגט זיך האָרט אַ שפּין אין איר,
נעמט ער מיין חיונה צו,
און דעם דלות לאָזט ער מיר...
האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי
עסט די ציג פון דאַך דעם שטרוי.

אויפן בוידעם זיצט אַ האָן,
איז זיין קאַם גאָר פייער־רויט.
ווען מיין ווייב וואָלט וועלן גיין
ערגעץ באָרגן אַ לאַבן ברויט...
האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי
עסט די ציג פון דאַך דעם שטרוי.

## יאָהאַן גוטענבערג



24 יוני 1400. אין האַזיקן טאָג ווערט אָפּגעמערקט דער געבוירנטאָג פון יאָהאַן גוטענבערג, דעם דערפינדער פון דרוקעריי, וואָס האָט גורם געווען אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דער אייראָפּעישער קולטור (גענוי איז נישט פעסטגעשטעלט נישט נאָר גוטענבערגס געבוירנטאָג, נאָר אויך דאָס יאָר. געשט. 1468.2.3 אין מיינץ, דייטשלאַנד. פאַר דאָס ערשטע געדרוקטע בוך רעכנט זיך „דאָס סעווילאַ-בוך" (פּאָעמע, דייטש), דערשינען אַרום 1445.

## דוד האָפשטיין



סאָוועטיש-יידישער דיכטער. איינער פון די גרונטלייגער פון דער יידיש-סאָוועטישער פּאָעזיע.
געב. 1889.6.24, אין קאָראָסטישעוו, קיעווער גובערניע. אומגעקומען אין תפיסה 1952.8.12.
אין בוכפאָרם: „ביי וועגן", „וואָלגער-שטיינער", „אין טאָוול פון ווענט", „לירי׳ק", „אויף ליכטיקע רואינען", „פון אַלע מיינע וועלטן", „ספּאַרטאַק", „געזאַמלטע ווערק", „געקליבענע לידער", „פרייד פון נייעם זיין", „אָרקעסטראַ", „לידער", „אין אונדזערע טעג", „איך גלייב". איבערגעאַרבעט אין מאָדערנעם יידיש יצחק אייבעלעס „רעב העניך, אָדער וואָס טוט מען דאַמיט" און אהרן-האַללע וואָלפסאָנס „לייכטזין און פרעמעליי". צוזאַמען מיט א. שאַמעס אַרויסגעגעבן אַ בוך „ליטעראַטור-קענטעניש" און מיט איציק פעפערן אַ זאַמלונג א. ג. „פעלקער זינגען".

## ברוך אָליצקי



דיכטער.
געב. אין 1907, אין טריסק, וואָלין. אומגעבראַכט דורך די דייטשן אין שטעטל ליאַכאָוויטש, ווייסרוסלאַנד, דעם 1941.6.24.
לערער. דעביוטירט אין 1925.
אין בוכפאָרם: „מיין בלוט איז אויסגעמישט" — לידער און געזאַנגען.

## „קאַפּיטאַל"

25 י ו נ י 1867 — דערשײַנען דער ערשטער באַנד „ק אַ פּ י ט אַ ל" פֿון ק אַ ר ל מ אַ ר ק ס — דאָס עפּאָכעמאַכנדיקע ווערק פֿון וויסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליזם.

דוד האָפשטיין

### מיר שטאַמען פֿון פֿעלזן

מיר שטאַמען פֿון פֿעלזן!
פֿון פֿעלזן, צעמאָלטע אויף מילשטיין פֿון צײַטן...
מיר שטאַמען פֿון פֿעלזן,
וואָס האָבן דעם גורל פֿאַרבונדן
מיט ימען,
מיט ווינטן,
מיט ווייטן.. .
מיר שטאַמען פֿון פֿעלזן,
וואָס האָבן צעבראָכן
דעם יאָך פֿון גליווערנעם שטייען —
מיר גייען —
און וועלדער נאָר ווייסטע
אונדז קאָנען פֿאַרהאַלטן...
מיר זײַנען די ערשטע
אין פֿאַלדן פֿון ווינטן,
מיט ווירבלען געבונדן,
מיט כוואַליעס געשוועסטערט,
געברודערט מיט שטורעם —
קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפֿון, קיין דרום!

# 26 יוני

## מאַרטין אַנדערסען־נעקסע



דענישער שרייבער — „דער סקאַנדינאַווישער גאָרקי“.
געב. 26.6.1869, אין קאָפּענהאַגען, אין דער משפּחה פון אַ שטיינהאַקער. געשט. 1.6.1954, אין דרעזדען, דייטש־לאַנד.
וויכטיקסטע ווערק: „דיטאַ“, „פּעלע דער דעראָבערער“, „דער רויטער מאָרטען“, „דער פאַרלוירענער דור“.

## פישל שניאורסאָן

פּסיכאָלאָג, שרייבער.
געב. 26.6.1895, אין קאַמיענעץ־פּאָדאָלסק. געשט. 24.4.1958, אין תּל־אביב.
אין בוכפאָרם: „די קאַטאַסטראָפאַלע צייטן און די וואַקסנדיקע דורות (די ווירקונג פון סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס אויף דער פּסיכיק פון נאָרמאַלן און אומ־נאָרמאַלן קינד)“, בערלין, 1924; „דער וועג צום מענטש“ (די יסודות פון מענטש־וויסנשאַפט און די לערע פון נערוועישקייט), ווילנע, 1927, „חיים גראַוויצער“ (ראָמאַן), „קאַראַהאַד“ (די בלאָנדזשענישן פון אברהם איציע דעם קירזש־נער).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַלץ קאָן דער מענטש פאַרגעסן, נאָר נישט עסן.

ווי די מתים עסן, אַזאַ פּנים האָבן זיי.

כּוח געפינט מען אין שיסל.

אַז מען קוקט אויס אויפן שווערס שטיוול, גייט מען באָרוועס.

באַדיי דער זון זאָל שטאַרבן, אַבי אַ מכה דער שנור אַ מאָן.

## 27 יוני

### דוד האָפּשטיין

* * *

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער!
ווו קאָן מען זיין עלנטער, ווו קאָן מען זיין עלנטער...

אַ פערדל אַן אַלטינקס, אַ סקריפּנדער שליטן,
אַ שליאַך אַ פאַרשנייטער — און איך בין אין מיטן.

פון אונטן, אין איינציקן ווינקל אין בלאָסן,
נאָך לעשן זיך טרויעריק טליענדע פאַסן.

פון פאָרנט פאַרשפּרייט זיך אַ מדבר אַ ווייסער,
און ווייט דאָרט צעזייט איז אַ צענדליקל הייזער —
דאָרט דרעמלט אַ כוטאָר, פאַרזונקען אין שנייען...

צום יידישן הייזל פיל סטעזשקעלעך גייען,
אַ הייזל, ווי אַלע, נאָר גרעסער די פענצטער,
און צווישן די קינדער דאָרט בין איך דער עלטסטער...

און ענג איז מיין וועלטל, און קליין איז מיין רעדל:
אין צוויי וואָכן איין מאָל פון כוטאָר אין שטעטל.

און בענקען און שווייגן פון פעלדער פון ברייטע,
פון וועגן און וועגלעך פאַרשנייטע, פאַרווייטע...

און טראָגן אין האַרצן פאַרבאָרגענע ווייען
פון זוימען, וואָס וואַרטן און וואַרטן אויף זייען...

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער!
ווו קאָן מען זיין עלנטער, ווו קאָן מען זיין עלנטער?

(1912)

## פאָל רובענס



פלעמישער מאָלער.
געב. 28.6.1577. געשט. 30.5.1640.
געלעבט און געשאַפן הויפּטזעכלעך אין אַנטווערפּן, בעלגיע.

מיטאָלאָגישע קאָמפּאָזיציעס, פּייזאַזשן, פּאָרטרעטן (אַרום 3000 געמעלן, די מערסטע פון זיי געמאָלן דורך זיינע שילער און געהילפן אונטער זיין אָנפירונג). צווישן די צוממערסטן באַוווּסטע: „דאָס אַראָפּנעמען פון קרייץ", „די שלאַכט פון די אַמאַזאָנקעס", „פּאַריסעס משפּט", „די דאַמע אין פוטער", „לאַנדשאַפט מיט רעגנבויגן".

## זשאַן זשאַק רוסאָ



פראַנצויזישער שריפטשטעלער און פילאָזאָף.
געב. 28.6.1712, אין זשענעווע, שווייצאַריע, אין דער משפּחה פון אַ זייגערמאַכער. געשט. 2.7.1778, אין ערמענאָנוויל, פראַנקרייך. באַערדיקט אין פּאַנטעאָן, אין פּאַריז.

רוסאָ איז מיט זיין שאַפן געווען איינער פון די, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער בורזשואַזער רעוואָלוציע.

צו זיינע וויכטיקסטע ווערק געהערן: „אָפּהאַנדלונג וועגן דער אָפּשטאַמונג פון די קונסטן און וויסנשאַפט", „אָפּהאַנדלונג וועגן די קוואַלן פון דער אומגלייכהייט צווישן מענטשן", „געזעלשאַפטלעכער טראַקטאַט", „עמיל, אָדער וועגן דערציונג", „יוליע, אָדער די נייע העלאָיזע", „ווידוי".

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

נגידים בלאָזן זיך, דער אָרעמאַן ווערט געשוואָלן.

א קאַרגער מענטש און א פעטע קו ברענגען נוצן ערשט נאָכן טויט.

וואָס לענגער א בלינדער לעבט, מער זעט ער.

מען דאַרף נישט זיין הויך, מען זאָל זיין גרויס.

# בנימין זוסקין



טאַלאַנטפולער שוישפּילער פון מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

געב. 1899.6.28, אין פּאַניעוועזש, ליטע. אומגעקומען 1952.8.12.

אין 1921 אָנגעקומען אין דער סטודיע פון יידישן מלוכהשן קאַמער־טעאַטער (שפּעטער מלוכהשער יידי־שער טעאַטער) און אין זעלבן יאָר פאַררעכנט געוואָרן אין דער טעאַטער־טרופּע.

וויכטיקסטע ראָלן: „סענדערל“ אין „מסעות בנימין השלישי“ פון ממ“ס, דער „ליץ“ אין שעקספּירס „קעניג ליר“, „האָצמאַך“ אין „די בלאָנדזשענדיקע שטערן“ פון ש“ע, דער „בדחן“ אין דער פאָרשטעלונג „פרייליכס“.



ש. מיכאָעלס און ב. זוסקין אין שעקספּירס „קעניג ליר“

# 29 יוני

## דוד ריקאַרדאָ



[1823—1772]

איינער פון די שעפער פון דער ענגלישער קלאַסישער פּאָ־
ליטישער עקאָנאָמיע.

ריקאַרדאָס משפּחה שטאַמט פון איטאַליע. זיין טאַטע איז געווען א גרויסער פינאַנסיסט און געשפּילט א באַדייטנ־דיקע ראָל אין דער לאָנדאָנער יידישער קהילה. דוד ריקאַרדאָ האָט חתונה געהאַט מיט אַן ענגלענדערין און זיך געשמדט. געווען א מיטגליד פון ענגלישן פּאַרלאַמענט. זיין וויכטיקסט ווערק: „די גרונט־פּרינציפּן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און שטייערן־פּאָליטיק“.

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ חסיד, אַ גרויסער אָרעמאַן, האָט זיך באַקלאָגט פאַרן רבין, אַז ער איז אַ מטופּל, קיין עין־הרע, מיט אַ גרויס הויזגעזינד און די דירה זיינע איז ענג ממש דערשטיקט צו ווערן.

— אַ ציג האָסטו? — פרעגט אים דער רבי.

— יאָ.

— גיי אַהיים — זאָגט דער רבי — און נעם אַריין אין שטוב צו זיך די ציג דיינע.

און עטלעכע טעג אַרום קומט דער זעלביקער אָרעמאַן ווידער צום רבין.

— שלעכט רבי, נישטאָ אין שטוב וו דעם קאָפּ צושפּאַרן.

— נעם אַריין — עצהט דער רבי — צו זיך אין שטוב די עופות, וואָס דרייען זיך אַרום ביי דיר אין הויף.

און עטלעכע טעג אַרום קומט ער ווידער צום רבין:

— ביטער, רבי, שוין נישטאָ וווּ אַנידערצוזעצן זיך אין שטוב. אַן אומקומעניש.

— איצט גיי אַהיים — זאָגט ער צום חסיד — און טרייב תיכף אַרויס די ציג מיט די עופות.

אויף מאָרגן קומט דער חסיד צום רבין דאַנקען פאַר דער לעצטער עצה.

# 30 יוני

לייזער וואָלף

## דאָס לעבן

וואָס איז דאָס לעבן?
דער מעכטיקער פּליי?
די טענצעריין אויף די נאַקעטע קני?
דער וואָלקן אין האָניק?
דער וואַלקן אין בלוט?
דער באַרגשפּיץ אין פייער, ווו גאָט האָט גערוט?
וואָס איז דאָס לעבן?

— די שמוציקע זאַכן לעבן דיין בעט,
אין הילצערנעם קאַסטן
דאָס קויטיקע גרעט,
די פרוי אין דיין צימער
פון ביינער און הויט,
דאָס שווערע פאַרשוויצטע געזאַלצענע ברויט —
— אָט דאָס איז דאָס לעבן!

אָט דאָס איז דאָס לעבן?
דאָס קאָן דאָך ניט זיין!
דאָס לעבן מוז זיין ערגעץ הויך, אין אַ שיין.
מלאכים, גן־עדן, אַ וואַסער, אַ פּליאַזש —
און דו אין אַ זילבערנעם הויכן גאַראַזש —
אָט דאָס איז אַ לעבן!

— דאָס ווייב אויפן מאַרק
און די טאָכטער אין שענק;
אין הארצן אַ לאָך
און אין מאָגן אַ קרענק;
דער זון אין דער תפיסה
און דו ארום בריק,
פאַרגאַרטלט דעם בויך
מיט אַן אייזערנעם שטריק —
אָט דאָס איז דאָס לעבן!

2

אָט דאָס איז דאָס לעבן:
דער טיש,
די נאַכט,
דער אומענדלעכער בריוו,
וואָס עס שרייבן די שטערן;
א גאַנץ לעבן באהאלט זיך אמאָל
אין צוויי קליינע טראָפּנס טרערן.

אָט דאָס איז דאָס לעבן:
דאָס מיידל,
דער בוים,
די רויטע עפּל
אויף זאפטיקע צווייגן;
די נשמות זיינען א ביסעלע רוים
און אונדזערע גופים — די פליישיקע שטייגן.

אָט דאָס איז דאָס לעבן:
דער שאָטן אויפן גראָז,
און די גרינע בערגלעך
אין וועלכע מיר רוען;
מיר ברעכן זיך לייכט, ווי אין שטורעם א גלאָז,
און טונקעלער טעות איז אלץ וואָס מיר טוען.

# 1 יולי

## לעאָפּאָלד פּיליכאָווסקי

מאָלער.

[געבוירן אין 1869, אין פּילע לעבן שעראַדז, פּוילן, אין אַ משפּחה פון יידישע פּויערים. געשטאָרבן אין 1933]. קרוב פונעם מאָלער שמואל הירשענבערג. געלערנט מאָלעריי אין וואַרשע, מינכען און פּאַריז.

וויכטיקסטע אַרבעטן: „דער אַרבעטער“, „וואַנדערער“. „אויפן וואָקזאַל“, „שמע ישראל“, „יום־כּיפּור“.



ל. פּיליכאָווסקי: וואַנדערער

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

איינער האָט זיך געהיילט ביי אַ פּראָפעסאָר. דער פּראָפעסאָר האָט דעם קראַנקן אַלץ געזאָגט, אַז זיין קרענק איז זייער אַן ערנסטע און ער איז געפערלעך. איינמאָל איז דער קראַנקער צום פּראָפעסאָר צוגעשטאַנען ער זאָל אים זאָגן אָפן וויפל ער האָט נאָך צום לעבן, ווען ער פאַר דער צייט איינאָרדענען זיינע געשעפטן.

— בערך נאָך אַ זעקס חדשים — האָט אים דערויף דער פּראָפעסאָר געענטפערט.

אין א צען יאָר אַרום קומט דער חולה ווידער צו דעם זעלביקן פּראָפעסאָר און פרעגט אים צי ער דערקענט אים. — ניין — ענטפערט אים דער פּראָפעסאָר. דערמאָנט אים דער קראַנקער דאָס, וואָס ער האָט אים געזאָגט מיט צען יאָר צוריק, אַז ער האָט צו לעבן נישט מער ווי זעקס חדשים.

דער פּראָפעסאָר קוקט אַריין אינעם בוך פון יענער צייט, און מאַכט צום קראַנקן:

— יאָ, וואָס איך האָב דעמלט געזאָגט איז גאַנץ ריכטיק געווען, נאָר מ׳האָט אייך נישט ריכטיק געהיילט.

## יחיאל לערער

דיכטער.

[געב. אין 1910, אין מראַזי לעבן קאַלושין (וואַרשעווער געגנט). אומגע־קומען אין יולי 1943, אין טרעבלינקע.] פון 1928 געלעבט אין וואַרשע.

אין בוכפאָרם: „שאול און דוד" (פּאָעמע), „שטילקייט אין שטורעם" (לידער אין פּראָזע), „ברונעמס אין פעלד", „מיין היים", „לידער און פּאָעמען". אין געטאָ אָנגעשריבן א פּאָעמע „אויסגעבענקטער פרילינג" (אין ע. רינגעלבלום־אַרכיוו).

### מ. ווינטשעווסקי

## דריי שוועסטער

אין ענגלאַנד איז דאָ אַ שטאָט לעסטער,<br>
אין לאָנדאָן איז דאָ אַזאַ סקווער,<br>
אין סקווער שטייען טעגלעך דריי שוועסטער,<br>
די מיידלעך — זיי קען ווער־ניט־ווער.

די קלענסטע פאַרקויפט דאָרטן בלומען,<br>
די מיטלסטע — בענדלעך פון שיך,<br>
און שפּעט אין דער נאַכט זעט מען קומען<br>
די עלטסטע, וואָס האַנדלט... מיט זיך.

די ייִנגערעביידע באַטראַכטן<br>
די עלטערע שוועסטער אָן האַס;<br>
דען אַלע דריי מיידלעך פאַראַכטן<br>
די וועלט, מיט דער שטאָט, מיט דער גאַס.

און דאָך ווען די קליינע צוויי קומען<br>
צום נעסט, וואָס זיי רופן אָן היים,<br>
באַנעצן זיי בענדלעך און בלומען<br>
מיט טרערן וואָס בלייבן געהיים.

# 3 יולי

## פראַנץ קאַפקאַ



טשעכיש־דייטשישער שרייבער פון יידישער אָפּשטאַמונג. געב. 1883.7.3, אין פּראָג. געשט. 1924.6.3, אין קערלינג ביי ווין.

ביי זיין לעבן כמעט ווי גאָרנישט פאַרעפנט־לעכט. ערשט נאָך זיין טויט האָט זיין פריינד, דער שריי־בער מאַקס בראָד, אַרויסגעגעבן, בפירוש קעגן קאַפקאַס ווונטש, זיינע ווערק. קאַפקאַס ליטעראַרישע ירושה האָט געמאַכט א טיפן רושם, אַרויסגערופן א גרויסע דיס־קוסיע און איז באַקאַנט געוואָרן גרויסע קרייזן לייענער אין דער גאָרער וועלט.

וויכטיקסטע ווערק: „פאַרוואַנדלונג“ (דערציילונגען), „אין דער שטראָף־קאָלאָניע“, „דער הונגעריקער קינסטלער“, „דער פּראָצעס“ (ראָמאַן, פאַראַן אויך אין יידיש), „דער שלאָס“ (ראָמאַן), „אַמעריקע“ (ראָמאַן), „דערציילונגען“.

## יאַקאָוו סווערדלאָוו



געב. 1885.7.3, אין ניזשני־נאָווגאָראָד (היינט גאָרקי), אין דער משפּחה פון א יידן — א באַלמעלאָכע. געשט. 1919.3.16, אין מאָסקווע.

איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער פון דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע, ערשטער פּאָרזיצער פון אלרוסלענדישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט („ווציק“).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

איינער האָט דערציילט, אַז ער איז זיך נוהג פון צייט צו צייט גיין צום דאָקטער און צאָלן אים פאַרן וויזיט, ווייל דער דאָקטער דאַרף דאָך לעבן. דערנאָך גייט ער מיטן רעצעפּט אין אַפּטייק און קויפט די רפואה, ווייל דער אַפּטייקער דאַרף דאָך אויך לעבן.

— נאָך דעם — זאָגט ער צום סוף — קום איך אַהיים און גיס אויס דעם גאַנצן רעצעפּט, ווייל איך וויל אויך לעבן.

## עזרא קאַרמאַן

דיכטער.
געב. 1888.7.4, אין קיעוו. געשט. 1959.10.25, אין ניו־יאָרק.
ארויסגעגעבן די אַנטאָלאָגיעס „אין פייערדיקן דויער“, „ברענענדיקע בריקן — אנטאָלאָגיע פון רעוואָלוציאָנערער ליריק“, „יידישע דיכטערינס“, אויסערדעם „שקיעה“ (לידער). איבערגעזעצט אין יידיש היינריך היינעס „לידער־בוך“, הערמאַן הייערמאַנס דראַמע „פאַרלוירענע האָפענונג“, סערגיי יעסענינס „לידער און באַלאַדעס“ א. אנד.

### ח. נ. ביאַליק *

## אונטער די גרינינקע ביימעלעך

אונטער די גרינינקע ביימעלעך
שפילן זיך משהלעך, שלמהלעך;
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאהלעך —
יידעלעך פריש פון די אייעלעך.
גופעלעך —— שטרוי, רויך און פעדערלעך,
נעם און צעבלאָז זיי אויף גלידערלעך —
כאַפּן זיי אויף גרינגע ווינטעלעך
און סע צעטראָגן זיי פייגעלעך.

נאָר איין זאַך פאַרמאָגן זיי — אויגעלעך
די אויגן פאַרמאָגן צוויי פינטעלעך,
וואָס גליען און פינקלען און טוקן זיך,
און עפּעס ווי נביאיש און וואונדערלעך
פאַרטראַכטן זיך טיף און פאַרקוקן זיך
אויף נעכטיקע טעג און אויף פייגעלעך —
אוי! מיר זאָלן זיין, יידישע קינדערלעך,
פאַר אייערע כשרע אויגעלעך!

*) געשט. דעם 4 יולי 1934.

## קלאַראַ צעטקין



קאָמוניסטישע טוערין, אָנפירערין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פרויען־באַוועגונג.

געב. 1857.7.5, אינעם דאָרף ווידעראַו, זאקסן. געשט. 1933.6.20, אין אַרכאַנגעלסקאָיע, לעבן מאָסקווע.

לויט איר איניציאַטיוו איז אין 1907 צונויפגערופן געוואָרן די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע פרויען־קאָנפערענץ. אויף איר פאָרשלאָג איז באַשלאָסן געוואָרן צו פייערן דעם 8 מערץ אַלס אינטערנאַציאָנאַלן פרויען־טאָג (1910). איינע פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון „ספּאַרטאַקוס־בונד" און פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין בוכפאָרם: „די פרויען־פראַגע און דער סאָציאַליזם", „די שול־פראַגע און דער אַרבעטער־קלאַס", „קעגן פאַשיזם און דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה", „וועגן ליטעראַטור און קונסט", „זכרונות וועגן לענינען" א. אנד.

## רודאָלף (חיים־מרדכי) שילדקרויט



באַרימטער דייטשיש־יידישער אַקטיאָר.

געב. 1862, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (לויט אנדערע קוועלן אין גאַלאַץ, רומעניע). געשט. 1930.7.5, אין לאָס אַנדזשעלעס.

אין עלטער פון 4 יאָר אריבערגעפאָרן מיט דער משפחה קיין רומעניע, בראַילאַ. געלערנט לכתחילה אין א חדר, שפּעטער אין אַ דייטשישער מיטלשול, און וויענער אוניווערסיטעט און האָרטיקער קאָנסערוואַטאָריע. דעביוטירט אַלס דייטשישער אַקטיאָר. מאַקס ריינהאַרדט האָט זיך דערקענט אויף אים און גענומען אין זיין טעאַטער אַריין, וווּ שילדקרויט האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג אין די פּיעסן פון שעקספּיר („קעניג ליר" און „שיילאָק"), ווי אויך אין די ווערק פון געטע, שילער, שאָו, גאָרקי, שלום אַש.

אין 1911 קומט שילדקרויט קיין אַמעריקע, אויפטרעטנדיק לכתחילה אין דייטש און דאַן ביי טאָמאַשעווסקין אין יידיש. אויפגעטראָטן אויך אין פילם. אין 1914 קומט שילדקרויט צוריק קיין דייטשלאַנד, כדי אין עטלעכע יאָר אַרום צוריקפאָרן קיין אַמעריקע, וווּ געהאַט דעם גרעסטן דערפאָלג אין שלום אַשס „גאָט פון נקמה" און אין ד מאָוויס „בראָנקס עקספּרעס".

# 6 יולי

## יאַן הוס



רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר, נאַציאָנאַלער העלד פון טשעכאָסלאָוואַקיע.

געב. אין 1370, אין הוסינעץ. פאַרברענט געוואָרן אין קאָנסטאַנץ אויפן שייטער, דעם 1415.7.6.

געווען פּראָפעסאָר און רעקטאָר פון פּראָגער אוניווערסיטעט. באַשולדיקט געוואָרן דורכן סאָבאָר אין קאָנסטאַנץ אין אַפּיקורסות און פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך פאַרברענען.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

קיינער איז נישט אַזוי טויב ווי דער, וואָס וויל נישט הערן.

אַז אַ טויבער הערט א גראַגער מאַכט ער אַ ברכה איבער אַ דונער.

די אויגן זענען דער שפּיגל פון דער נשמה.

דאָס אויג איז קליין, דאָך זעט עס די גאַנצע וועלט.

אַמאָל דאַרף מען אָן אויג צומאַכן.

צען מאָל טראַכטן, איין מאָל פאָרן.

אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן שאַדט נישט.

איידער דאָס וואָרט קומט אַרויס פון דיין מויל ביסטו דער בעל-הבית, דערנאָך איז ער דער בעל-הבית.

עס איז אַ חילוק צי מען ווייסט וואָס מען רעדט, צי מען רעדט וואָס מען ווייסט.

# 7 יולי

## גוסטאַוו מאַלער



עסטרייכישער קאָמפּאָזיטאָר פון יידישער אָפּשטאַמונג.
געב. 1860.7.7, אין קאַלישטן, טשעכיע, געשט. 1911.5.18, אין ווין.
מחבר פון 9 סימפאָניעס (די צענטע נישט פאַרענדיקט), קאַמעראַלע שאַפונגען, ציקלען לידער. איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון שפּעטן ראָמאַנטיזם. דיריגענט מיט א וועלט־נאָמען.

## יעקב וויינלעז

מאָלער.
געב. אין 1869, אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו, וואָלין. געשט. 1938.7.7, אין וואַרשע. פון דער פריער יוגנט אין וואַרשע, וו געלערנט אין הער צייכן־שול פון וו. גערסאָן, שפּעטער — אין דער מינכענער קונסט־אַקאַדעמיע.
וויכטיקסטע אַרבעטן: „כל נדרי“, „פסח“, „דער וויכוח“, „פּליטים“.

## מנחם־מענדל בייליס



געב. אין 1874, אין קיעוו. געשט.1934.7.7, אין ניו־יאָרק.
אין 1911 אַרעסטירט געוואָרן אין קיעוו אונטער דער באַשולדיקונג פון ריטועלן מאָרד. זיין אַרעסט האָט אויפגערודערט די גאַנצע וועלט און מאָביליזירט די פּראָגרעסיווע און הומאַניסטישע רוסישע אינטעליגענץ אין קאַמף קעגן דעם בלבול פון דער שוואַרצער מאה אין רוסלאַנד. דער פּראָצעס אין 1913 און דער באַפרייונגס־ווערדיקט פון די געשוווירענע איז געווען אַ קלאַפּ איבער די פינצטערע כוחות און אנטיסעמיטיזם.

# יונה ראָזענפעלד



שרייבער.

געב. 1880.7.7, אין טשאַרטאָריסק, וואָלין. געשט. 1944.7.9, אין ניו־יאָרק.

דעביוטירט אין 1904 מיט אַ דערציילונג אין „פריינד“. א רושם האָט געמאַכט זיין גרעסערע דערציילונג „קאָנ־קורענטן“, שפּעטער זיין ראָמאַן „אין דער שטיל“. פון 1921 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „שריפטן“ (אין 6 בענדער), „נאַכט און טויט“, „אין די שמאָלע געסלעך“, „דערציילונגען און נאָוועלן“, „ער און זי“ א. אַנד.

# ליאָן פויכטוואַנגער



דייטשישער שרייבער פון יידישער אָפּשטאַמונג.

געב. 1884.7.7, אין מינכען. געשט. 1958.12.21, אין לאָס־אַנדזשעלעס, פש"א.

אַ באַזונדער אָרט אין זיין שאַפן פאַרנעמען די ראָמאַנען אויף יידישער טעמאַטיק: „די יידישע מלחמה“, „ייד זיס“, „די יידישע טאָכטער פון טאָלעדאָ“, „די משפחה אָפּענהיים“, „יפתחס טאָכטער“ א. אַנד.

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

נאָטקע גנב איז איינמאָל געלעגן קראַנק אויף אַן אַלטער קרענק זיינער. דער דאָק־טער איז געקומען, אים באַטראַכט און פאַרשריבן אַ רעצעפּט, צו נעמען אַלע צוויי שעה אַ לעפל.

— וואָס פאַר אַ לעפל הייסט איר מיר נעמען, הער דאָקטער, אַ פּראָסטן צי אַ זיל־בערנעם? — פרעגט דער חולה.

— עס מאַכט נישט אויס אַ פּראָסטן אויך — ענטפערט דער דאָקטער מיט אַ שמייכל.

— ליבער הער דאָקטער — מאַכט נאָטקע מיט אַן ערנסטער מינע — וואָס פאַר אַ רפואה, האָט קיין פאַריבל ניט, קאָן דאָס שוין זיין, אַז איך וועל נעמען אַלע צוויי שעה נאָר איין לעפל, און נאָך אַ פּראָסטן דערצו? איך האָב שוין געפּרוווט, גלויבט מיר, נעמען אין איין מינוט אַ גאַנץ טוץ לעפל, און ניט פּראָסטע, נאָר דווקא זילבערנע און מיר האָט עס צו מיין קרענק גאָר ניט געהאָלפן!

## זשאַן לאַפאָנטען



פראַנצויזישער משלים־שרייבער.
געב. 1621.7.8, אין שאַטאָ־טיערי. געשט. 1695.4.14, אין פּאַריז.
מחבר פון צוויי קאָמעדיעס, איין ראָמאַן, 5 זאַמלונגען „דערציילונגען און נאָוועלן אין פערזן" און 12 ביכער משלים. אריין אין דער וועלט־ליטעראַטור אַלס איינער פון די גרעסטע משלים־שרייבער. מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע.

### לאַפאָנטען

## ווי די יונגע מויז זעט די וועלט

א יונגע מויז,
וואָס האָט צום ערשטן מאָל געמאַכט א פּרווו
אַרויסצוגיין פון הויז
און כאַפּן אויף דער וועלט אַ בליק, —
געקומען איז אין איילעניש צוריק,
און ס'טרייסלט זיך פון שרעק איר גאַנצער גוף:
— ווען דו זאָלסט וויסן, מאַמע, —
האָט זי אַרויסגעסאַפּעט פאַר איר מוטער:
וואָס מיר ערשט פּאַסירט...
איך לויף אַזוי זיך אויפן הויף און זע, ווי סאַמע
אַקעגן מיר שפּאַצירט
א פיינע דאַמע;
זי טראָגט אַ ווייכן פוטער;
אַן ענלעכע צו אונדז, נאָר גרעסער פיל;
שפּאַצירט אַזוי באַחנט און שטיל,
און די מאַנירן — ווייך ווי פוטער.
איך חלש מיט דער פריצעטע באַקאַנט צו ווערן,
און הייב אָן צוצוקלערן

פאַרשידענע תירוצים,
ווי פּלוצעם —
א ווילדער אויסגעשריי...
איך טו צעשראָקן זיך אַ דריי —
פון מיר נישט מערער ווי אַ שפּאַן —
אַ הויכער, אַ צוויי־פּיסיקער בויאַן.
באַוואָפנט מיט אַ רויטער קאַם;
ער קוקט אויף מיר אַזוי משונה־בייז,
אַז ס׳ווערט מיר קאַלט און הייס
אין רוקן;
איך האָב דערשפּירט פון טויט דעם טעם.
כ׳האָב באַלד פאַרשטאַנען לויט זיין קוקן —
ער וועט מיך פּשוט באַלד פאַרצוקן,
און אָן א „זייט געזונט!“ דער גוטער דאַמע,
כ׳בין קוים צו דיר אנטרונען, מאַמע!
— לויט כ׳זע, מיין טאָכטער פון דיין שילדערן, —
געענטפערט האָט די אַלטע מיט אַ קרעכץ:
דערשראָקן האָט דיך זייער
א האָן אַ קרייער,
וואָס קאָן בלויז ליאַרעמען און פּילדערן;
זיי וויסן אָבער, אַז אַזוינע
אונדז טוען קיינמאָל נישט קיין שלעכטס,
און דווקא יענע שטילינקע, מיין שאַץ,
איז אונדזער גרעסטער שונא —
די ווייסע קאַץ.

יידיש: יהואש

# באָרים טאָמאַשעווסקי



איינער פון די פּיאָנערן פון יידישן טעאַטער אין אמעריקע.
געב. אין 1866, אין א דאָרף אין קיעווער גובערניע.
געשט. 9.7.1939, אין ניו־יאָרק.
פון 1881 — אין אַמעריקע, ווו אָרגאַניזירט די ערשטע יידישע אַמאַטאָרן־טרופּע, וואָס האָט געגעבן אין ניו־יאָרק, אין יולי 1882, די ערשטע יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונג „קאָלדוניע, אָדער די באָבע יאַכנע, אַן אָפּערעטע אין 4 אַקטן פון אברהם גאָלדפאַדען".
טאָמאַשעווסקי אַליין איז געווען דער מחבר פון ארום 50 טעאַטער־שטיק, צווישן אַנדערן פון דער פּאָפּולערער אָפּערעטע „דאָס פּינטעלע ייד".
אין בוכפאָרם: „טהאָמאַשעפסקים טהעאַטער שריפטען", „מיין לעבנסגעשיכטע".



מ. קאַץ — קאָמפּאָזיציע

# 10 יולי

## קאַמיל פּיסאַראָ



פראַנצויזישער מאָלער.

געב. 1830.7.10, אויף די אנטילער אינדזלען. זיין פאָ־טער איז געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג. געשט. 1903.11.13, אין פּאַריז, וווּ ער האָט געלעבט און גע־שאַפן זינט דעם יאָר 1855.

צוזאַמען מיט קלאָד מאָנע — איינער פון די אָנהייבער פון דער אימפּרעסיאָניסטישער באַוועגונג אין דער מאָלעריי.

## הענריק וויעניאַווסקי



פּוילישער קאָמפּאָזיטאָר און פידל־ווירטואָז פון יידישער אָפּשטאַמונג (זון פון וואַרשעווער דאָקטאָר יוסף וואָלף און אייניקל פון א פעלדשער אין וויענאַווע לעבן לובלין).

געב. 1835.7.10, אין לובלין. געשט. 1880.3.31, אין מאָסקווע (באַערדיקט אין וואַרשע).

מחבר פון פיל ווערק פאַר פידל (קאָנצערטן, פּאָלאָנעזן, מאַזורקעס א.א.). דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער פידל־קאָנצערט אויף זיין נאָמען איז פאָרגעקומען אין 1935, אין וואַרשע (וווּ דוד אויסטראַך האָט פאַרנומען דאָס ער־שטע אָרט). זינט 1952 ווערן אַזוינע קאָנקורסן דורכגעפירט יעדע 5 יאָר אין פּויזן.

## מאַרסעל פּרוסט



פראַנצויזישער ראָמאַניסט.

געב. 1871.7.10, אין פּאַריז. געשט. 1922.11.18, דאָרטן.

די מוטער זיינע איז געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג.

זיין לעבנסווערק: דער פילבענדיקער ציקל ראָמאַנען „אויף די שפּורן פון דער פאַרלאָרענער צייט“. זיין שאַפן האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער היינטצייטיקער מערב־אייראָפּעישער ליטעראַטור.

# 11 יוּלי

## לייב אָפּעסקין

דיכטער.

געב. אין 1908, אין ווילנע. אומגעבראַכט דאָרטן דורך די היטלעריסטן דעם 1944.7.11.

געענדיקט דעם ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר. זיינע לידער זענען געזונגען און רעציטירט געוואָרן אין ווילנער געטאָ.

אין בוכפאָרם (לויטן „לערער־יזכור־בוך"): „באַגין" (לידער).

### לייב אָפּעסקין

### געטאָ־מאָטיוו

איך טראָג מיין לעבן אום — אַ טרויעריקע לאַסט,
אין חרובער, אין חושכדיקער וואָר.
איך שעם זיך פאַר דער גראָער ווייַנענדיקער גאַס
צו טראָגן היינט מיין פאַטלע שוואַרצע האָר.

איך שעם זיך פאַר די אויסגעבלייכטע טעג
וואָס וויקלען זיך אין שלעפּעריקן גאַנג,
וואָס מאָנען ניט — נאָר גייען שטיל אַוועק
און בעטלען בלויז, און פרעגן בלויז: „ווי לאַנג?"

און ווו דו זאָלסט זיך געבן בלויז אַ קער,
באַגעגנט דיך פון אונדזער צייט די ווילטע שאַנד,
ס'האָט אויסגעווייַנט דער טאָג זיין לעצטע טרער
און ס'פירט די גאַוואָהדיקע נאַכט אים פאַר דער האַנט.

טאָ ווו איז עס — דאָס חוצפּהדיקע קינד, —
דער יונגער טאָג מיט זוניק־בלאָנדע האָר,
וואָס ט'אויסקויפן פון אונדזער צייט די זינד
און אויפמאָנען די שאַנד פון אונדזער דור?

# 12 יולי

## אברהם גאָלדפאַדען
### (גאָלדענפאָדים)



„פאָטער פון יידישן טעאַטער".

געב. 1840.7.12, אין אַלט־קאָנסטאַנטין, וואָלין. געשט. 1908.1.9, אין ניו־יאָרק.

דעביוטירט מיט לידער, צו וועלכע ער אַליין האָט פאַר־פאַסט מוזיק. זיין ערשט ביכל „דאָס יידל" („לידער אויף פּראָסט יידיש"), איז דערשינען אין זשיטאָמיר, אין 1866. אין 1876 אַריבערגעפאָרן קיין יאַס, רומעניע, אין דאָרט געשאַפן דאָס ערשטע סטאַבילע יידישע טעאַ־טער, וווּ עס זענען דער עיקר געשטעלט געוואָרן זיינע אייגענע פיעסן. שפּעטער אַרומגעפאָרן מיט זיין טרופּע איבער רוסלאַנד, פראַנק־רייך און אַמעריקע (1887), וווּ ער האָט זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין 1903. אַ גאָלדפאַדען האָט אָנגעשריבן ביי 60 פּיעסן, פון וועלכע די פּאָפּולערסטע זענען געווען: „די כישופמאַכערין", „קבצנזאָן און הונגערמאַן", „די ביידע קוני־לעמל", „בר־כוכבא", „שולמית", „די באָבע מיטן אייניקל", „שמענדריק", „רעקרוטן", „די שטומע כלה", „דער משוגענער פילאָזאָף", „דאָס פינ־טעלע ייד".

## אַמאַדעאָ מאָדיליאַני



יידיש־איטאַליענישער מאָלער, סקולפּטאָר און צייכנער.

געב. 1884.7.12, אין דער איטאַליענישער פּאָרט־שטאָט ליוואָרנאָ. געשט. 1920.1.25, אין פּאַריז.

שטאַמט פון אַ סוחרישער משפּחה, וועלכע איז שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן. די מוטער איז געווען אין ווייטער קרובהשאַפט מיט דער ספּינאָזאַ־משפּחה. געלערנט מאָ־לעריי אין רוים און וועניציע. אין 1906 אָנגעקומען קיין פּאַריז, וווּ ער איז שוין פאַרבליבן.

געשטאָרבן פון טובערקולאָז אין עלטער פון 36 יאָר.

## שלמה באַסטאָמסקי

געב. 1891.7.12, אין ווילנע. געשט. 1941.3.5, דאָרטן.

קינדער־שרייבער, פאָלקלאָר־זאַמלער, מחבר פון לערנביכער און כרעסטאָ־מאַטיעס (טייל צוזאַמען מיט זיין פרוי מלכה חייטמאַן) פאַר די יידיש־וועלט־לעכע שולן אין ווילנע, אַ ריי יאָרן געווען רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון די פּאָפּולערע קינדער־ און יוגנט־זשורנאַלן „גרינינקע ביימעלעך" און „חבר".

# רש״י

(רבינו שלמה יצחקי)

באַרימטער קאָמענטאַטאָר פון תנ״ך און תלמוד.

געב. אין 1040, אין טרוא, פּראָווינץ שאַמפּאַניע, פראַנקרייך. געשט. 1105.7.13, דאָרטן.

געלערנט אין די ישיבות פון וואָרמס און מיינץ (דייטשלאַנד). אין 1065 צוריקגעקומען קיין טרוא און אויסגעוויילט אַלס דאָרטיקער רב. געגרינדעט אַן אייגענע ישיבה.

## רש״י אין יידישן פאָלקלאָר

„אתה בחרתנו מכל העמים״ — מאַכט רש״י: דער ייד ליגט אין דער ערד און באַקט בייגל.

„ויאכלו״ — מאַכט רש״י: מען האָט געקנאַקט ווי די הײשעריקן.

„וימלא המן חימה״ — מאַכט רש״י: טו מוז אַ יאַ זדרווו.

„ויקח קורח״ — מאַכט רש״י: דורען דאַיע, ראַזומני בערע.

„לא עשה כן״ — מאַכט רש״י: דער מגיד שטראָפט קהל און אליין טוט ער פאַרקערט.

„איזה לחיים ואיזה למוות״ — מאַכט רש״י: גאָט איז גאָט און בראָנפן איז בראָנפן.

רש״י איז נישט משוגע.

פשוט ווי רש״י זאָל לעבן.

## איסאַק באַבעל



רוסישער שרייבער.

געב. 1894.7.13, אין אָדעס, אין אַ יידישער משפחה.

געשט. 1941.3.17, אין פאַרשיקונג.

דעביוטירט אין 1916 מיט צוויי דערציילונגען אין מ. גאָרקיס „ליעטאָפּיס״. נאָך אַ לענגערן איבעררייס פאַרעפנטלעכט זיין באַרימטע „רייטער־אַרמיי״ (1926) און די „אָדעסער דערציילונגען״ (1931). אויך אָנגעשריבן אייניקע פּיעסן — „זון־פאַרגאַנג״ און „מאַריע״, סצענאַרן פאַרן קינאָ, צווישן אנדערע „די בלאָנדזשענדיקע שטערן״ (לויט שלום־עליכם). זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט אין פיל שפּראַכן, אויך אין יידיש.

## נתן־נאָטע האַנאָווער

כראָניקער.

געב. אין די צוואַנציקער יאָרן פון 17 י. ה. אין אָסטראָג, וואָלין. אומגע־קומען דעם 14 יולי 1663 בעת א פּאָגראָם פון אונגאַרישע באַנדעס אין אונ־גאַרישן בראָד (מערן).

די עלטערן זיינע האָבן געשטאַמט וואָרשיינלעך פון האַנאָווער. בעת כמעל־ניצקיס פּאָגראָמען (גזירת ת"ח ות"ט — 1648־49) איז אין אָסטראָג אומגעקו־מען זיין טאַטע. אים אַליין איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. אין 1652 אַרויסגעגעבן אין ווענעציע זיין היסטאָרישע כראָניק וועגן די פּאָגראָמען אויף אוקראַינע א"נ „יון מצולה" (די ערשטע אויסגאַבע אין יידיש: אַמסטערדאַם, 1886).

## יצחק נוסינאָוו



סאָוויעטיש־יידישער ליטעראַטור־פאָרשער און קריטיקער.

געב. 14.7.1889, אין טשערניכאָוו, וואָלין. געפאַלן א קרבן פון יחיד־קולט דעם 30.11.1950.

מיטרעדאַקטאָר פון דער סאָוויעטישער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע, וווּ ער האָט אָפּגעדרוקט פיל אַרטיקלען וועגן יידישע שרייבער. פּראָפעסאָר פון מאָסקווער אוני־ווערסיטעט.

צו זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן געהערן: „טעאָריעס" (ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען), „ל. טאָלסטאָי, מ. גאָרקי, א. טשעכאָוו", „מ. גאָרקי", „פּראָבלעמען פון דער פּראָלעטאַרישער לי־טעראַטור", „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור פון מיטלעלטער" א. א.

## יוסף גאָבאָוויטש



סקולפּטאָר.

געב. 14.7.1862, אין קאַלנע, ביי לאָמזשע. געשט. 13.3.1939, אין וואַרשע.

זיך געלערנט לכתחילה צייכענען (אין דער שול פון וו. גערסאָן אין וואַרשע), שפּעטער אין דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג. א גוויסע צייט אַרבעט ער אין פּאַריז, אונטער דער אָנפירונג פון ראָדענען.

צו זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן געהערן: „א בריוו", „מוטערשאַפט", די סקולפּ־טורן־פּאָרטרעטן פון שאָפּענען און מאָניושקאָ, פון לודוויק זאַמענהאָף.

# 15 יולי

## האַרמענס וואַן ריין רעמבראַנדט



האָלענדישער מאָלער.
געב. 1606.7.15, אין לײדען, האָלאַנד, אין דער משפּחה פֿון אַ מילנער. געשט. 4. 10. 1669, אין אַמסטערדאַם. געלעבט און געשאַפֿן אין אויפֿבלי־פּעריאָד פֿון דער נאַ־ציאָנאַלער קונסט פֿון האָלאַנד, װעלכע האָט אָראָפּגע־װאָרפֿן פֿון זיך דעם שפּאַנישן יאָך. זײַנע בילדער זענען טיף־רעאַליסטיש, פֿאַרמאָגן אָפֿט טראַגישע טענער און צײכענען זיך אױס מיט גװאַלדיקער מאָלערישער מײס־טערשאַפֿט. צװישן זײַנע װערק טרעפֿט מען פֿיל פּאָר־טרעטן פֿון האָלענדישע ייִדן, װעלכע ער האָט גוט געקענט און צװישן װעלכע ער האָט געהאַט אַ סך פֿרײַנד.

## הערש־לײב זשיטניצקי

שריפֿטשטעלער.
געב. 1891.7.15, אין שעראַדז, פּױלן. אומגעקומען זומער 1942, אין אַ פֿאַר־ניכטונגס־לאַגער, װוּ ער איז דעפּאָרטירט געװאָרן פֿון לעמבערג.
דעביוטירט אין 1913.
אין בוכפֿאָרם: „נאָװעלן פֿון טויט“, „דעם זיידנס הײזל“, „אין תחום פֿון שמוגל“.

## ליפֿע רעזניק



סאָװעטיש־ייִדישער דיכטער און דראַמאַטורג.
געב. 1890.7.15 אין טשערנאָביל, קיעװער גובערניע. געשט. 1944.4.5, אין קוסטאַנאַי (קאַזאַכסטאַן).
אין בוכפֿאָרם: „אין בלײַבע אויפֿגאַנגען“ (לידער), „סאַ־מעט“ (לידער), „אױפֿשטאַנד“ (פּיעסע אין פֿערזן), „הײם“ (לידער), „אַזױ איז געװען“ (פּיעסע), „גאַנצפֿרי“ (לידער), „דאַניע“ (װאָדעװיל), „רום“ (לידער), „אין יענע טעג“ (פּיעסע).

## אהרן זונדעלעוויטש



איינער פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן.
געב. 16.7.1852, אין ווילנע. געשט. 30.8.1928, אין לאָנדאָן.
נאָך זייענדיק א שילער פון דער ווילנער ראַבינער־שול, צוגעשטאַנען צום ערשטן רעוואָלוציאָנערן קרייזל, וואָס איז דאָרטן געשאַפן געוואָרן (יאכעלסאָן, ליבערמאַן, באַרעל). אָנטיילגענומען אין באַפרייען פיאָטר קראפאטקינען פון פעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג און אין אַטענטאַט אויפן ליבלינג פון צאַר, דעם זשאַנדאַרן־גענעראַל מעזשענצעוו. געווען אן אָנהענגער פון טעראָריסטישן פליגל פון די „נאראָדניקעס“. פאַרמשפּט צו אייביקער פאַרשיקונג, איז ער אָפּגעווען אויף סיביר 26 יאָר, ביזן 1905. פון 1906 געלעבט אין לאָנדאָן.

## איציק וויטענבערג



קאָמענדאַנט פון דער „פאַראייניקטער פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע“ (פפ״א) אין ווילנער געטאָ. קאָמוניסט.
געב. דעם 18.11.1908 אין ווילנע. אומגעקומען אין די קעלערן פון דער געסטאַפּאָ אין זיין היימשטאָט, דעם 16.7.1943.
זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון זיינע מערדער, נאָכדעם ווי די אָקופּאציע־מאַכט האָט געשטעלט דעם געטאָ אַן אולטימאַטיום: וויטענבערג גיט זיך איבער, אָדער דאָס געטאָ ווערט ליקווידירט. געבליבן ווי א ליכטיקע, העלדישע מסירת־נפשדיקע געשטאַלט פון יידישן ווידערשטאַנד.

## אליעזר שולמאַן

פּיאָנער פון דער יידישער ליטעראַטור־פאָרשונג.
געב. אין 1837. געשט. 17.7.1904.
זיין לעבנסווערק „די געשיכטע פון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור" האָט ער אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן אין שלום־עליכמס „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק" (1889) אָבער נישט פאַרענדיקט. ערשט אין יאָר 1903 איז דאָס ווערק דער־שינען אין בוכפאָרם, אין העברעיש, א. ג. „שפת יהודית־אשכנזית וספרותה". דאָס איז געווען די ערשטע געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

## מאַקסים ליטווינאָוו

**(וואַלאַך)**



געב. 17.7.1876, אין ביאַליסטאָק. געשט. 31.12.1951, אין מאָסקווע.
פרי צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אין 1901 געווען אַרעסטירט. צוזאַמען מיט אַנדערע 10 אַרעסטירטע אנטלאָפן פון תפיסה. געלעבט אויף עמיגראַציע, דער עיקר אין ענגלאַנד, ביזן יאָר 1918. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — מיטגליד פון דער קאָלעגיע פון קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערן־ענינים. שפּעטער פאַרטרעטער פון קאָמיסאַר פאַר אויסערן־ענינים און קאָמיסאַר (1930—1939). אָנטיילגענומען אין פיל אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן בראָש פון די סאָוויעטישע דעלעגאַציעס (אין האַאַג, זשענעווע, לאָנדאָן, וואַשינגטאָן, מאָנטרע, בריסעל א. א.).

## בער האָראָוויץ



דיכטער.

געב. 17.7.1895, אין דאָרף מיידאַן, אין די קאַרפּאַטן־בערג, אין א משפּחה פון וואַלד־יידן. אומגעקומען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע 2.10.1942, אין סטאַניסלאַווו, גאַליציע. (לויט אן אנדער ווערסיע — אין זיין געבוירן־דאָרף מיידאַן).

זיין ערשט בוך „פון מיין היים אין די בערג“ (לידער) איז דערשינען אין 1919. שפּעטער אַרויסגעגעבן: „וווּנדערלעכע מעשיות“ (לעגענדעס און דערציילונגען), אילוסטרירט פון מחבר, „ריח פון דער ערד“ (לידער און פּאָעמעס), „פון איציק וואַטנמאַכער ביז איציק גוטקינד“ (יידישע מאָטיוון אין דער פּוילישער פּאָעזיע).

## מיכאל בורשטין

שרייבער.

געב. 17.7.1897, אין בלוינע, ביי וואַרשע. אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער האַכאַו (דייטשלאַנד), מערץ, 1945, וווּהין דעפּאָרטירט געוואָרן נאָך דער ליקווידאַציע פון קאָוונער געטאָ, וווּ ער האָט זיך געפונען נאָכן איבערפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

אין בוכפאָרם: „אונטער די חורבות פון פּלוינע“, „ביי די טייכן פון מאַזאָוויע“, „גורל“, „ברויט מיט זאַלץ“. אין קאָוונער געטאָ געשריבן א ראָמאַן „די געלע לאַטע“.

## דוד מיצמאַכער

פּראָזאַיקער.

געב. 17.7.1904, אין פּילץ, פּוילן. אומגעקומען וואַרשיינלעך אין 1941, נאָכן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

אין בוכפאָרם: „שמאַטע־קלויבער און אַנדערע דערציילונגען“, „די קאַפּעליע“ (דערציילונגען), „אויפן ברוק“ (ראָמאַן), „מענטשן“ (דערציילונגען).

# 18 יולי

## בירגער־קריג אין שפּאַניע

18 יולי 1936 — אָנהייב פון בירגער־קריג אין שפּאַניע (1936 — 1939). זיך פאַרענדיקט מיטן זיג פון דער קאָנטררעוואָלוציע, וועלכע האָט געהאַט די מיליטערישע אונטערשטיצונג פון היטלערן און מוסאָליני.



### ז. י. אנכי

**(זלמן־יצחק אַראָנסאָן)**

שרייבער.
געב. 18.7.1878, אין ליאדי, ווייסרוסלאַנד. געשט. 15.10.1947, אין ישראל.
אין בוכפאָרם: „צווישן הימל און ערד“, „גבריאל“, „ר׳ אלחנן“, „ר׳ אבא“, „שריפטן“. פיל אַרומגערייזט.
פון 1924 — אין ישראל.



אויטאָפּאָרטרעט

### דוד אומרו

שרייבער — נאָוועליסט.

[געב. אין 1910, אין אַליטע, ליטע. אומגעקומען אין יולי 1941, אין ווילנער געסטאַפּאָ].

רעדאַקטאָר פון „ווילנער עמעס“ (1941), דירעקטאָר פון יידישן מלוכה־טעאַטער אין ווילנע (1941).

אין בוכפאָרם צוויי זאַמלונגען דערציילונגען: „זשאַווער“ און „דערגייער“.

**פון יידישן פאָלקס־אוצר**

בלוט איז נישט קיין קרופּניק.

אַז דער טאַטע איז אַ פורמאַן, פאַרשטייט דער זון איינצושפּאַנען.

# פילאָן פון אַלעקסאַנדריע

יידישער פילאָזאָף.

[געלעבט און געווירקט אין אַלעקסאַנדריע, עגיפּטן, אַרום 20 יאָר פאַר און 50 יאָר נאָך דער בייער צייט־רעכענונג].

אין זיין פילאָזאָפיע געשטרעבט צו אַ סינטעז צווישן יידנטום און העלעניזם.

וויכטיקסטע ווערק: „משהס לעבן", „קעגן פלאַקיוסן", „שליחות צו קאיוסן".

# וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי



רוסישער פּאָעט. איינער פון די גרונטלייגער פון דער סאָוויעטישער פּאָעזיע.

געב. 1893.7.19, אין דאָרף באַגדאַדי (היינט מאַיאַקאָווסקי), גרוזיע. געשט. (באַגאַנגען זעלבסטמאָרד) 1930.4.14, אין מאָסקווע.

וויכטיקסטע פּאָעמעס: „אַ וואָלקן אין הויזן", „מלחמה און פרידן", „150 מיליאָן", „וולאַדימיר איליטש לענין", „גוט", „אויפן גאַנצן קול".

פּיעסן: „די וואַנץ", „די באָד", „מיסטעריע בוף".

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַמאָל איז די גרעסטע חכמה נישט רעדן קיין נאַרישקייטן.

וו מען דאַרף האָבן מוח העלפט נישט קיין כוח.

א ממזר מעג מען זיין און קלוג זאָל מען זיין.

גאָט הייסט אויך נישט זיין קיין נאַר.

פאַרברענט זאָל ווערן דער שכל, וואָס קומט צו שפּעט.

## פראַנטשעסקאָ פעטראַרקע



איטאַליענישער דיכטער.

געב. 1304.7.20, אין ארעצאָ, אין דער משפחה פון א נאָ־טאַריוס. געשט. 1374.7.18, אין ארגווע ביי פאַדוא.
זיין קינדהייט פארבראַכט אין אוויניאָן (פראַנקרייך). גע־לערנט יורי אין מאָנפעליע און באָלאָניע. זיינע לירישע לידער זענען אריין אין אוצר פון דער וועלט־ליטעראַטור.
וויכטיקסטע ווערק: „אפריקאַנער עפּאָס", „פון איינזאַ־מען לעבן", „מיין איטאַליע".

## מאַקס ליבערמאַן



מאָלער און גראַפיקער.

געב. 1847.7.20, אין בערלין. געשט. 1935.2.8, דאָרטן.
פאָרשטייער פון דייטשישן רעאַליזם און אימפּרעסיאָניזם.
פּראָפעסאָר. פּרעזידענט פון דער בערלינער קונסט־אַקאַ־דעמיע (1920 — 1932).
פון זיינע געמעלן זענען באַזונדערס באַרימט: „געגדז־פליקערינס", „די וועבערינס", „אַ לעקציע פון נייען אין אינטערנאַט פאַר יתומים", „דער שוסטער־וואַרשטאַט", „פאַרריכטן נעצן", „די פרוי מיט די ציגן", „דער אלטער מאַן און די דיונעס", „דער יידישער קוואַרטאַל אין אמסטערדאַם", „אויטאָפּאָרטרעט", „דאָס ברויט־פעלד", „אָפּאָרטן", „בערלינער שטאָט־גאָרטן", אילוסטראַציעס צו געטעס ווערק.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ווען אַלע מענטשן וואָלטן ציען אויף איין זייט וואָלט זיך די וועלט איבערגעקערט.

זאָל אייך צוקומען, וואָס אייך פעלט.

דעם קלוגן העלפט אַ וואָרט, דעם נאַר העלפט קיין בייטש אויך נישט.

אַז אַ נאַר האַלט די קו ביי די הערנער קען זי אַ קלוגער מעלקן.

אַ נאַר האָט אַ שיין ווייב.

איין נאַר איז אַ מבין אויפן אַנדערן.



## ערנעסט העמינגוויי

אַמעריקאַנער שרייבער.
געב. 1898.7.21. געשטאָרבן (באַגאַנגען זעלבסטמאָרד) דעם 1961.7.2.
וויכטיקסטע ווערק: „די זון גייט אויך אויף“, „וועמען קלינגט דער גלאָק“, „דער אַלטער און דער ים“ (פֿאַר וועלכן ער האָט באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע אין יאָר 1954).

## ברונאָ יאַשענסקי



פּוילישער רעוואָלוציאָנערער דיכטער, דראַמאַטורג, ראָמאַניסט (פֿון ייִדישער אָפּשטאַמונג).
געב. 1901.7.21, אין קלימענטאָוו נישט ווייט פֿון סאַנדאָמיר. געשט. אין פֿאַרשיקונג ווי אַ קרבן פֿון יחיד־קולט, דעם 1941.10.20.
זיין ראָמאַן „כ׳פֿאַרברען פּאַריז“ (געדרוקט צום ערשטן מאָל אין המשכים אין דער פּאַריזער „הומאַניטע“) האָט געהאַט אַ ריזיקן דערפֿאָלג. אויסער דעם אָנגעשריבן דאָס „ליד וועגן הונגער“, „אַ וואָרט וועגן יאַקוב שעלי“, „דער מענטש בייט זיין הויט“ (אין ראַטנפֿאַרבאַנד, אין רוסיש) און דעם נישט־פֿאַרענדיקטן ראָמאַן „פֿאַרשווערונג פֿון גלייכגילטיקע“. זינט 1929 געלעבט אין ראַטנפֿאַרבאַנד.

### פֿון ייִדישן פֿאָלקס־אוצר

וואָס קומט מיר אַרויס פֿון מיין פּויליש רעדן, אַז מען לאָזט מיך אין הויף נישט אַריין.

אַ ייִד אַ למדן קאָן קיין חסיד נישט זיין און אַן עם־הארץ קאָן קיין אפיקורס נישט זיין.

אַ גבאי דערלייגט קיין מאָל נישט צו זיין גבאות.

# 22 יולי

דעם 22 יולי 1944 האָט דער „פּוילישער קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג" (ציטווייליקע רעגירונג) פאַרעפנטלעכט זיין היסטאָרישן מאַניפעסט, אין וועלכן עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער פּראָגראַם פון דער פאָלקס־מאַכט אין באַפרייטן פּוילן. צווישן אַנדערן ווערט אין מאַניפעסט פון 22 יולי געזאָגט: „די יידן, בעסטיאַליש געמאָרדעטע דורכן אָקו־פּאַנט ווערט פאַרזיכערט דאָס צוריקשטעלן זייער עקזיסטענץ ווי אויך די רעכטלעכע און פאַקטישע גלייכבאַרעכטיקונג".

## ש. ניגער

### (שמואל טשאַרני)



ליטעראַטור־קריטיקער.

נעב. 22.7.1883, אין דוקאָר, ווייסרוסלאַנד. געשט. 24.12.1954, אין ניו־יאָרק.

זיין ערשטער קריטישער אַרטיקל איז געווען וועגן שלום אַש „משיחס צייטן" (1907). רעדאַקטירט דעם ליטע־ראַרישן זשורנאַל „די יידישע וועלט" אין ווילנע (1913—1915), דעם „פּנקס—יאָרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלק־לאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע" (ווילנע, 1913). פון 1919 — אין אַמעריקע.

וויכטיקסטע ווערק: „וועגן יידישע שרייבער", „שמועסן וועגן ביכער", „לעזער, דיכטער, קריטיקער", „דערציילערס און ראָמאַניסטן", „די יידישע לי־טעראַטור און די לעזערין", „שלום עליכם — זיינע וויכטיקסטע ווערק, זיין הומאָר און זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור", „מענדעלע מוכר ספרים — זיין לעבן, זיינע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע אויפטואונגען", „די צווייִשפּראַכ־קייט פון אונדזער ליטעראַטור", „ה. לייוויק", „י. ל. פּרץ", „בלעטער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור", „קריטיק און קריטיקער", „שלום אַש — זיין לעבן, זיינע ווערק".

# 23 יולי

## בן־ציון צוקערמאַן

מאָלער.

[געב. אין 1890, אין שטעטעלע לעבעדיעוו לעבן ווילנע. געשט. אין 1944, אין סאַמאַרקאַנד].

געלערנט אין דער ווילנער צייכן־שול, שפּעטער אין בערלין און פּאַריז. ערשטע בילדער־אויסשטעלונג אין מאָסקווע, 1915. פון 1919 — צוריק אין ווילנע.

באַקאַנט אויך אַלס גראַפיקער און פּאָרטרעטיסט.

נאָכן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד, זיך עוואַקו־אירט קיין אוזבעקיסטאַן.

## משה שימעל *

### די אייביקייט

איך זוך אַן עצה ווי אַ מענטש, וואָס איז מסוכן קראַנק.
איך וויל אַנטלויפן פון דעם אונטערגאַנג.
איך זוך אַ קרובהשאַפט ביי גראָזן און ביי שניי,
אפשר וועל איך אויפגיין גאָר אין זיי?
נאָר ס'העלפט מיר גאָרניט אַז איך שריי און ס'טוט מיר וויי...

איך פאַל צו דער ערד מיט בענקשאַפט און מיט פרייד,
איך זוך אין איר צו מיר, צו מיר אַן ענלעכקייט,
נאָר זי איז גרויס און שמעקט מיט אייביקייט.
איך טאַפּ די וואַנט, און טאַפּ דעם טיש, די שראַנק —
כ'העלפט מיר גאָרניט, איך בין מסוכן קראַנק,
ס'לויערט אין די נעכט אויף מיר דער אונטערגאַנג.
כ'שעם זיך אויסזאָגן, איך בין פון בושה רויט,
ווייל איך האָב מורא פאַרן טויט.

---

* געבוירן אין 1903, אין לוואָוו. אומגעקומען דעם 23 יולי 1943, אין פּלוכאָווער לאַגער ביי זלאָטשעוו, גאַליציע. דאָס ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן אין געטאָ.

## מרדכי אַלפּערסאָן



געב. אין 1867, אין לאַנצקאָרון, פּאָדאָליע. געשט. 1947.7.24, אין אַרגענטינע, וווּ ער האָט אויסגעוואַנ־דערט אין 1891, צוזאַמען מיט די ערשטע גרופּעס יידישע עמיגראַנטן, וואָס זענען געפאָרן זיך באַזעצן אין די קאָ־לאָניעס, אָרגאַניזירט דורך דער „ייקא". געווען באַשעפ־טיקט ביי ערד־אַרבעט און געלעבט אין אַ קאָלאָניע ביזן טויט. באַרימט געוואָרן מיט זיין דרייבענדיק ווערק „דרייסיק יאָר אין אַרגענטינע — מעמוארן פון אַ יידישן קאָלאָניסט", וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַ ליטעראַרישן און קולטור־היסטאָרישן דאָקומענט.

## ערנעסט בלאָך



קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1880.7.24, אין זשענעווע, שווייצאַריע. געשט. 1959.7.16, אין עלטער פון 79 יאָר, אין פּאָרטלענד, פאַר־אייניקטע שטאַטן, וווּ געלעבט זינט 1916.

באַדייטנדיקער יידישער מוזיקער, מחבר פון דער אָפּערע „מאַקבעט", פון דער סימפאָניע „ישראל", „דריי יידישע פּאָעמעס", פון די ראַפּסאָדיעס „שלמה" און „בעל שם", פון דער אָראַטאָריע „עבודת הקודש" און פיל אַנדערע.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

הערשל אָסטראָפּאָלער, ווען ער איז געווען שטאַרק געענגט אין געלט (און דאָס פלעגט זיך טרעפן ביי אים גאַנץ אָפט), פלעגט ער אויסטראַכטן אַלע מאָל אַן אַנדער המצאהלע אויף צו קריגן די ניטיקע פאַר גילדן. איינמאָל אין אַזאַ פאַל איז ער זיך מישב און קומט צו דער חברה־קדישא מיט אַ געשריי: דאָס ווייב זיינס איז פלוצעם געשטאָרבן, און דאָ האָט ער קיין פּרוטה ניט אויף קבורה. דער גבאי פון דער חברה־קדישא האָט אים באַלד געגעבן עטלעכע רובל. אין עטלעכע שעה אַרום קומען די חברה־קדישא־לייט אין הויז פון הערשל אָסטראָפּאָלער, לאָזט זיך אויס אַז זיין ווייב שטייט ביים אויוון און קאָכט מיטאָג.

— סטייטש, הערשל, — פאַלן זיי אָן אויף אים מיט אַ געשריי — ווי קומט עס צו אייך אַזוי מיאוס אונדז אָפּנאַרן?

— שאַט, שאַט! — מאַכט הערשל — וואָס איז דאָס געשריי? איר האָט אפשר מורא זי וועט זיך פון אייערע הענט אַרויסדרייען? גלויבט מיר, פריער אָדער שפּעטער, אָבער, סוף־כל־סוף וועט זי זיין אייערע...

# 25 יולי

## משה טייטש

### ליטע

באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ — אויף ווערסטן, אויף מײַלן
שלעפּט זיך אַ פֿורל, סקריפּעט אַן אַקס,
פֿאַראומערט קוקן די מאָגערע תּבֿואות,
עס שמייכלט־צו ביטער דער שיטערער פֿלאַקס.

עס ציען זיך גריקעס —— ווי נידעריק אָרעם.
שוין צײַט באַלד צום שנײַדן, נאָר פּוסט איז די זאַנג,
עס שטייט אויף אַ מעזשע צעטריקנט אַ ביימל
אָן בלעטער, אָן חיות, אַ טויטעס פֿון לאַנג.

און ווײַטער און ווײַטער... רינט שטיל די ווילִיע,
די ליטווישע מאַמע צום ניעמאַן זיך ציט:
זי טוט, וואָס עס קען זיך — זי שפּײַזט אירע פֿישער
און טראָגט אין די אָרעמס אַ פּליט נאָך אַ פּליט.

און פּאַזע די ברעגן צעוואָרפֿענע שטייען
און קוקן פֿאַרטרויערט אַזוי ווי יתומים —
פֿיל פּויערשע הײַזלעך געדעקטע מיט שטרוי,
דער הימל איז כמאַרנע, דאָס לעבן איז גרוי.

און ס'אַרבעט דער פּויער מיט שווייס פֿאַרן פּריץ
אין פּרוכטלאָזן פֿעלד, אויף די טרוקענע זעמד —
בילדער פֿון ליטע, פֿון אָרעמען היימאַט,
ווי לעבעדיק שטייט איר פֿאַר מיר אין דער פֿרעמד!

## בערנאַרד שאָו



ענגלישער דראַמאַטורג.
געב. 1856.7.26, אין דובלין, אירלאַנד. געשט. 1950.11.2, אין לאָנדאָן.
לאַורעאַט פון דער נאָבל-פּרעמיע פאַר ליטעראַטור (1925). אַרויסגעטראָטן אויף דער זייט פון ראַטנפאַר-באַנד, קעגן מלחמה און פאַשיזם.
וויכטיקסטע ווערק: „די פּראָפעסיע פון מאַדאַם וואָרען“, „קאַנדידאַ“, „צעזאַר און קלעאָפּאַטרע“, „מענטש און איבערמענטש“, „פּיגמאַליאָן“, „די הייליקע יאָאַננע“.

## לעאָ ווינער



פילאָלאָג און היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור.
געב. 1862.7.26, אין ביאַליסטאָק. געשט. 1939.12.13, אין בעלמאָנט, פּש"א.
פון 1882 — אין אַמעריקע. פּראָפעסאָר פון סלאַווישע שפּראַכן און ליטעראַטור. געשריבן דער עיקר אין ענג-ליש. זיין הויפּטווערק איז „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור“ (אין ענגליש, 1899). אויסערדעם — א שלל מיט פילאָלאָגישע אַרבעטן.
געשפּילט א גרויסע ראָל אין לעבן פון מאָריס ראָזענ-פעלד. ער האָט איבערזעצט ראָזענפעלדס „דאָס לידער-בוך“ אין ענגליש און דערמיט געהאָלפן דעם דיכטער קריגן אָנזען אויך אין דער יידישער סביבה, וועלכע האָט אים ביז דאן נישט אָנערקענט.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

איינמאָל ווען שלום-עליכם, איז געזעסן פאַרטיפט ביים שרייבן, האָט מען אים באַגנבעט. קומט אַריין זיין פרוי און פרעגט אים אַ דערשטוינטע:
— ס'טייטש, וווּ ביסטו געווען בעת דער גנבה?
האָט שלום-עליכם געענטפערט:
— אין כתרילעווקע...

# יאַנקל אַדלער



מאָלער.

געב. 26.7.1895, אין לאָדזש. געשט. 25.4.1949, אין לאָנדאָן.

וויכטיקסטע אַרבעטן: „די לעצטע שעה פון רבין“, „באַלעגאָלע מיטן פּחד“, „חתן־כלה“, „פּורים־שפּילער“, „די טאָכטער פון בעל־שם“.

גענומען אָנטייל אינעם וועלט־קאָנגרעס פון דער יידישער קולטור, פּאַריז 1937. טרעט אַריין אַלס פרייוויליקער אין דער פּוילישער דיוויזיע, וואָס ווערט געשאַפן אין 1940, אין פראַנקרייך, דעמאָביליזירט זיך אין ענגלאַנד, וווּ ער בלייבט שוין וווינען ביז זיין טויט.

# אייזיק פּלאַטנער

סאָוויעטיש־יידישער דיכטער.

געב. אין נאָוועמבער 1896, אין סאָקאָלאָוו, פּוילן. געשט. 26.7.1961, אין מינסק, ווייסרוסלאַנד.

פון פאַך געוועזן אַ שניידער. געלעבט א ריי יאָרן אין אַרגענטינע, פונוואַנען געקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד.

אין בוכפאָרם: „וואָס דער טאָג דערציילט“ (לידער, ניו־יאָרק, 1929), „פון צוויי לענדער“ (לידער, מינסק, 1933), „פון אַמעריקע“ (לידער, מינסק, 1933), „אַ פּאָעמע וועגן אַ שניידער“ (מינסק, 1940), „מיט ליבע און גלויבן“ (לידער, מאָסקווע, 1947).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ קינד איז ערגער ווי אַ גזלן און מען מוז נאָך טאַנצן אויף זיין חתונה.

עלטערן לערנען אויס די קינדער רעדן און די קינדער די עלטערן — שווייגן.

אַ מוטער מוז האָבן אַ גרויס פאַרטעך, די חסרונות פון די קינדער צו פאַרדעקן.

אַ קינד אָן אַ פאָטער איז א האַלבער יתום, אָן אַ מוטער — אַ גאַנצער יתום.



# וולאַדימיר קאָראָלענקאָ

רוסישער שרייבער.
געב. 1853.7.27, אין זשיטאָמיר, אוקראַינע, געשט. 1921.12.25, אין פּאָלטאַווע.
טייל קאָראָלענקאָס ווערק זענען איבערגעזעצט אין יידיש („אָן א לשון“, „דער בלינדער מוזיקאַנט“ א. א.). האָט אויך געשריבן אויף יידישער טעמאַטיק („יום־כיפּור“, „דאָס הויז נומער 13“ א. א.). געשפּילט א גרויסע ראָל אין אויפהייבן די רוסישע עפנטלעכע מיינונג קעגן בייליס־פּראָצעס.



מ. ליבערמאַן — פּויערטע מיט ציגן

# 28 יולי

## לודוויק פויערבאַך



דייטשישער פילאָזאָף־מאַטעריאַליסט.
געב. 28.7.1804, אין לאַנדסגוט, בייערן. געשט. 13.9.1872, אין נירנבערג.
וויכטיקסטע ווערק: „צו דער קריטיק פון העגעלס פילאָזאָפיע" (1839), „דער תוך פון קריסטנטום" (1841), „די גרונט־הנחות פון דער צוקונפט־פילאָזאָפיע" (1843), „דער תוך פון רעליגיע" (1845).

## יאַן מאַטייקאָ



פוילישער מאָלער.
געב. 28.7.1830, אין קראָקע. געשט. 1.11.1893, דאָרטן.
געלערנט אין קראָקע און מינכען. פון 1873 געשטאַנען בראָש פון דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע. געמאָלן מאָנומענטאַלע בילדער, דער עיקר אויף טעמעס פון דער פוילישער געשיכטע.

## אהרן (שמואל) קורץ



פּאָעט און פּראָגרעסיווער קולטור־טוער.
געב. 28.7.1891, אין אָסווע, וויטעבסקער געגנט, ווייס־רוסלאַנד. געשט. 30.5.1964, אין ניו־יאָרק.
זינט 1911 — אין אַמעריקע. דעביוטירט אין 1916. אין בוכפאָרם: „כאַאָס", „פיגאַראָ", „פלאַקאַטן", „מאַרק שאַגאַל". רעדאַקטאָר און ארויסגעבער במשך פון אַ גאַנצער ריי יאָרן פונעם חודש־זשורנאַל „היינטיקע לידער".

# 29 יולי

## מאַקס נאָרדוי

### (שמעון זידפעלד)



געב. 29.7.1849, אין בודאַפּעשט, אונגאַרן. געשט. 22.1.1922, אין פּאַריז, וווּ ער האָט געלעבט די מערסטע פון זיינע יאָרן. שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער (אין פראַנצויזיש).

וויכטיקסטע ווערק: „קאָנווענציאָנעלע שקרים“, „פּאַראַ־דאָקסן“, „ד״ר קאָן“ (פּיעסע), „זכרונות“, „בריוו“.

פּ. בינעצקי

### שיין...

ס׳איז שיין די וועלט,
וואָס שענער קען נישט זיין...
און עפּעס אין מיר קוועלט
און עפּעס אין מיר העלט,
ווי כ׳וואָלט אליין געווען
אַ גאַנצע וועלט.

די וועלט איז שיין,
דער מענטש איז שיין,
נאָר צו דער גרעסטער שיינקייט
דאַרף מען נאָך דערגיין.
מיט ברודער אין דער ריי
און נישט אליין —
די וועלט און איך —
צוזאמען
וועלן מיר דערגיין...
און דאָס וועט זיין
באמת שיין!

## צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט פון פוילן

30 יולי 1920 — אנטשטאַנען אין ביאַליסטאָק דער „צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט פון פוילן“ (צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג), בראש מיט י. מאַרכלעווסקי, פ. דזערזשינסקי, פ. קאָן, י. אונשליכט און ע. פּריכניאַק.

## צדוק דאָלגאָפּאָלסקי



סאָוויעטיש-יידישער שרייבער.
געב. 1879.7.30, אין האָראָדעק לעבן וויטעבסק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1959.7.16, אין לענינגראַד.
דעביוטירט אין 1898.
אין בוכפאָרם: „די געעפנטע טויערן“ (ראָמאַן), „אויף דער לינקער זייט“, „אויף סאָוועטישער ערד“ (דערציילונגען), „זייד“ (ראָמאַן), „בילדער פון שטאָט“ (פּיעסע), „מאַשינעס-געראַנגל“, „ביז דעם לעצטן“.



י. איזראַעלס — ביים סאָרטירן קאַווע.

## סדקפּל

31 יולי 1893 — אנטשטאַנען די „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטײ פון קעניגרײך פּוילן און ליטע“ (סדקפּל). צו די װיכטיקסטע טוער פון דער פּאַרטײ האָבן געהערט: פ. דזערזשינסקי, י. מאַרכלעװסקי, ל. טישקאָ, א. װאַרסקי, ב. װעסאָלאָװסקי, ר. לוקסעמבורג. אין דעצעמבער 1918 האָט סדקפּל זיך פאַראייניקט מיט די לינקע פּפּס און עס איז אנטשטאַנען די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטײ.



## זשאַן זשאָרעס

פראַנצױזישער סאָציאַליסטישער פירער, קעמפער קעגן מלחמה.

געב. אין 1859. דערמאָרדעט דעם 1914.7.31, אין פּאַריז.

מוטיק אַרויסגעטראָטן אין פאַרטיידיקונג פון דרײפוס, װי אויך קעגן קישינעװער פּאָגראָם.

## אליהו טשעריקאָװער

היסטאָריקער.

געב. 1881.7.31, אין פּאָלטאַװע, אוקראַינע. געשט. 1943.8.28, אין ניו־יאָרק.

לכתחילה געשריבן אין רוסיש. מיטגעאַרבעט אין דער „יעװרעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ“. שפּעטער אַריבער צו ייִדיש. איינער פון די מיטגרינדער פון „ייװאָ“, װיסנשאַפטלעכער סעקרעטאַר פון דער היסטאָרישער סעקציע, רעדאַקטאָר פון די 3 בענדער „היסטאָרישע שריפטן פון ייװאָ“, איינער פון די איניציאַטאָרן און רעדאַקטאָרן פון דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע אין ייִדיש. פון 1940 — אין אַמעריקע. אונטער זײן רעדאַקציע איז אַרויס „די געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן“ (צװײ בענדער) און „ייִדן אין פראַנקרײך“.

אין בוכפאָרם: „אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָמען אין אוקראַינע, 1917—1918“.

# 1 אויגוסט

## ערשטע וועלט־מלחמה

(1918 — 1914)

1 אויגוסט 1914—אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914—1918), אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פון איין זייט: דייטשלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן און שפּעטער בולגאַריע און טערקיי — די אַזוי־גערופענע „צענ־טראַלע מלוכות". פון דער צווייטער: ענגלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד, איטאַליע (פון 1915) און שפּעטער יאַפּאַן, רומעניע, פאַראייניקטע שטאַטן — די אַזוי־גערופענע „אַנטאַנטע". ווי אַ תירוץ אָנצוהייבן די מלחמה האָט געדינט דאָס דערמאָרדן דעם עסטרייכיש־אונגאַרישן קרוינפּרינץ, גרויספירשט פראַנץ־פער־דינאַנד, דעם 28 יוני 1914, אין סאַראַיעווע, סערביע. אונטערן דרוק פון דייטש־לאַנד האָט עסטרייך־אונגאַרן אָנגעהויבן א מלחמה קעגן סערביע, דאַן האָט דייטשלאַנד דערקלערט מלחמה רוסלאַנד און פראַנקרייך.

די מלחמה, אין וועלכער ס'האָבן אָנטיילגענומען 33 מלוכות מיט א באַ־פעלקערונג פון 1,5 מיליארד מענטשן, האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער מפּלה פון די צענטראַלע מלוכות. אין רעזולטאַט: 10 מיליאָן דערהרגעטע, איבער 20 מיליאָן פאַרוואונדעטע און קאָלאָסאַלע מאַטעריעלע היזקות.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַז מען איז העכער,
דערגרייכט מען צום בעכער.

עס איז זייער נישט שיין,
ווען דו הייסט יענעם גיין
און אַליין בלייבסטו שטיין.

# 2 אויגוסט

## גירוש שפּאַניע

2 אויגוסט 1492 — אין דעם טאָג האָט זיך אָנגעהויבן דער גירוש פון די שפּאַנישע ייִדן.

## יהושע־מרדכי ליפשיץ



משכיל און שריפטשטעלער.
געב. אין 1829. געשט. 1878.8.2, אין בערדיטשעוו.
„איינער פון די ערשטע קנאים פון דער ייִדישער שפּראַך. אונטער זיין ווירקונג איז מענדעלע מוכר ספרים אַריבער פון העברעיש צו ייִדיש" (ז. רייזען). אין 1869 דערשיינט זיין „רוסיש־יודישער ווערטער־ביך" (דער ערשטער פון דעם מין) און שפּעטער „דער יודעש־רוסישער ווערטער־ביך" מיט א פאָרוואָרט פון צונויפשטעלער, אין וועלכן ער טרעט שאַרף אַרויס קעגן די קעגנער פון ייִדיש. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטן צווישן ייִדן, זיך איבערגע־שריבן מיט אהרן ליבערמאַן און אים פאָרגעוואָרפן הלמאי ער שרייבט העברעיש.

### פון ייִדישן פאָלקס־אוצר

אַז מען שיקט אַ נאַר די לאָדן פאַרמאַכן פאַרמאַכט ער זיי אין דער גאַנצער שטאָט.

א קלוגן און אַ נאַר לייגט מען נישט קיין פינגער אין מויל אַריין.

דער קלוגער באַהאַלט דעם שכל, דער נאַר ווייזט זיין נאַרישקייט אַרויס.

פון ליידיקע פעסער איז דער ליאַרעם גרעסער.

דער גלאָק קלינגט ווייל ער איז פוסט.

אַ שפּריכוואָרט איז גוט, ווען מען זאָגט אים צו דער צייט.

אַן אייזל דערקענט מען אין די לאַנגע אויערן, א נאַר אין דער לאַנגער צונג.

# 3 אויגוסט

## בן־עמי

**(חיים־מרדכי ראבינאָוויטש)**



שרייבער.

געב. 1854.8.3, אינעם שטעטל ווירכאָווקע, פּאָדאָליע.

געשט. 1932.3.11, אין תל־אביב.

אָנגעהויבן שרייבן אין רוסיש, אַריבער צו העברעיש און יידיש.

אין יידיש: „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען“, „ערשטע נאַכט פון חנוכה“, „פּייוול דער גרויסער און פּייוול דער קליינער“, „אַ נאַכט אין אַ קליין שטעטל“.

## י. י. סיגאַל



דיכטער.

געב. 1896.8.3, אין סאָלאָבקאָוויץ, ביי פּראָסקוראָוו, אוק־ראינע, ביי א טאַטן א סופר און חזן. געשט. 1959.3.7, אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

יונגערהייט אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע (מאָנטרעאַל), וו געאַרבעט ביי שניידעריי, שפּעטער אַלס לערער אין די יידישע שולן. דעביוטירט מיט לידער אין „קענעדער אד־לער“. אין 1921 אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „ניואנסן“, שפּעטער „רויערד“ א. א.

אין בוכפאָרם: „באַזונדער“, „מיין שטוב און מיין היים“, „לידער פון י. י. סיגאַל“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ דאָרפס־יידענע איז געקומען צום רבין, אַוועקגעלייגט א רובל פּאַר אַ פדיון און קלאָגט מיט טרערן:

— רבינו, נישטאָ מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. אַליין בין איך אַן אלמנה, און עס וועט מיר אויסקומען אויכצוגיין מיט די קינדער פון הונגער אין מיטן גאַס...

— און וו, טאָכטער — פרעגט דער רבי — האָסטו גענומען איצט דעם רובל?

— וואָס פרעגט איר, רבי, — מאַכט די יידענע — פאַרן שוואַרציאָר געפינט זיך.

# 4 אויגוסט

## פערסי בישי שעלי



ענגלישער פּאָעט.

געב. 1792.8.4, אין גראפטום סוסעקס, אין אַ רייכער אַריסטאָקראַטישער משפּחה. דערטרונקען געוואָרן בעת אַ שטורעם אויפן ים נישט ווייט פון דער איטאַליענישער האפן־שטאָט ליוואָרנא, דעם 1822.7.8.

שטודירט אויפן אָקספאָרדער אוניווערסיטעט, פון וואַנען אויסגעשלאָסן געוואָרן פאַר זיין בראָשור „וועגן דער נייטיקייט פון אַטעיזם". אָנטיילגענומען אין קאַמף פאַר דעמאָקראַטישע פרייהייטן. אין 1818 פאַרלאָזט אויף שטענדיק ענגלאַנד.

צו זיינע וויכטיקסטע ווערק געהערן: „דער באַפרייטער פּראָמעטיי", „ליריק".



ש. הירשענבערג — אין ישיבה

# 5 אויגוסט

## איליאַ רעפּין



רוסישער מאָלער־רעאַליסט.
געב. 5.8.1844, אין טשוגויעוו, כאַרקאָווער גוב. געשט. 29.9.1930, אין קואָקאָלע, פינלאַנד (היינט: רעפּינאָ, לענינגראַדער געגנט).
איינער פון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פון דער „געזעלשאַפט פאַר באַוועגלעכע קינסטלערישע אויסשטעלונגען" („פּערעדוויזשניקי") (1870 — 1923).
צו זיינע וויכטיקסטע ווערק געהערן: „בורלאַקעס אויף דער וואָלגע", „די פּראָצעסיע אין קורסקער גובערניע", „איוואַן דער גרויזאַמער און זיין זון", „דער אַרעסט פון אַ פּראָפּאַגאַנדיסט", „זאַפּאָראָזשער". אַ ריי יאָרן געווען פּראָפעסאָר פון דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע.

## גי דע מאָפּאַסאַן



### (אַנרי רענע אַלבער)

פראַנצויזישער שרייבער.
געב. 5.8.1850, אין אַ פּאַראָרעמטער פריצישער משפּחה. געשט. 6.7.1893.
מייסטער פון דער קורצער נאָוועלע.
וויכטיקסטע ווערק: „דער ליבער פריינד", „די געשיכטע פון אַ לעבן", „מאָנט־אָריאָל", און בענדער נאָוועלן (פאַראַנען אויך אין יידיש).

## דוד בייגעלמאַן

קאָמפּאָזיטאָר.
[געב. אין מערץ 1887, אומגעקומען אין אויגוסט 1944, אין אָשוויענטשים, וווהין אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאָדזשער געטאָ].
געשריבן מוזיק פאַר די קליינקונסט־טעאַטערס „אררט" און „עזאזל" אין לאָדזש. אראַנזשירט מוזיק צו פיל יידישע פאָלקס־לידער.

# 6 אויגוסט

## יעקב באטאשאַנסקי

שרייבער, זשורנאַליסט.

געב. 1895.8.6, אין דאָרף טשיטשמאַנסק ביי גיי=קיליע, בעסאַראַביע. געשט. פלוצלונג דעם 1964.10.26, אין יאָהאַנעסבורג, דרום=אַפריקע, ווו געקומען אויף א לעקציע=טור פון אַרגענטינע, וווּ ער האָט געלעבט זינט 1923. יעקב באטא=שאַנסקי האָט דעביוטירט אין 1912, אין אָדעס. אין אַרגענטינע געווען רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג „די פּרעסע“.

אין בוכפאָרם: „נאָך דער פאָרשטעלונג“ (גראָטעסקן און בילדער פון אַק=טיאָרן=לעבן), „פון ביידע זייטן ים“ (נאָוועלעס, גראָטעסקן), „משה=לייב האַל=פּערן“, „פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער“, „לעבנסגעשיכטע פון אַ יידישן זשורנאַליסט“, „מיר ווילן לעבן“ (ראָמאַן אין 4 טיילן), „מאַמע יידיש“ (עסייען און לעקציעס), „פּשט, פּירושים אויף יידישע שרייבער“, „הערשל אָסטראָפּאָ=לער“ (טראגי=קאָמעדיע) א. א.

## נפתלי באָטווין



רעוואָלוציאָנער, מיטגליד פון דער פּוילישער קאָמוניסטי=שער פּאַרטיי.

געב. אין 1905, אין לעמבערג. דערשאָסן געוואָרן דעם 6 אויגוסט 1925 פאַר אויספירן דעם טויט=אורטייל פון דער פּאַרטיי אויף דעם פּראָוואָקאַטאָר יוזעף צעכנאָווסקי. „מיין טאַטן געדענק איך נישט — האָט געשריבן באָטווין. ער איז געשטאָרבן ווען מיר איז געווען קוים דריי יאָר. אַכט קינדער זענען מיר געווען. פון אָנהייב האָט די מאַמע אַלעמען אויסגעהאַלטן, שפּעטער איך. לכתחילה האָב איך פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, דערנאָך בין איך געוואָרן אַ שוסטער. אין 1923 בין איך אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, מחמת דער קאָמוניזם ווייזט דעם וועג צו אַ מענטשלעך לעבן“.

באָטווין האָט זיך אָפּגעזאָגט צו בעטן ביים פּרעזידענט באַגנעדיקונג און זיך נישט געלאָזט פאַרבינדן די אויגן בעת דער עקזעקוציע.

# 7 אויגוסט

## אשר שוואַרצמאַן

### אין אויפשטאַנד

אין קאַלטער ווינטערנאַכט ביי שיין פון בליצנדיקע שטערן
אויף ווייטע געגנטן צעפלאַקערן זיך שרפות.

אין וועלדער טונקעלע,
אין האַלבע שוצגראָבנס,
ביי טונקעלער זייט פון ברענענדיקע דערפער
זיך שלענגלען שורות מורדים
מיט ביקס אין האַנט, מיט וואַרעם בלוט אין האַרצן.

פון הייזער אָרעמע, פון שטיקנדע וואַרשטאַטן,
פון לאַנגע וואָגל־נעכט, פון הונגעריקע טעג
געקומען זיינט איר, ברידער מיינע פילע,
צו ווייזן
דעם פרייז פון שטילער מי,
דעם ווי פון אייער לייב,
דעם אויסגעשריי פון דורות און פון צייטן!
איך הער:
ס׳ברומט אויף דער קייטנקלאַנג פון דורות קנעכט
מיט אָרעמען געביין אויף לעבנסמידע וועגן,
ס׳זידט אויף דאָס בלוט פון מענגעם מיינע ברידער,
מיט האַנט צו האַנט און קאָפּ צו קאָפּ געשאַכטענע
אויף שלאַכטפעלדער פון קיילעכדיקער ערד.
איך וויים:
ס׳וועט צאַרטעם מענטשנלייב נאָך ציטערן
אין אַ געמיש פון קויט און בלוט,
און ניט קיין יום־טוב האָט באַלויכט
אין מיטן נאַכט די האָריזאָנטן,
נאָר עמיץ וויל דעם פיין
און עמיץ וויל דאָס בלוט.

מיין בליק ווערט קאַלט, ווי גרויער טאָג פון עסקימאָסן,
אין שנייאיק ווילדן לאַנד...
מיט ביקס אין האַנט,
מיט וואַרעם בלוט אין האַרצן
פאַרטאַיע איך זיך איצט
און לאקער נאָך דעם שונא.

# 8 אויגוסט

## אברהם אָסטזשעגאַ



סקולפּטאָר.

[געב. אין 1889, אין אָקוניעוו, לעבן וואַרשע. אין אויגוסט 1942 אַרויסגעפירט געוואָרן פון וואַרשעווער געטאָ אין טויט-לאַגער טרעבלינקע.]

שעפער פונעם פּראָיעקט פאַרן „אוהל פּרץ" אויפן געגעשער יידישן בית-עולם אין וואַרשע.

צו זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן געהערן: „מוטערשאַפט", „איבער דער גמרא", „דער נביא", „קאָפּ פון זקן", „ירמיהו הנביא", סקולפּטור-פּאָרטרעטן פון מאַטעמאַטיקער אברהם שטערן, משה מימון, באַרעליעפן פון ד"ר לודוויק זאַמענהאָף, גליזאַ אָזשעשקאָוואַ.

## רבקה גאַלין

קינדער-דיכטערין.

געב. אין 1890, אין לאַכאָוויטש, ווייסרוסלאַנד. געשט. 8.8.1935, אין ניו-יאָרק.

פון 1907 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „טייבעלע" (לידער), „א מאָנטשיק מיידעלע", „לידער און דערציילונגען".

## לאַזאַר סעגאַל



מאָלער, גראַפיקער, סקולפּטאָר.

געב. 8.8.1890, אין ווילנע. געשט. 8.2.1957, אין סאַן פּאַולאָ, בראַזיליע.

זיך געלערנט אין בערלין און אין דרעזדען (ביי מאַקס ליבערמאַן). געהערט צו די דייטשישע עקספרעסיאָניסטן.

פון 1923 — אין בראַזיליע.

וויכטיקסטע אַרבעטן: „דער פּאָגראָם", „עמיגראַנטן", „די מיידל מיט דער גיטאַרע", „אַ דעפעקטיווע משפחה", דער ציקל בילדער: „מלחמה-וויזיעס".

# 9 אויגוסט

## „קורנטין"

9 אויגוסט 1686 — אָנגעהויבן דערשיינען אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד, די ערשטע פּעריאָדישע אויסגאַבע אין יידיש „קורנטין" (קוראַנט). די צייטונג פלעגט דערשיינען צוויי מאָל אַ וואָך — דינסטיק און פרייטיק — פון דאַנען: „דינסטאָגיש-קורנטין" און — „פרייטאָגיש-קורנטין". איר רעדאַקטאָר איז געווען אַ גר, משה בר אברהם פון ניקאָלסבורג. סך-הכל האָבן זיך פון די „קורנטין" אָפּגעהיט הונדערט נומערן (דער לעצטער איז פון 5-טן דעצעמבער 1687).

## מאָריס ווינטשעווסקי

### (ליפּע-בן-ציון נאָוואַכאָוויטש)



„זיידע" פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע. געב. 8.9.1856, אין יאַנאָווע, ליטע. געשט. 18.3.1932, אין ניו-יאָרק.

פון דער פריסטער יוגנט צוגעשטאַנען צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאָן און שפּעטער קיין אַמעריקע (1894). מחבר פון די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשורן אין יידיש, רעדאַקטאָר פון יידישע סאָציאַליסטישע צייטונגען. מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אַמעריקע. אין 1924 באַזוכט דעם ראַטנפאַרבאַנד ווי אַ גאַסט פון דער סאָוועטישער רעגירונג.

אין בוכפאָרם: „לידער און געדיכטע", „רעוואָלוציאָנערע לידער און שירים", „די פרייהייטס-האַרפע", „דער משוגענער פילאָזאָף אין ענגלאַנד", „אַ טאָג מיט יעקב גאָרדין", „דער משוגענער פילאָזאָף אין אַמעריקע", „דראַמאַטישע ווערק", „געקליבענע ווערק" א. א.

# דער טונקעלער

## (יוסף טונקעל)

שרייבער־הומאָריסט.

געב. אין 1881, אין באָברויסק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1949.8.9, אין ניו־יאָרק.

דעביוטירט מיט לידער אין 1901. אין 1906 — אַוועק קיין אַמעריקע, וו‏ו ער האָט געגרינדעט דאָס הומאָריסטישע וואָכנבלאַט „דער קיבעצער“ (1908), שפּעטער דעם „גרויסן קונדס“. פון 1910 — אין וואַרשע.

אין 1939 געווען אויף אַ טור איבער מערב־אייראָפּע. געווען אין בעלגיע, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן פאַר די דייטשן קיין פראַנקרייך. פון 1941 — אין אַמעריקע. אַרויסגעגעבן דאָרט אַ בוך „גלות“ („כתבים פון אַ פליכטלינג“) און „דער גרויסער געגנעץ אָדער אַ נודנער טאָג אין ניו־יאָרק“. די לעצטע יאָרן געווען כמעט בלינד.

# חיים סוטין



פּאָרטרעט געמאָלן דורך א. מאָדיליאַני

מאָלער.

געב. אין 1894, אין שטעטל שמילאָוויטש, ביי מינסק, ווייסרוסלאַנד, אין דער משפּחה פון אַ שניידער. געשט. 1943.8.9, אין פּאַריז, וווּ געלעבט זינט 1913.

אַלס יינגל אָפּגעגעבן אויף דער לער צו אַ פעטער — אַ שניידער. פרי אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו צייכענען. געלערנט מאָלעריי אין מינסק און שפּעטער אין דער ווילנער קונסט־שולע. עתב דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק קיין פּאַ־ריז, וווּ ס'האָט זיך אים געלעבט זייער שווער. איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון דער „פּאַריזער שול“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דער ערשטער קוילעטש קומט אַרויס נישט געראָטן.

בעסער דאָס קינד זאָל וויינען איידער די עלטערן זאָלן וויינען.

ווי די גאַנדז, אַזוי די גריוון.

# 10 אויגוסט

## לעאָפּאָלד (יום־טוב ליפּמאַן) צונץ



היסטאָריקער. פֿאָטער פֿון דער א״ג „חכמת ישראל“.
געב. 1794.8.10, אין דעטמאָלד, דײַטשלאַנד. געשט. 1886.3.17, אין בערלין.
אײנער פֿון די ערשטע ייִדן אין דײַטשלאַנד, וואָס האָט באַקומען מיטל־בילדונג. געהערט לעקציעס איבער פֿילאָזאָפֿיע אויפֿן בערלינער אוניווערסיטעט. דירעקטאָר פֿון ייִדישן לערער־סעמינאַר אין בערלין (1837).
געזאַמלטע ווערק אין דרײַ בענדער (1875־76).

## אַלעקסאַנדער גלאַזונאָוו



רוסישער קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1865.8.10, אין פּעטערבורג. געשט. 1936.3.21, אין פּאַריז.
שילער פֿון רימסקי־קאָרסאַקאָוו. צו 16 יאָר אָנגעשריבן די ערשטע סימפֿאָניע, וועלכע איז מיט גרויס דערפֿאָלג אײַנגעפֿירט געוואָרן דורך באַלאַקירעוון.
מחבר פֿון סימפֿאָניעס, באַלעטן („רײַמאָנדא“, „די צײַטן פֿון יאָר“ א. א.), קאַמערהאַלע שאַפֿונגען.
געשטאָרבן אין פֿראַנקרײַך, וווהין ער איז זיך געקומען היילן.

### פֿון ייִדישן פֿאָלקס־אוצר

אַז דער טאַטע איז אַ בעל־שם, איז דער זון אַ גולם.

אַז דו ווילסט זיך שוין הענגען, הענג זיך אויף אַ גרויסן בוים.

הינקט מען אויף איין פֿוס, זאָל מען שוין הינקען אויף ביידע.

# יאַנוש קאָרטשאַק

## (הענריק גאָלדשמידט)



קינדער־שרייבער, פּעדאַגאָג, לאַנגיאָריקער אָנפירער פון א יתומים־הויז אין וואַרשע.
געב. 1878.7.22, אין וואַרשע, אומגעבראַכט געוואָרן דעם 1942.8.10, אין טרעבלינקע, וווהין דעפּאָרטירט געוואָרן צוזאַמען מיט די קינדער פון יתומים־הויז פון וואַרשעווער געטאָ דעם 6 אויגוסט 1942.
פון באַרוף א דאָקטער־מעדיצין, האָט ער אין לעצטן עטאַפּ פון זיין לעבן און די שווידערלעכע באַדינגונגען פון וואַרשעווער געטאָ זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצן די אומגליקלעכסטע צווישן די קינדער. ער האָט זיי נישט פאַרלאָזט, כאָטש געהאַט אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך פון אומקום, און איז צוזאַמען מיט זיי אַוועק צום טויט.

# אַלפרעד דעבלין



דייטשישער שרייבער פון יידישער אָפּשטאַמונג.
געב. 1878.8.10, אין שטשעטשין, געשט. 1957.6.28, אין עמענדינגען, ביי פרייבורג, דייטשלאַנד.
וויכטיקסטע ווערק: „די דריי שפרונגען פון וואַנג־לון“, „וואַלענשטיין“, „בערג, ימים און ריזן“, „בערלין — אַלעקסאַנדערפּלאַץ“, „אָן פאַרהאָן“, „נאָוועמבער 1918“, „בירגער און זעלנער“, „דאָס פאַראַטענע פאָלק“, „קאַרל און ראָזע“, „האַמלעט אָדער א סוף צו דער לאַנגער נאַכט“, „אַ רייזע אין לאַנד פון אייביקן לעבן“.

## חיים סעמיאַטיצקי

ברודער! וויפל מאָל כ'האָב מיך געטוליעט
צו אַ וואַרעם פענצטער,
צו דער ליכטיקער שיין —
און קיינער האָט נישט געזאָגט — קום אַריין...

# 11 אויגוסט

## משה גאָלדשטיין

סאָוויעטיש־ייִדישער שרייבער.

געב. אין 1900, אין לאָשיץ, שעדלעצער געגנט, פּוילן, געפֿאַלן אין שלאַכט 8.11. 1943, הינטער סמאָלענסק.

אין 1923 — עמיגרירט קיין אַרגענטינע. געדרוקט דערציילונגען, סקיצן. אין 1932 אויסגעוואַנדערט קיין ביראָבידזשאַן.

אין בוכפאָרם: „ביראָבידזשאַנער אויפן אַמור" (דערציילונג), „ביראָביד־זשאַנער דערציילונגען".

### מאַני לייב

*　　*
*

נאָך שלאָפט די גרויע גאַס אין קעלט און שניי געשמידט...
דער ווינט — אַ היימלאָזער — אים איינעם שלאָפט זיך ניט,
און ווי די גאַנצע נאַכט טרייבט ער אין גאַס זיך אום
און ווייט מיט שניי און שטויב און וואָיעט בייז און שטום....

און אין די מויערן די מענטשן ווערן וואַך,
און קליינע פייערלעך אין פענצטער פינקלען שוואַך,
און אויף די מויערן צעציט זיך ווי אַ שטריק
אַ לאַנגער הייזעריקער פייף פון אַ פאַבריק.

ווער איז דאָס יענע ערשטע אין דעם נייעם טאָג,
וואָס איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע אויפן ראָג,
און קוקט זיך אום אַרום, מיט אויגן־סם און האַס,
און לאָזט אוועק זיך שפּאַנען אין דער לענג פון גאַס?

דאָס איז די אַלטע, קאַלטע, גרויע ווינטער־נויט,
זי כאַפּט זיך אויף די ערשטע שעלטנדיקערהייט,
זי קומט אין גאַס די ערשטע, שעלט אַזוי און שפּאַנט,
און טראָגט אַן עמער קוילן אין איר דאַרער האַנט.

# 12 אויגוסט

## דוד בערגעלסאָן



געב. 1884.8.12, אין אכרימאָווע, ביי אומאַן, קיעווער גובערניע, אוקראַינע. געפאַלן א קרבן פון יחיד־קולט דעם 1952.8.12.

זיין ערשט בוך „אַרום וואָקזאַל“ (וואַרשע, 1909) האָט אים געבראַכט אָנערקענונג. שפּעטער זענען געקומען: „דער טויבער“ און „נאָך אַלעמען“, וואָס האָבן פאַרפעסטיקט זיין פּאָזיציע אַלס איינער פון די שטאַרקסטע פּראָזאַיקער אין דער יידישער ליטעראַטור.

וויכטיקסטע ווערק: „אַרום וואָקזאַל“, „דער טויבער“, „נאָך אַלעמען“, „אָפּגאַנג“, „מידת הדין“, „שטורעמטעג“, „ביראָבידזשאַנער“, „טראָט נאָך טראָט“, „ביים דניעפּער“, „דוד ראובני“ (פּיעסע).

### פּרץ מאַרקיש *

### דער וועג אין געטאָ

אַ וויגל אָן אַ קינד. אַ לייכטער אָן אַ ליכט.\
אָן אורעלטע מצבה מיט פאַרמעקטע נעמען.\
די שוועל איז נידעריק און אָפן איז די טיר, —\
ווער סע פאַרלאַנגט — דער קאָן עס קומען נעמען...

אַ קלומעק ביי דער זייט. אַ שטעקן פאַר דעם וועג.\
און אין דער הייך — אַ שטערן, ווי אַ שטילער יאָרצייט פלעמלט.\
ס'איז אויסגעציילט ביז לעצט דער אָרעמער פאַרמעג —\
ווער סע פאַרלאַנגט — דער קאָן עס קומען נעמען...

פון וויטע גענג — א ניט־געשטילטער רעש.\
און טרויער ליכטיקער פון וועלן אַלץ באַנעמען.\
ס'איז אַלץ אין ווי פון טליענדיקן אַש, —\
ווער סע פאַרלאַנגט — דער קאָן עס קומען נעמען...

אָן אויפגעוויקטער קאָפּ, אָן אויסגעשטרעקטער האַלדז.\
אַ טרוימענדיקער בליק אונטער פאַרווייניטע ברעמען\
מער גאָרניט איז פאַראַן. אָט דאָס איז אַלץ.\
ווער סע פאַרלאַנגט — דער קאָן עס קומען נעמען...

* אומגעקומען דעם 12 אויגוסט 1952.

# 13 אויגוסט

## איטשע־מאיר ווייסענבערג



געב. אין 1881, אין זשעלעכאָוו, שעדלעצער געגנט, פּוילן.
געשט. 13.8.1938, אין לימאַנאָווע, ביי וואַרשע.
אין דער יוגנט — א גאַרבער. דעביוטירט אין 1904, אין פּרצעס „יודישע ביבליאָטעק“. א רושם האָבן געמאַכט זיינע גרעסערע דערציילונגען: „אַ שטעטל“ (1906) און „אַ טאַטע מיט בנים“. אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט אַ גאַנצע ריי צייטשריפטן, אַרויספירנדיק צוו. אנדערע אַזוינע שרייבער, ווי עוזר וואַרשאַווסקי, יוסף פּאַפּיערני־קאָוו, יחיאל לערער, שמעון האָראָנטשיק.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

איינמאָל האָט א בעלעמער זיך געלאָזט אויף דער וועלט האַנדלען, און ס'איז אים אויסגעקומען צו פאָרן אויפן וואַסער. מאַכט זיך אַ גרויסער שטורעם און די שיף האַלט ביים אונטערגיין. אַ טויט־שרעק איז געפאַלן אויף די אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער שיף. עס האָט זיך געהערט פון אַלע זייטן א געוויין און אַ ליאַרעם, ווייבער זענען געפאַלן אין חלשות. פרעגט דער בעלעמער איינעם א יידן, וואָס האָט שרעקלעך געוואלדעוועט: וואָס מאַכט ער עס אַזעלכע שרעקלעכע קולות?

— וואָס הייסט — ענטפערט אים דער ייד — איר זעט דען נישט, אז די שיף איז אין סכנה?

— נו, איז וואָס? — מאַכט דער בעלעמער — איך פאַרשטיי נישט, וואָס נעמט איר זיך אַזוי שטאַרק צום האַרצן, ס'איז דען אייער אייגענע שיף?

* * *

איינמאָל האָט זיך דער שטאָט־משוגענער אַריינגעכאַפּט אין דער קאַרעטע פון אַ חסידישן רבי און האָט אויף קיין אופן נישט געוואָלט אַרויס פון דאָרט. נישט אַנדערש, ער וויל פאָרן מיטן רבין צוזאַמען איבער דער שטאָט.

— זאָג מיר — פרעגט אים דער רבי — פאַרוואָס ווילט זיך דיר דווקא פאָרן מיט מיר צוזאַמען?

— וואָס פאַרשטייט איר נישט, רבי? — מאַכט דער משוגענער — נאָך מיר לויפן נאָך אַלע קלאָרע, נאָך אייך — אַלע משוגעים; וועט נאָך אונדז ביידן נאָכלויפן די גאַנצע שטאָט.

# 14 אויגוסט

ח. נ. ביאַליק

## אַ פרייל עכס

ניט געגאשט פון עולם־הזה
עולם־הבא אויך נאָך גאַנץ —
וואָס־זשע פעלט אייך? — האַנט אויף אקסל —
און זאָל פלאַקערן אַ טאַנץ!

זאָלן שווינדלען פאַר די אויגן
פיס און פיאַטעס הויך און שטאַרק,
פונקען זאָלן פון שטיינער שפריצן,
אָנצינדן זאָל זיך דער מאַרק!

ווו אַ טראָפּן גאַל פאַרבאָרגן,
ווו אַ ווייַ און ווו אַ וווּנד —
אויסגעטאַנצט מוז דאָס היינט ווערן
ביז צום סוף און ביז צום גרונט!

נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן,
נישט דערוואַרט און נישט דערלעבט —
וואָס־זשע זאָרגט איר? — ווי די אָדלערס
הויבט זיך פלוצים אויף און שוועבט!

איבער גאַנצע בערג פון צרות,
איבער ימים נויט און פיין,
טראָגט זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן —
און זאָל זיין דאָרט, וואָס ס׳זאָל זיין!

איין מאָל לעבט מען, איין מאָל שטאַרבט מען,
איין מאָל קומט מען אָפּ דעם טאַנץ —
טאַנצט־זשע, ברידער, גאָט לכבוד
פלעכט אַ לעבעדיקן קראַנץ!

נישט קיין טאַטן, נישט קיין מאַמען,
נישט קיין גואל, נישט קיין פריינד

וואָס־זשע וואַרט איר? — כל ישראל,
אַלע זענען ברידער היינט!

אַלע, אַלע איינגעשלאָסן
אין איין גרויסן פעסטן רונג,
איינגעפלאָכטן בערד און לאָקן
שיך און זאָקן, אַלט און יונג.

און אָן אויפהער זאָל זיך ציען,
זאָל זיך שלענגלען אייער ראָד
פון דעם הקדש ביזן בית־עולם,
פון דעם שול־הויף ביז דער באָד.

נישט קיין ברויט און נישט קיין חלה,
נישט קיין פלייש און נישט קיין פיש —
וואָס־זשע זיצט איר? — פריילעך, ברידער!
כאַפּט א טאַנץ אַרום דעם טיש!

ברייטער, ברייטער און צעשפּרייטער
זאָל זיך דרייען אייער ראָד: —
ברייט, ווי טייכן, פליסט גאָטס נחת,
העכער הייזער — גאָטס גענאד!

יאָ, עס רינט פון באָרד און פאות,
יאָ, מען ווארגט זיך אזש פאַר גליק! —
טאַנצט־זשע, ברידער, האפּיי, שטאַרקער! —
און דאָס אייגענע צוריק!

נישט איין טראָפּן צו דערקוויקן,
אויסגעטריקנט ווי א קוואַל —
וואָס־זשע שמאכט איר? — נעמט דעם בעכער,
גיסט אים אָן מיט גרינער גאַל.

אויסגעזופּט — און נישט פאַרקרימט זיך,
נישט קיין ציטער אין די הענט!
זאָל אַ קרענק דער שונא וויסן,
וואָס אין האַרצן בראָט און ברענט.

העכער, העכער הויבט דעם בעכער,
הי — געלעבט! און הי — געקווועלט!

אויף צעפּוקעניש די שונאים,
אויף צו־להכעיס גאָר דער וועלט!

נישט קיין אמת, נישט קיין יושר,
נישט קיין רחמים,. נישט קיין דין —
נו, איז וואָס? דאָס רעדל דרייט זיך
אָן אַ ציל און אָן א זין.

כאַפּט־זשע, זייט אין ראָד אַ רעדל,
מישט זיך אויס און דרייט זיך נאָך,
אָפּ פון וועג זאָל יעדער גרענעץ,
אָפּ פון האַלדז זאָל יעדער יאָך!

הפקר, הפקר, אַלץ איז הפקר,
ווי ס'איז הפקר אונדזער בלוט!
א כפּרה הונדערט וועלטן
פאַר איין שעה פון דרייסט און מוט!



ל. פּאַסטערנאַק: כלי־זמרים

# 15 אויגוסט

## מאיר אלבערטאָן

סאָוויעטיש־יידישער שרייבער.

געב. 15.8.1900, אין בערשאַד, אוקראַינע. געשט. 20.11.1947 אין סאַ־ראַטאָוו.

דער ערשטער אריינגעבראַכט די אינדוסטריעלע טעמע אין דער יידישער ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד.

אין בוכפאָרם: „פּיאָדאָר זובקאָוו“, „שאַכטעס“, „נישט אויסגעטראַכט“, „ביראָבידזשאַן“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

צוויי באַקאַנטע יידן שטייען אויף דער גאַס און שמועסן צווישן זיך. קלאָגט זיך איינער פאַרן אַנדערן:

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן? עס איז שלעכט, וואָס שלעכט הייסט! איך זאָל וועלן אייך פאַנאַנדערלייגן מיין פעקל צרות, וואָלט איר געוווסט וואָס איך טראָג איבער טאָג־טעגלעך.

— נעמט זיך אַזוי ניט איבער — רופט זיך אָן דער אַנדערער — איר זענט ניט איינער ביי גאָט. איך אַליין, ווי איר קוקט מיך אָן, האָב אויך מיין אייגענעם פעקל. און ווו האָט איר גלאַט אַ יידן, איך בעט אייך, וואָס זאָל ניט האָבן זיין אייגן פעקל?

— מאָלט אייך — זאָגט דער ערשטער — ניט יעדער ייד. עס איז געווים פאַראַן ניט ווינציק אַזעלכע, וואָס זיי איז אמת גוט אויף דער וועלט און זיי ווייסן ניט צו זאָגן פון קיין שום פעקל.

— גלויבט עס ניט! איך זאָג אייך בפירוש, אַז יעדער ייד מוז זיך האָבן זיין אייגן פעקל.

— ווייסט איר וואָס? אָט לויפט אַקעגן אונדז א ייד, ווען מיר פרוון אים אַ פרעג טאָן:

— ר' ייד, זייט זשע מוחל, זאָגט, וואָס הערט זיך עפּעס וועגן אייער פעקל?

— וואָסער פעקל? וועלכער פעקל? — מאַכט דער ייד פאַרוווּנדערט, און ער לויפט ווייטער.

— זעט איר — זאָגט דער ערשטער — איך בין גערעכט. אָט האָט איר אַ יידן, וואָס הויבט גאָרניט אָן צו וויסן פון קיין שום פעקל.

— חס וחלילה מאַכט דער צווייטער — איר האָט א טעות אין פשט. דער דאָזי־קער ייד, פאַרשטייט איך מיך, האָט אויף זיך ניט איין פעקל נאָר גאַנצע צוויי, צי מער. אָט דערפאַר טאַקע האָט ער געוואָלט וויסן — וואָסער פעקל?

# 16 אויגוסט

## אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ



מ. טענענבוים-טאַמאַראָף

16 אויגוסט 1943 — אין מאָמענט ווען די היטלעריסטן זיינען צוגעטראָטן צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ, איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ אונטער דער אָנפירונג פון מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָף און דניאל מאָשקאָוויטש. דער אויפשטאַנד איז בלוטיק דערשטיקט געוואָרן נאָך 5 טעג קאַמף. איינצלנע צוזאַמענשטויסן האָבן געהאַט אָן אָרט אויך שפּעטער.

## יעקב-מאיר זאַלקינד

לינגוויסט.

געב. 16.8.1875, אין קאָברין, וואָלין. געשט. 25.12.1937, אין לאָנדאָן.

זיין לעבנסווערק: די איבערזעצונג פון תלמוד אין יידיש, פון וועלכער עס זיינען דערשינען די מסכתות „ברכות“ (1922), „פאה“ (1928), „דמאי“ (1929). י. מ. זאַלקינד האָט באַהערשט עטלעכע צענדליק שפּראַכן.

## ד״ר יעקב שאַצקי



היסטאָריקער.

געב. 16.8.1894, אין וואַרשע. געשט. 13.6.1956, אין ניו-יאָרק.

פון 1922 — אין אַמעריקע. פּאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטן אויף היסטאָרישע און ליטעראַריש-קריטישע טעמעס.

אין בוכפאָרם: „שפּינאָזאַ און זיין סביבה“, „די געשיכטע פון יידן אין וואַרשע“ (3 בענדער), „גזירת ת״ח“ מיט אַן איבערזעצונג פון „יון מצולה“ („דער טיפער זומפּ“), „גאָלדפאַדען-בוך“, „250 יאָר יידישע פּרעסע“, „די יידן אין פוילן פון 1772 ביז 1914“, „אין שאָטן פון עבר“.

# 17 אויגוסט

ח. רויזענבלאַט

## דער העלד

מעדאַלן האָט דריי מיר געשאָנקען דער קעניג
און האָט נאָך דערצו מיר די פרייהייט געשאָנקען;
אַ העלד בין איך, ליבסטע, איז דאָס דיר נאָך ווייניק?

איין האַנט האָב איך מקריב געווען פאַר מיין קעניג,
די צווייטע וועט העלדיש און טריי דיך אומארמען —
און איז דיר איין אָרעם, מיין טייערסטע, ווייניק?

מיין היים — פאַר דעם צינז האָט פאַרנומען דער קעניג,
דערפאַר אָבער האָט ער די לענדער פון שונא
עראָבערט... מיין ליבסטע, איז דאָס דען נאָך ווייניק?!

איין האַנט... דריי מעדאַלן... אַ העלד ביי מיין קעניג!
און יעדערער קומט דאָך אונדז שענקען מיט חשק
א שיינע נדבה. איז דאָס דיר נאָך ווייניק?

# 18 אויגוסט

## שלום שוואַרצבאָרד



געב. 18.8.1886, אין איזמאַיל, בעסאַראַביע. געשט. 2.3.1938, אין דרום־אַפריקע.

דעם 26 מאַי 1926 דערשאָסן אין פּאַריז דעם אוק־ראַיִנישן אַטאַמאַן פּעטליורע אַלס נקמה פאַר די פּאָגראָ־מען, וואָס זיינע באַנדעס האָבן דורכגעפירט בעתן בירגער־קריג אין רוסלאַנד. אין רעזולטאַט פון א גרויסער געזעלשאַפטלעכער קאַמפּאַניע איז שוואַרצבאָרד דורכן פראַנצויזישן געריכט געוואָרן באַפרייט.

אין 1920 אַרויסגעגעבן א ביכל לידער „טרוימען און ווירקלעכקייט".

## יוסף ראָלניק



דיכטער.

געב. אין 1879, אין דאָרף זשוכאָוויטש, לעבן מיר, מינ־סקער גובערניע, ווייסרוסלאַנד. געשט. 18.8.1955, אין ניו־יאָרק.

זיין פּאָעזיע צייכנט זיך אויס מיט שטילער ליריק און פאַרליבטקייט אין דער נאַטור.

אין בוכפאָרם: „אויפן זאַמדיקן וועג", „לידער", „צום שטערן רוים", „לידער פון יוסף ראָלניק", „א פענצטער צו דרום", „געקליבענע לידער" און א בוך „זכרונות".

### י. ראָלניק

## נאָך דאַנקען גאָט

נאָך דאַנקען גאָט,<br>וואָס קיינער ווייס<br>אַוו איך ווין,<br>און ווו איך ווין.<br>איך בין אַליין.<br>נאָך דאַנקען גאָט.

ווען ס'ווערט מיר ענג,<br>קום איך צוגיין<br>צו מיר אַליין<br>און וויין זיך אויס<br>אין קישנס שוים.<br>נאָך דאַנקען גאָט,<br>נאָך דאַנקען גאָט.

# 19 אויגוסט

## פּיער־זשאַן בעראַנזשע



פראַנצויזישער פאָלקס־דיכטער.

געב. 1780.8.19, אין פּאַריז, אין דער משפּחה פון א קליינעם אָנגעשטעלטן. געשט. 1857.7.16, דאָרטן.

געלעבט אין גרוים נויט. אין זיינע לידער געשמיסן די קעניגלעכע מאַכט, די מעמפקעפיקע הויפליים, דעם קלער, פאָרוואַרפנדיק זיי פאַראַט פון די פאָלקס־אינטערעסן, פאַרוואָס פארמשפט געוואָרן צו תפיסה. געווען זייער באַליבט ביים פאָלק און האָט מיט זיין שאַפן באַווירקט די פראַנצויזישע דיכטונג.

## מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי

העברעיש־יידישער שרייבער.

געב. 1865.8.19, אין מעדזשיבאָזש, אוקראַינע. געשט. 1921.11.18, אין בערלין.

א וויכטיק אָרט אין זיין שאַפן פאַרנעמען זיינע „יודישע כתבים פון א וויטן קרוב" אין 6 בענדער און „אַלט־יידישע לעגענדעס".

## קלמן ליס

דיכטער.

געב. אין 1903, אין קאָוועל, וואָלין. אומגעקומען דעם 19 אויגוסט 1942, אין אָטוואָצק.

א ריי יאָרן געלעבט אין אָטוואָצק, וו געשטאַנען בראש פון אן אנשטאַלט פאַר דעפעקטיווע קינדער. דעם 16 אויגוסט 1942 זענען די היטלעריסטן באַפאַלן דעם אנשטאַלט און אויסגעשאָסן די קינדער. ליסן איז געלונגען צו אנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן ביי א פויער. דעם 19־טן האָבן אים די דייטשן געפונען און דערשאָסן אויפן אָרט.

אין בוכפאָרם: „וואָלינער שליאַכן" (לידער און פּאָעמעס), „ווינטער אין דאָרף", „פרילינגס־ווינטן" (לידער אויף רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון), „דאָס ליד פון פעטער באַטראַק" (פּאָעמע), „קינד און ריינד", „ערד און ווייב" (לירישע מאָטיוון און ליבע־לידער).

# 20 אויגוסט

## שאַרל דע קאָסטער



בעלגיש־פראַנצויזישער שרייבער.

געב. 1827.8.20, אין מינכען. געשט. 1879.5.7, אין איקסעל, בעלגיע.

געאַרבעט אלס באַנק־אָנגעשטעלטער, זשורנאַליסט, אַר־כיוו־באַאַמטער. געלעבט אין נויט און אין איינזאַמקייט. מחבר פון „פלעמישע לעגענדן", „בראַבאַנטער געשיכטן" און דער עיקר פון וועלט־באַרימטן ראָמאַן „די לעגענדע וועגן טיל אולענשפיגעל".

## באָלעסלאַוו פרוס
## (אַלעקסאַנדער גלאָוואַצקי)

פוילישער שרייבער.

געב. 1845.8.20, ביי הרוביעשאָוו, אין א פאַראָרעמטער שלאַכטישער משפחה. געשט. 1912.5.19, אין וואַרשע.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע פוילישע פּראָזאיקער — רעאַליסטן. וויכ־טיקסטע ווערק: „די ליאַלקע", „דער פאַראָאָסטן", „פרעה", „עמאַנציפּאַנטקעס", „קינדער".

## יוסף קלויזנער

העברעישער שריפטשטעלער און היסטאָריקער.

געב. 1874 .8.20, אין אלקעניק, ווילנער קאַנט. געשט. 1958 .10.27, אין תל־אביב.

פון אָנהייב געשריבן אויך אין יידיש, שפּעטער געוואָרן איינער פון אירע שונאים.

וויכטיקסטע ווערק: „יידישע געשיכטע", „געשיכטע פון דער ניי־העברעישער ליטעראַטור".

## שאול טשערניכאָווסקי



העברעישער דיכטער.

געב. 1875 .8.20, אין דאָרף מיכיילאָווקע, קרים. געשט. 1943.7.24, אין תל־אביב.

ווערט ביינאַנד מיט ח. נ. ביאַליקן פאַררעכנט צו די קלאַסיקער פון דער נייער העברעישער פּאָעזיע, ווי דער דיכטער פון שיינקייט און לעבנס־פרייד. האָט אויך פיל איבערגעזעצט, אין דעם פון האָמער, אנאקרעאָן, סאָפאָק־לעס, פּלאַטאָן, געטע א. אנד.

## גרשם באַדער



שריפטשטעלער.

געב. 1868.8.21, אין קראָקע. געשט. 1953.11.11, אין ניו־יאָרק.

גרינדער פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין גאַליציע („טאָגע־בלאַט“, לעמבערג, 1904), אַרויסגעבער פון „יודישן פאָלקס־קאַלענדאַר“. פון 1912 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „דרייסיק דורות יידן אין פוילן“, „מייגע זכרונות“ א. אנד.

## מיכל געלבאַרט

מוזיקאָלאָג.

געב. 1889.8.21, אין אזערקאָוו לעבן לאָדזש. געשט. 1962.12.23, אין ניו־יאָרק.

דיריגענט פון יידישע כאָרן אין פוילן. זינט 1912 — אין אַמעריקע. געשריבן וועגן יידישער מוזיק, אַליין אויך פאַרפאַסט מוזיק צו לידער פון יידישע דיכטער. מחבר פון 6 קינדער־אָפּערעטעס.

אין בוכפאָרם: „לאָמיר, קינדער, זינגען“, „זינגען קינדער“, „פיר קינדער־אָפּערעטעס“, „לאָמיר זינגען“, „יום־טובים און פייערונגען“, „געזאַנגען“, „פון משוררים־לעבן“, „זינגט מיט מיר“, „לידער פון די געטאָס און לאַגערן“, „טעאַטער־שפּיל“, „זעקס אָפּערעטעס“ א. א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ פּען האָט צווי שפּיצן, מען קאָן זיך צעשטעכן און יענעם.

אַ פּען איז גוט — אַז מען קען.

א שעמעוודיקער קאָן קיין למדן נישט זיין.

א שיכור קאָן זיך אויסשלאָפן, אָבער אַ נאַר קאָן נישט קליגער ווערן.

# 22 אויגוסט

## שלום זשירמאַן



דיכטער.

[געב. אין אויגוסט 1908, אין ווילנע. אומגעקומען אין 1941.]

סטאָליער־ארבעטער. פון דער פריסטער יוגנט געווען טעטיק אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון פוילן. פיל מאָל געזעסן אין די פוילישע תפיסות. געווען פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע.

דעביוטירט מיט לידער אין דער „ליטעראַרישער טריבונע" (לאָדזש, 1930—1933), שפּעטער געשריבן אין „ביאַליסטאָקער שטערן", קאָוונער „שטראַלן" „ווילנער צײַטונג" א. א.

אין בוכפאָרם: „דורך גראַטעס" (מאָסקווע, 1940).

## לוציאַן שענוואַלד



פּוילישער דיכטער און רעוואָלוציאָנערער טוער (פון יידישער אָפּשטאַמונג).

געב. אין 1909, אין וואַרשע. אומגעקומען 1944.8.22, אין די שלאַכטן פון דער ערשטער אַרמיי פון פוילישן פאָלקס־מיליטער מיטן היטלעריסטישן אָקופּאַנט ביי גאַרוואָלין לעבן וואַרשע.

דעביוטירט צוזאַמען מיט דער ליטעראַרישער גרופּע „קוואַדריגאַ".

ווערק: „סצענע ביים קוואַלבל" (פּאָעמע) און די זאַמלונג „פון פריינדלעכן לאַנד קיין פוילן".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אין אַ קהלשער קליאַמקע איז זיך גוט אָנצוהאַלטן.

צו קהל דערלייגט מען נישט.

וואָס פאַראַ קהילה, אַזאַ פּרנס.

אַ פּרנס מעג זיין גרויס ווי אַ האָן, זיצט ער פאָרט אויבן אָן.

# 23 אויגוסט

## סאַקאָ און וואַנצעטי

23 אויגוסט 1927 — אומגעבראַכט אויף דער עלעקטרישער שטול די צוויי אַמעריקאַנער אַרבעטער־טוער פון איטאַליענישער אָפּשטאַ־מונג — ניקאָלאַ סאַקאָ און באַרטאָלאָמעאָ וואַנ־צעטי.

## מרים אולינאָווער

דיכטערין.

[געב. אין 1890, אין לאָדזש. אומגעקומען וואַרשיינלעך אין אויגוסט 1944, אין אַושוויענטשים, וווהין אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאָדזשער געטאָ].

דעביוטירט אין 1916 מיט לידער אין די לאָדזשער צייטונגען און זשור־נאַלן. אין בוכפאָרם אַרויסגעגעבן איין לידער־זאַמלונג א. נ. „פון מיין באָבעס אוצר" (מיט א פאָררעדע פון דוד פרישמאַן).

מרים אולינאָווער

* * *

ווען כ'האָב פון ליבן שטעטעלע פאַרטרויערט זיך צעשיידט
האָט מיר דער ויידע ביז צום טייך געגעבן דאָס באַגלייט;
די פרילינגס־זון האָט אויפגעשיינט, דער הימל זיך צעבלויט,
דער זיידע האָט ביים שייד־וועג מיר אַ בריוול אָנגעטרויט.

פאַרלאָרן האָב איך אים, דעם בריוו, און גיי ארום פאַרקלעמט:
אַ שפּאַס — אָן יחוס־בריוועלע צו בלייבן אין דער פרעמד!
ווער ווייסט, צי ס'ליגט נישט ערגעץ דאָרט מיט זאַמד און שטויב באַדעקט,
צי זענען מיינע אבות נישט געוואָרן אויסגעמעקט...

די פרילינגס־זון האָט שטיל און מילד קיין מערב זיך געררוקט, —
עס וואַקסט, עס שטייגט מיין בענקשאַפט, כ'גיי שיר פאַר צער נישט אויס —
ווו איז דאָס יחוס־בריוועלע פון אונדזער אלטן הויז?

# 24 אויגוסט

## אַבְרָהם שטערן



מאַטעמאַטיקער און דערפינדער.

[געב. אין 1762 (1769?), אין הרוביעשאָוו, פוילן. געשט. אין 1842, אין וואַרשע].

פון פאַך — א זייגערמאַכער, האָט ער אַריינגעטראָגן אַ גאַנצע ריי אויסבעסערונגען אין זייגער־מעכאַניזם. ביי דער מיטהילף פון באַוווסטן פוילישן געזעלשאפטלעכן טוער און שריפטשטעלער סטאַשיץ איז ער געפאָרן קיין וואַרשע שטודירן מאַטעמאַטיק. אין 1812 דערפונדן א רעכן־מאַשין, שפעטער אַ דרעש־מאַשין. אין 1815 האָט שטערן דעמאָנסטרירט זיין רעכן־מאַשין אין דער פוילישער „קעניגלעכער געזעלשאפט פריינד פון דער וויסנשאפט“. אויך געשריבן שירים אין העברעיש.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַז מען האָט נישט קיין אתרוג בענטשט מען נישט.

עקשנות איז די גרעסטע קרענק.

אַז די טיר איז אָפן, דאַרף מען נישט קריכן דורכן פענצטער.

דער הונט איז ווערט דעם שטעקן.

טאַקע א הונט, אָבער אָן ציין.

א געשלאָגענעם הונט וויזט מען נישט קיין שטעקן.

אויף אן אמת איז גוט עדות צו זאָגן.

אַ ליטוואַק טוט תשובה נאָך פאַר דער עבירה.

וואָס זענט איר, פעטער — אַ לץ, צי אַ פאָדליעץ?

פון אַ געמיינער בולבע קומט אַרויס די פיינסטע לאַטקע.

# 25 אויגוסט



## ערנסט טעלמאַן

געב. 1886.4.16. דערמאָרדעט 1944.8.25, אין היטלער־ריסטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכענוואַלד, וווּהין פאַרשיקט געוואָרן אין 1933, באַלד נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט.

פירער פון דייטשישן אַרבעטער־קלאַס, פאָרזיצער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון דייטשלאַנד, קאָמוניסטישער קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

מען מיינט נישט די הגדה נאָר די קניידלעך.

דאָס היטל איז גוט נאָר דער קאָפּ איז צו קליין.

דאָס לעצטע העמד צו פאַרקויפן און אַ גביר זאָל מען זיין.

ווען פרייט זיך אַ הויקער? ווען ער זעט אַ צווייטן.

א הונט בלייבט אַ הונט.

א הונט וואָס בילט בייסט נישט.

א הונט שיקט מען נישט אין יאַטקע אַריין.

ביסטו אַ הונט זיי־זשע נישט קיין חזיר.

ווער עס גייט נישט מיט דער צייט, דערגייט נישט ווייט.

גיב שטענדיק זיך אַליין אַן עצה און קום נישט אָן צו יענעמס פליצע.

איידער עס קומט די נחמה, גייט אויס די נשמה.

# 26 אויגוסט

## יעקב לעשטשינסקי

עקאָנאָמיסט־סטאַטיסטיקער.

געב. 1876.8.26, אין האָראָדישטש, קיעווער געגנט, אוקראַינע. געשט. אין 90 לעבנסיאָר, דעם 1966.3.20, אין ירושלים.

דעביוטירט מיט אן ארבעט „סטאַטיסטיק פון איינער א שטאָט". מיטגעאַרבעט אין פיל צייטונגען און פעריאָדישע אויסגאַבעס ווי אויך אויסגאַבעס פון ענציקלאָפּעדישן כאַראַקטער. איינער פון די איניציאַטאָרן פון ייוואָ, אָנפירער פון זיין עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע און רעדאַקטאָר פון די ייוואָ־אויסגאַבעס „בלעטער פאַר יידישער דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק", „עקאָנאָמישע שריפטן", „יידישע עקאָנאָמיק". מחבר פון פיל בראָשורן און גרעסערע ווערק אויף עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע טעמעס. געלעבט אין דייטשלאַנד, לעטלאַנד (ריגע), פוילן (1938—1934), ניו־יאָרק און לסוף אין מדינת ישראל.

וויכטיקסטע ווערק: „דער יידישער אַרבעטער אין רוסלאַנד", „דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די יידן אין רוסלאַנד", „דאָס יידישע פאָלק אין ציפערן", „די יידישע וואַנדערונגען פאַר די לעצטע 25 יאָר", „די אנטוויקלונג פון יידישן פאָלק פאַר די לעצטע 100 יאָר", „די יידן אין פוילן", „דער יידישער עקאָנאָמישער חורבן נאָך דער וועלט־מלחמה אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע", „די צאָל יידן אין דער וועלט", „וואוהין גייען מיר? יידישע וואַנדערונגען אמאָל און היינט", „אויפן ראַנד פון אָפּגרונט, יידיש לעבן אין פוילן 1927—1933", „ערב־חורבן פון יידישן לעבן אין פוילן 1935—1937", „דאָס נאַציאָנאַלע פנים פון גלות־יידנטום".

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

ווי דעם, וואָס איז גערעכט.

מיטן ליגן קומט מען ווייט אָבער נישט צוריק.

בעסער אַ מיאוסער אמת אייידער אַ שיינער ליגן.

ביי אַ מאָלער קאָן אַלץ געמאָלט זיין.

מען קאָן מיט אַ שפּענדל די ווילע נישט פאַרשפּאַרן.

מען קאַן מיט אַ לעפל דעם ים נישט אויסשעפּן.

# 27 אויגוסט

## וועטשעליאָ די קאַדאָרע טיציאַן



איטאַליענישער מאָלער. איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון רענעסאַנס און פון דער א. ג. „ווענעציאַ־נער שול“.

געב. אין 1477, אין פיעווע־די קאַדאָרע. געשט. 1576.8.27, אין ווענעציע, וווּ ס׳איז פאַרלאָפן כמעט זיין גאַנץ לעבן.

קאָמפּאָזיציעס אויף היסטאָרישער, מיטאָלאָגישער און רעליגיעזער טעמאַטיק. מייסטער פון פּאָרטרעט.

## געאָרג ווילהעלם פרידריך העגעל



דייטשישער פילאָזאָף־אידעאַליסט.

געב. 1770.8.27, אין שטוטגאַרט. געשט. 1831.11.14, אין בערלין.

געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין טיובינגען. פּראָפעסאָר פון די אוניווערסיטעטן אין יענאַ, היידעלבערג און בערלין.

וויכטיקסטע ווערק: „אַריינפיר אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע“, „פענאָמענאָלאָגיע פון גייסט“ „גרונט־ריכטונגען פון דער פילאָזאָפיע פון רעכט“, „די לערע וועגן לאָגיק“.

## טעאָדאָר דרייזער



אַמעריקאַנער שרייבער.

געב. 1871.8.27, אין טער האָט (שטאַט אינדיאַנאַ), אין דער משפחה פון א פאַראָרעמטן קליינעם אונטערנע־מער — עמיגראַנט. געשט. 1945.12.28, אין האָליוווּד.

צו 14 יאָר אָוועק אַרבעטן און געטאָן פאַרשיידענע מלאכות. דעביוטירט אין 1897 מיט דערציילונגען. האָרט פאַר זיין טויט אַריינגעטראָטן אין דער אמעריקאַנער קאָ־מוניסטישער פּאַרטיי.

וויכטיקסטע ווערק: „די שוועסטער קערי“, „דער געני“, די טרילאָגיע: „דער פינאַנסיסט“, „דער טיטאַן“, „דער סטאָיקער“, „די אַמערי־קאַנער טראַגעדיע“.

## שמואל־אבא האָראָדעצקי

פאָרשער און היסטאָריקער.

געב. 1871.8.27, אין מאלין, קיעווער גובערניע. געשט. 1957.5.25, אין תל־אביב.

אויטאָר פון א ריי ווערק אין העברעיש און יידיש: „ר׳ שלמה לוריע“, „ר׳ עקיבא“, „דער חסידיזם און זיינע פירער“, „קבלה און מקובלים“.

## יוסף בודקאָ

מאָלער און גראַפיקער.

געב. 1888.8.27, אין פלאנסק, פוילן, אין אַ חסידישער היים. געשט. 1940.6.16, אין ירושלים.

יונגערהייט אַוועק קיין ווארשע און פון דאָרט קיין בערלין. דאָרטן האָט זיך מיט בודקאָן פאַראינטערעסירט דער קינסטלער הערמאַן סטרוק, וועלכער האָט פיל מיטגעווירקט צו זיין אנטוויקלונג.

וויכטיקסטע ווערק: אילוסטראַציעס צו דער הגדה און צו היינעס „רבי פון באכראך“.



י בודקאָ: אַלטער ייד

# 28 אויגוסט

## יאָהאַן־וואָלפגאַנג געטע



קלאַסיקער פון דער דייטשישער ליטעראַטור.
געב. 28.8.1749, אין פראַנקפורטביים מאַין. געשט. 22.3.1832, אין ווייַמאַר.
וויכטיקסטע ווערק: „געץ פון בערליכינגען", „די ליידן פון יונגן ווערטער", „עגמאָנט", „טאָרקוואַטאָ טאַסאָ", „די לערן־יאָרן פון ווילהעלם מייסטער", „די וואַנדער־יאָרן פון ווילהעלם מייסטער" און „פאַוסט" (אויף וואָס געאַרבעט פון 1773 ביז 1832. ד. ה. ביזן סאַמע טויט).



ע. זאַק: דער רויבערער

# 29 אויגוסט

## יעקב דינעזאָן



שרייבער.
געב. אין 1856, אין נײַ־זאַגער, ליטע. געשט. 1919.8.29, אין וואַרשע. (באַערדיקט צוזאַמען מיט י. ל. פּרץ און ש. אַנסקי אין „אוהל פּרץ״).
שעפער פון סענטימענטאַלן יידישן ראָמאַן.
אין בוכפאָרם: „אבן נגף, אָדער אַ שטיין אין וועג״, „הערשעלע״, „יאָסעלע״, „זכרונות און בילדער״ א. אנד.

## מאָריס מעטערלינק



בעלגישער דיכטער און דראַמאַטורג.
געב. 1862.8.29, אין גענט. געשט. 1949.5.6, אין אָר־לאַמאָנדע, ביי ניצע.
לאַורעאַט פון דער נאָבל־פּרעמיע פאַרן יאָר 1911.
וויכטיקסטע ווערק: „די בלינדע״, „מאָנאַ וואַנאַ״, „דער בלויער פויגל״, „פּעלעאַס און מעליזאַנדע״, „דאָס לעבן פון די בינען״.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

פרעג נישט דעם רופא, פרעג דעם חולה.

ווען תהילים זאָל זיין אַ רפואה וואָלט מען עס פאַרקויפט אין אַפּטייק.

אַז דער קראַנקער גייט צום דאָקטער ווערט געהאָלפן — דער דאָקטער.

שפּיי נישט אין ברונעם, וועסט נאָך פון אים דאַרפן טרינקען.

# 30 אויגוסט

## טשערנאָוויצער יידישע שפּראַך־קאָנפערעץ

דעם 30 אויגוסט 1908 האָט זיך אין טשערנאָוויץ געעפנט די ערשטע יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ, וואָס האָט אָפּגעשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער קולטור און ליטעראַטור. צווישן אירע איניציאַטאָרן זענען געווען י. ל. פּרץ, ד״ר ח. זשיטלאָווסקי, ה. ד. נאָמבערג, נתן בירנבוים א. א.

## איסאַק (יצחק) לעוויטאַן



מאָלער פון רוסישן פּייזאַזש.
געב. 30.8.1861, אין שטעטעלע קיבאַרט, ליטע, אין אַן אָרעמער יידישער משפּחה. געשט. 4.8.1900, אין מאָסקווע.
אין 1892 האָט די צאַרישע מאַכט געוואָלט לעוויטאַנען אַרויסשיקן פון מאָסקווע, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין וווין־רעכט („פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“). אין 5 יאָר שפּע־טער — באַקומען דעם טיטל אַקאַדעמיקער. איבער־גע־לאָזן אַרום 1000 בילדער און עטיודן.



א. לעוויטאַן: רוסישער פּייזאַזש

# 31 אויגוסט

## ביניש שטיימאַן

שרייבער־דראַמאַטורג.

געב. אין 1897, אין קרעסלאַווקע, לעטלאַנד. אומגעקומען דעם 31.8.1919, אין עלטער פון 22 יאָר, אין זעלבסטשוץ אין אוקראַינע.

זיינע ווערק זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט נאָך זיין טויט: „משיח בן יוסף", „ביים טויער", „דאָס רויטע קינד".

## מ. ל. האַלפּערן *

### מעמענטאָ מאָרי

און אַז משה־לייב, דער פּאָעט, וועט דערציילן,
אַז ער האָט דעם טויט אויף די כוואַליעס געזען,
אַזוי ווי מען זעט זיך אַליין אין אַ שפּיגל,
און דאָס אין דער פרי גאָר, אַזוי אַרום צען —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה־לייבן?

און אַז משה־לייב האָט דעם טויט פון דער ווייטן
באַגריסט מיט אַ האַנט און געפרעגט ווי עס גייט?
און דווקא בעת ס'האָבן מענטשן פיל טויזנט
אין וואַסער זיך ווילד מיט דעם לעבן געפרייט —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה־לייבן?

און אַז משה־לייב וועט מיט טרערן זיך שווערן,
אַז ס'האָט צו דעם טויט אים געצויגן אַזוי,
אַזוי ווי עס ציט אַ פאַרבענקטן אין אָוונט

צום פענצטער פון זיינס אַ פאַרהייליקטער פרוי —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה־לייבן?
און אַז משה־לייב וועט דעם טויט פאַר זיי מאָלן
ניט גרוי און ניט פינצטער, נאָר פאַרבן־רייך שיין,
אַזוי ווי ער האָט אַרום צען זיך באַוויזן
דאָרט ווייט צווישן הימל און כוואַליעס אַליין —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה־לייבן?

---

* געשטאָרבן, דעם 31 אויגוסט 1932.

# 1 סעפּטעמבער

## אָנפֿאַל פֿון היטלער־דייטשלאַנד אויף פּוילן און אָנהייב פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה

1 סעפּטעמבער 1939 — אָנפֿאַל פֿון היטלער־דייטשלאַנד אויף פּוילן, האָבנדיק אַ גוואַלדיקע איבערוואָג אין טאַנקן, עראָפּלאַנען, זענען די דייטשישע אַרמייען אַריבער די פּוילישע גרענעצן. די לעצטע קאַמפֿן פֿון רעגולערן פּוילישן מיליטער זענען פֿאָרגעקומען אין אָקטאָבער ביי קאָצק. די פּוילישע רעגירונג און מיליטערישע הויפּט־אָנפֿירערשאַפֿט האָבן פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד און אַריבער אויף דער רומענישער טעריטאָריע. דעם 3 סעפּטעמבער האָבן ענגלאַנד און פֿראַנקרייך דערקלערט קריג דייטשלאַנד, אָבער נישט געפֿירט קיין אַקטיווע מלחמה־אָפּעראַציעס. אין 1940 אָקופּירן די היטלעריסטן דענעמאַרק און נאָרוועגיע, שפּעטער בעלגיע, האָלאַנד און לוקסעמבורג און הייבן אָן אַן אָפֿענסיווע קעגן פֿראַנקרייך. איטאַליע טרעט אַרויס אויף דער זייט פֿון דייטשלאַנד. דעם 22 יוני קאַפּיטולירט פֿראַנקרייך. דייטשלאַנד, איטאַליע און יאַפּאַן שליסן דעם „פּאַקט פֿון דריי", צו וועלכן עס זענען שפּעטער צוגעשטאַנען אונגאַרן, רומעניע, סלאָוואַקיע, בולגאַריע. דעם 22 יוני 1941 זענען די דייטשן באַפֿאַלן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד. אין דעצעמבער 1941 האָבן די יאַפּאַנער אַטאַקירט די אַמעריקאַנער ים־באַזע אין פּירל האַרבאָר. דייטשלאַנד און איטאַליע דערקלערן קריג די פֿאַראייניקטע שטאַטן. די ערשטע גרויסע מפּלה האָבן די דייטשן געליטן ביי מאָסקווע (1942) און דאַן ביי סטאַלינגראַד אין פֿעברואַר 1943. די פֿאַרבינדעטע עפֿענען אַ נייעם פֿראָנט אין מערב־אייראָפּע, און איטאַליע, וועלכע קאַפּיטולירט. די פֿאַרבינדעטע לאַנדן אין נאָרמאַנדיע, פֿראַנקרייך (יוני 1944). דעם 2 מאַי 1945 קאַפּיטולירט בערלין, דעם 8 מאַי — די פֿולשטענדיקע קאַפּיטולאַציע פֿון היטלער־דייטשלאַנד. אין סעפּטעמבער קאַפּיטולירט יאַפּאַן.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אָנטיילגענומען 60 לענדער מיט אַ מיליאַרד און 700 מיליאָן איינוווינער. די צאָל געפֿאַלענע זעלנער ווערט אָפּגעשאַצט אויף אַן ערך 30 מיליאָן, נישט רעכענענדיק די מיליאָנען פֿון דער פֿרידלעכער באַפֿעלקערונג, אין דעם 6 מיליאָן ייִדן, אומגעבראַכטע דורך די היטלעריסטן אין די געטאָס און פֿאַרשידענע לאַגערן.

# „פּראָלעטאַריאַט“

1 ס ע פּ ט ע מ ב ע ר 1882 — אַנטשטאַנען די ערשטע פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט“ („I פּראָלעטאַריאַט“ אָדער דער „גרויסער פּראָלעטאַריאַט“, 86—1882). איר גרינדער איז געווען לודוויק וואַרינסקי. די געשיכטע פון „ערשטן פּראָלעטאַריאַט“ האָט זיך פאַרענדיקט מיט א גרויסן פּראָצעס קעגן 29 אָנגעזעענע טוער פון דער פּאַרטיי. פיר פון זיי — קוניצקי, באַרדאָווסקי, פּעטרושינסקי און אָסאָווסקי — זענען אויפגעהאַנגען געוואָרן אין דער וואַרשעווער ציטאַדעל. וואַרינסקי איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף 16 יאָר קאַטאָרגע און איז געשטאָרבן אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

דער „II פּראָלעטאַריאַט“ איז אַנטשטאַנען אין 1887, אונטער דער אָנפירונג פון ל. קולטשיצקי און מ. קאַספּזשאַק און האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1892

דער „III פּראָלעטאַריאַט“ אָדער „פּפּס — פּראָלעטאַריאַט“ איז געשאַפן געוואָרן אין 1900 דורך ל. קולטשיצקין און האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1905.




„ניקע“ — דער סימבאָל פון זיג

# 2 סעפּטעמבער

## יאָזעף ראָט

עסטרייכישער ראָמאַניסט פון יידישער אָפּשטאַמונג.

געב. 1894.9.2, אין בראָד, גאַליציע. געשט. 1939.5.27, אין פּאַריז. נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך, וווּ ער איז געשטאָרבן.

וויכטיקסטע ווערק: „האָטעל סאַוואָי“, „בונט“, „ציפּער און זיין טאַטע“, „איוב“, „ראַדעצקי־מאַרש“, „די קריפּטע פון די קאַפּוצינער“, „לויתן“ (נאָוועלן).

ה. רויזענבלאַט

## דן און דאָניאַ

דן האָט צוויי פאַהלעך שוואַרצע
און דאָניאַ צוויי גאָלדענע צעפּ.
דן איז דער עלוי פון שטעטל
און דאָניאַ די מלכה פון סטעפּ.
דן גייט באַגינען אין קלייזל,
זיין אויג האַלב פאַרכמאַרעט פון שלאָף.
דאָניאַ מיט זון אויף די ברעמען
צום סטעפּ טרייבט אַרויס אירע שאָף.
דן געגנט אָן די פּאַסטושקע
און לאָזט שטום די אויגן אַראָפּ:
דאָניאַ, פאַרשעמט טוט אַ שמייכל
און לאָזט שטיל אַרונטער דעם קאָפּ.
דן זיצט ביים לערנען און ס'ציט זיך
דער טאָג עפּעס לאַנג אָן אַ סוף,
אים דוכט זיך: דאָס בלאַט איז אַ לאָנקע,
די אותיות — אַ טשערעדע שאָף...
דאָניאַ זי היט זיך איר סטאַדע,
געקרייזלטע לעמער און טראַכט:
עפּעס פון פאַהלעך שיינע,
געקרייזלט און שוואַרץ ווי די נאַכט.
דן גייט טאָג־טעגלעך אין קלייזל
און דאָניאַ טאָג־טעגלעך אין סטעפּ.
דן האָט צוויי פאַהלעך שוואַרצע
און דאָניאַ צוויי גאָלדענע צעפּ.

# 3 סעפּטעמבער

## שלמה אבן גבירול

פילאָזאָף און דיכטער פון דער אַראַבישער תקופה אין שפּאַניע. דער ערשטער גרויסער דיכטער, וואָס האָט שפּאַנישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן.

[געב. אין 1021, אין מאַלאַגע, שפּאַניע, געשט. אין 1070, אין וואַלענציע [לויט אַנדערע קוועלן — אין 1058].

פון אבן גבירולס פּאָעטישער ירושה איז צו אונדז דערגאַנגען אַן ערך 300 לידער. זיין גרעסטע לידער־זאַמלונג איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „כתב מלכות". אַ טייל פון זיינע לידער זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש דורך י. י. שוואַרץ.

שלמה אבן גבירול

### איך בין האַר...

איך בין האַר — און דאָס ליד איז מיין קנעכט,
כ׳בין פּאַר זינגער און דיכטער די האַרף;
און מיין ליד איז אַ דימענט אין קרוין
פון אַ מלך, — געשליפן און שאַרף.
און מיין גוף גייט אַרום אויף דער ערד,
און עס שוועבט אין די הימלען מיין גייסט:
זעכצן יאָר בין איך אַלט, און מיין האַרץ
איז פאַרשטענדיק, ווי ס׳האַרץ פון אַ גרייז.

יידיש: י. י. שוואַרץ

# 4 סעפּטעמבער



## יוליוש סלאָוואַצקי

פּוילישער פּאָעט און דראַמאַטורג.
געב. 1809.9.4, אין קרעמעניעץ. געשט. 1849.4.3, אין פּאַריז.
וויכטיקסטע ווערק: „הוגאָ“, „דער מאָנאַד“, „יאַן ביעלעצקי“, „מאַריאַ סטואַרט“, „קאָרדיאַן“, „באַלאַדינע“, „לילאַ ווענעדאַ“, „מאַזעפּע“, „דער חלום פון דער זילבערנער סאַלאָמיי“, „אַנהעלי“, „בעניאָווסקי“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דריי זאַכן זענען שענער נאָכן טויט ווי ביים לעבן: אַ בוריק, אַ ראַק און אַ ליטוואַק.

די קאַץ שפּילט זיך מיט דער מויז, אָבער אָפּלאָזן לאָזט זי זי נישט אָפּ.

וווּ שלום דאָרט איז ברכה.

ביי שלום־בית איז מען צופרידן פון אַ כזית.

דאָס בעסטע פערד דאַרף האָבן אַ בייטש און דער קליגסטער מענטש אַן עצה.

פון על חטא ווערט מען נישט פעט.

קויפסט אַ הויז, פרעג זיך נאָך ווער זענען דיינע שכנים.

אַז עס ברענט ביים שכן ביסטו אויך אין סכנה.

פון דעם בעסטן קאַרפּ קאָן מען נאָר האָבן איין קאַרפּנקאָפּ.

זיכער איז מען נאָר מיטן טויט.

אויף יעדער קשיה איז דאָ אַ תירוץ.

פון איין אָקס קאָן מען קיין צוויי פעלן נישט שינדן.

# 5 סעפּטעמבער

## דזשאַקאָמאָ מייערבער

### (זשאַק ליבערמאַן בער)



קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 5.9.1791, אין בערלין. געשט. 2.5.1864, אין פּאַריז.
אַ קרוב האָט אים איבערגעלאָזט אַ ירושה, בתנאי ער זאָל צוגעבן צו זיין פאַמיליע בער אויך דעם קרובס נאָמען: מאיר. פון דאַנען — מייערבער.
מחבר פון די אָפּערעס: „יפתּחס טאָכטער“, „הוגענאָטן“, „דער נביא“, „די אַפריקאַנערין“ א. אנד.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דער שמש קלאַפּט „אין שול אַריין“ און לייגט זיך אַליין שלאָפן.

וויבאַלד דער באָק האָט הערנער שטויסט ער זיך שוין אויך.

ווען אַ חזיר וואָלט געהאַט הערנער וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט.

ווי די שׂררות אַזוי איז דער משרת.

ביי א דינסט איז נישט גוט צו דינען.

ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען.

אַז מען באַגראָבט לעבעדיקערהייט, קען מען קיין תּחית־המתים נית אויפשטיין.

אַ נייער בעזים קערט גוט.

א בעל־מלאכה שטאַרבט ניט פאַר הונגער.

מען דערקענט דעם מענטשן נאָכן גאַנג נאָך.

# 6 סעפּטעמבער

## משה מענדעלסאָן



אָנהייבער פון דער השכלה אויפן מערב.
געב. 9.6 .1729, אין דעסאַו, דייטשלאַנד. געשט. 1786.1.4, אין בערלין.
שטאַרק באַאיינפלוסט געווען פון רמב״ם, אַ נאָענטער פריינד פון גאָטהאָלד אפרים לעסינג, דעם באַרימטן דײַטשישן שריפטשטעלער און קונסט־פאָרשער.
פון פּרייסישן קעניג פרידריך דעם צווייטן האָט מענדעלסאָן באַקומען די פּריווילעגיע פון אַ „שוץ־יודע", און דאָס האָט אים געגעבן דאָס רעכט צו וווינען אין בערלין.
זיין גרעסט פילאָזאָפיש ווערק איז — „פעדאָן". האָט איבערגעזעצט דעם חומש אין דייטש מיט אן אייגענעם פירוש. זיינע דייטשישע מיטצייטלער האָבן אים גערופן „דער יידישער סאָקראַטעס".

## יוסף לעוואַרטאָווסקי



געב. 5.10 .1895, אין ביעלסק, ביאַליסטאָקער געגנט.
אַרעסטירט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ דעם 9.6 .1942 און דערמאָרדעט געוואָרן אין דער געסטאַפּאָ.
איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ, פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין געטאָ.
לעוואַרטאָווסקי האָט געהערט צו די פירנדיקע טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, מיטגליד פון איר צענטראַל־קאָמיטעט און מיטאָרגאַניזאַטאָר פון דער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין דער יידישער סביבה.

# 7 סעפּטעמבער

## אַלעקסאַנדער צעדערבוים



געב. 7.9.1816, אין זאַמאָשטש, לובלינער געגנט, פּוילן.
געשט. 7.9.1893, אין פּעטערבורג.

אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון דער ערשטער העברעי־שער צייטונג אין רוסלאַנד „המליץ" (אָדעס — פּעטער־בורג 1862 ביז זיין טויט אין 1893), שפּעטער מיט א וועכנטלעכער ביילאַגע אין יידיש „קול מבשר" (אָדעס, 11 אָקטאָבער 1862 — 15 נאָוועמבער 1872) — א וויכ־טיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור (אין „קול מבשר" האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן מענדעלע מוכר ספרים, י. י. לינעצקי, אברהם גאָלדפאַדען א. א.).

אין 1881 האָט צעדערבוים אַרויסגעגעבן דאָס „יודישעס פאָלקסבלאַט" (פּעטערבורג, ביזן יאָר 1890).

## ד"ר א. מוקדוני

### (אלעקסאנדער קאפּעל)



שריפטשטעלער, טעאַטער־קריטיקער.
געב. אין 1878, אין ליאַכאָוויטש, מינסקער געגנט.
געשט. 7.9.1958, אין די קעטסקיל־בערג, פּש"א.

דעביוטירט אין 1902. פון 1922 — אין אַמעריקע. מיט־געאַרבעט אין דער יידישער פּרעסע פון רוסלאַנד, פּוילן, ליטע און פּש"א.

וויכטיקסטע אַרבעטן: „זכרונות פון אַ יידישן טעאַטער־קריטיקער" (אין „אַרכיוו צו דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע", ווילנע, 1930), „דערציילונגען און סקיצן", „ערנסט און שפּאַס", „טעאַטער", „יצחק־לייבוש פּרץ און דאָס יידישע טעאַטער", „מיינע באַגעגענישן", „אויסלאַנד".

ד"ר א. מוקדוני איז געווען „דער שעפער פון דער יידישער טעאַטער־קריטיק" (ש. ניגער).

# 8 סעפּטעמבער

## יצחק־יואל לינעצקי



שרייבער.
געב. 8.9.1839, אין וויניצע, אוקראַינע, אין אַ חסידיש־פֿאַנאַטישער היים. געשט. 23.9.1915, אין אָדעס.
שוין אין דער יוגנט זיך געבונטעוועט קעגן פֿאַנאַטיזם פֿון די חסידים, וועלכע האָבן אים דערפֿאַר געפּרוּווט אַפילו דערטרינקען. דעביוטירט אין „המליץ" (העברעיש, 1865). זיין באַרימטסטע ווערק „דאָס פּוילישע יינגל" אין יידיש, געדרוקט אין „קול מבשר" (1867).
אין בוכפֿאָרם: „כתבים" (אָדעס, 1875), „דער פּרי־משעפּע — קריטישע, סאַטירישע און הומאָריסטישע מאמרים און געדיכטע" (אָדעס, 1878), „דער סטאַטיק — קריטישע, סאַטירישע און הומאָריסטישע מאמרים און קאַרטינעס" (אָדעס, 1876), „דער בייזער מאַרשאַליק" (סאַטירישע פֿאָלקס־לידער), וואַרשע, 1879, „דאָס פּוילישע יינגל, אָדער אַ ביאָגראַפֿיע פֿון זיך אַליין" (אָדעס, 1885), „נישט טויט, נישט לעבעדיק" (המשך פֿון „פּוילישן יינגל"), ווילנע, 1898. „דאָס פּוילישע יינגל" האָט אויסגעהאַלטן אַן ערך 30 אויפֿלאַגעס.

## יוליוס פוטשיק



נאַציאָנאַלער העלד פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע.
געב. 23.2.1903, אין פּראַג־סמיכאָוו. אויפֿגעהאָנגען דעם 8.9.1943, אין דער מאַאַביטער תּפיסה אין בערלין.
פֿרי צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע געווען מיטגליד פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.
אין תּפיסה אָנגעשריבן זיין באַרימטן „רעפּאָרטאַזש מיט דער שטריק אויפֿן האַלדז".

# 9 סעפּטעמבער

## לעוו טאָלסטאָי



געב. 1828 .9.9, אינעם גוט יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, הינטער טולע.

דעם 10 נאָוועמבער 1910, אויפן 83-טן לעבנסיאָר, פאַרלאָזט טאָלסטאָי זיין היים. אויפן וועג ווערט ער קראַנק אויף א לונגען-אָנצינדונג און שטאַרבט אויף דער קליינער באַן-סטאַציע אָסטאַפּאָוואָ, דעם 20 נאָוועמבער 1910. באַערדיקט אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ.

פאַראורטיילנדיק די פאַרפאָלגונגען אויף יידן אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט טאָלסטאָי געשריבן, אַז „אין דער נשמה פון רוסישן פאָלק איז נישט פאַראַן קיין שנאה, נישט קיין רעליגיעזע, נישט קיין נאַציאָנאַלע צו אַנדערע פעלקער. די דאָזיקע שנאה איז איינגעפלאַנצט געוואָרן קינסטלעך דורך דער עגאָיסטישער פּאָליטיק פון די הערשנדיקע קלאַסן. די אַזוי גערופענע יידישע הסרונות זענען אַ רעזולטאַט פון די פאַרפאָלגונגען. כדי זיך צו באַפרייען פון זיי, דאַרף מען קעמפן קעגן די פאַרפאָלגער און נישט קעגן די פאַרפאָלגטע“.

וויכטיקסטע ווערק: „קאַווקאַז“, „קינדהייט און יוגנט“, „מלחמה און שלום“, „אננא קאַרענינאַ“, „תחית המתים“.

## מאַקס ריינהאַרדט

### (גאָלדמאַן)



באַרימטער דייטשישער אַקטיאָר און רעזשיסער.

געב. 1873.9.9, אין באַדען ביי ווין. געשט. 1943.10.30, אין ניו-יאָרק.

געגרינדעט די טעאַטער-סטודיע ביי דער ווינער קאָנסערוואַטאָריע. געשפּילט אין די טעאַטערן פון בראַטיסלאַווע, זאַלצבורג, בערלין, אָבער דער עיקר באַרימט אַלס רעזשיסער און טעאַטער-אָנפירער. אין 1933 פאַרלאָזט דייטשלאַנד און זיך באַזעצט אין ווין. נאָכן „אַנשלוס“ אַוועק קיין אַמעריקע. געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן אייראָפּעישן און אַמעריקאַנער טעאַטער.

# מרדכי וויינגער



פילאָלאָג.

געב. 9.9.1890, אין פּאָלטאַווע, אוקראַינע. געשט. 4.2.1929, אין מינסק, ווייסרוסלאַנד.

פאַרעפנטלעכט א ריי ארבעטן וועגן יידישער אָרטאָגראַ־פיע און דיאַלעקטאָלאָגיע, אין 1913 — צוויי בראָשורן וועגן רעפאָרמירן די יידישע שריפט און דעם יידישן אויסלייג.

וויכטיקסטע ווערק: „וועגן דער שפּראַך און אויסלייג פון ספר של רב אנשל", „דיאַלעקטאָלאָגישע באַמערקונגען", „יידישער סינטאַקסיס", „וועגן דעם יידישן שפּראַכאַטלאַס", „יידישע דיאַלעק־טאָלאָגיע".

## אַפאָריזמען (לויט שלום־עליכם)

אדם הראשון: דער איינציקער גליקלעכער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שוויגער.

באַנקראָט: אַ חולאת, וואָס גייט איבער.

גמילת חסד: קיינמאָל נישט געליִקנט, קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן.

געלט: אַ זאַך, וואָס אַלע ווילן עס און קיינער האָט עס נישט.

דלות: אַמאָל האָט זיך עס געוואַלגערט אין מיסט, היינט גייט עס אין סאַמעט.

האָפענונג: אַ ליגנערין.

וויב: מכה אשר לא כתובה בתורה.

זאַלץ: אַ סך אין די קלייטן, ווייניק אין די פּעליטאָנעס.

חופה: אַ לעבעדיקער אַריין, אַ טויטער אַרויס.

טאָג: על פּי טעות געווען אַזאַ צייטונג.

יידנפראַגע: פון וואָס לעבט אַ ייד?

ליבע: אַן אַרטיקל, וואָס איז אַרויס פון דער מאָדע.

לעבן: דראַמע פאַר אַ קלוגן, אַ שפּילעכל פאַר אַ נאַר, אַ קאָמעדיע פאַר אַ גביר, אַ טראַגעדיע פאַר אַ קבצן.

מגיד: אַ מענטש, וואָס קאָן נישט שלאָפן — עס קוועטשט אים אַ פּסוק.

מצבה: אַ מירמלשטיין, וואָס מען קריצט אויף אים שקרים.

# 10 סעפּטעמבער

## פראַנץ ווערפעל



דייטשישער שריפטשטעלער.
געב. 1890.9.10, אין פּראָג, אין אַ רייכער יידישער הײם.
געשט. 1945.8.26, אין קאַליפאָרניע, פאַראייניקטע שטאַטן.
געשריבן לידער, דערציילונגען, דראַמעס און ראָמאַנען, צוו. אַנדערע: „נישט דער מערדער, דער דערמאָרדעטער איז שולדיק", „דער שטערן פון די נאָך נישט געבוירענע", „דער טויט פון אַ קליינבירגער", „40 טעג פון מוזא דאג", „יאַקובאָווסקי און דער פּולקאָווניק" א. א.

## אַפאָריזמען (לויט שלום-עליכם)

נ ד ן: קאָנטריבוציע.

ס ד ר: איין מאָל אין יאָר ביי יידן — און מען פרעגט פיר קשיות.

ע ר ש ט ע ר א פּ ר י ל: אַ וויץ, וואָס ווערט איבערגעחזרט 365 מאָל אין יאָר.

פּ ע ט ש: אַ מזומנע זאַך.

צ יי ן: מען ליידט ווען מען באַקומט זיי, ווען מען האָט זיי און ווען מען פאַרלירט זיי.

צ ו נ ג: אַ געפערלעכער שונא.

ק אַ פּ י ט אַ ל: ביי קאַרל מאַרקס אויף פּאַפּיר, ביי בראָדסקין אין קאַסע.

ק ל ו ג ש אַ פ ט: אַ זאַך, וואָס יעדערער ווינטשט זיך, ער זאָל עס פאַרמאָגן וואָס יענעם פעלט.

ר כ י ל ו ת: אַ נאַטורטעלעפאָן.

ש ד כ ן: אַן אָקסנהענדלער.

ש ל ו ם-ע ל י כ ם: אַ וואָרט, וואָס מען נוצט עס יעדן מאָל מיט אַן אַנדער ניגון:

1) אַ! שלום! עליכם!
2) קידוש לבנה: שלום עליכם?
3) פאַר קידוש: שלום עליכם...
4) שלום-עליכם? איך האָב אים געהערט! ס'זאָל אַ רוח אין זיין ט... אַריין!

# 11 סעפּטעמבער

## פעליקס דזערזשינסקי



געב. 11.9.1877, אַרום אָשמענע, ווילנער געגנט. געשט. 20.7.1926, אין מאָסקווע.

פירנדיקער טוער פון דער פוילישער און רוסישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, איינער פון די אַקטיווסטע אָנטיילנעמער אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און בויער פון דער ערשטער אין דער וועלט סאָציאַליסטישער מלוכה.

## יוסף־חיים ברענער



העברעיש־יידישער שרייבער.

געב. 11.9.1881, אין נייַמלין, טשערניגאָווער גובערניע. אומגעקומען דעם 1.5.1921, אין יפו בעת די אַנטי־יידישע אומרוען. פון 1909 — אין פּאַלעסטינע.

אין יידיש חוץ א ריי דערציילונגען און אַרטיקלען, וואָס ער האָט אַליין אָנגעשריבן אין דער שפּראַך, זענען פאַראַן איבערזעצונגען פון זיינע העברעישע ווערק, ד״ה: „אַרום אַ פּינטעלע“, „ביז וואַנען וואָס“ (קאָמעדיע), „צום ציל“ (דערציילונג).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

צוויי קראַנקע זענען געלעגן אין שפּיטאָל איינער לעבן אנדערן, יעדער פון זיי מיט אַ קראַנקן פוס, ביידן האָט דער דאָקטער געהייסן מאַכן מאַסאַזש. איינער פון זיי פלעגט שרייען אויף קולות בשעת דעם מאַסאַזש, דער צווייטער פלעגט שמייכלען גלייך ווי נישט אים מיינט מען עס.

— ווי קומט עס — פרעגט איינמאָל דער ערשטער — וואָס איך לייד אַזעלכע ווייטיקן בשעת מען רייבט מיר דעם פוס, און אייך איז דאָס גלייך ווי א שפּילעכל?

— געוויס א שפּילעכל — ענטפערט דער צווייטער — וואָס בין איך, עפּעס אַ טיפּש, איך זאָל געבן רייבן דעם קראַנקן פוס? איך הייס רייבן דעם געזונטן פוס.

# 12 סעפּטעמבער

## אהרן קושניראָוו

### פּאַטער־קאָמאַנדיר

ביי נאַכט, פון אָסיענדיקע וועגן און פון בלאָטע
געקומען „פּאַפּאָלנעניע" אין מיין ראָטע.
כ׳בין דורך פאַרביי דער שיטערער שערענגע,
זיך איינגעקוקט אין פנימער אין מידע,
אַפילו אין דער פינצטערניש דער ענגער
זיי זעען אַלע אויס אַזוי פאַרשידן,
אַזוי פאַרשידן יעדנס אויגן גלאַנצן —
אַלץ יוגנט פון געבורטס־יאָר פינף און צוואַנציק.

א, יינגלעך אַכצניעריקע און צאַרטע,
ווי פרי אויף אייער גורל איז געפאַלן
דער שווערער עול פון מענער און סאָלדאַטן,
־ער שטאָלצער חוב פון קריגער און באַשיצער.
ווי פרי עס מוז געפרווט ווערן אין פייער
די רייפקייט אייערע, דער כוח אייער...
וואָס גיט אייך מוט און גרייטקייט צו באַנעמען
דעם רוף און דעם באַפעל פון אונדזער היימלאַנד?...
צי יינגלשע נאָך נייגעריקע דרייסטקייט,
צי ליבע טיף באַזיניקטע און הייסע,
צי טרייהייט איינגעבוירענע פון וויגל...

א, אָדלער מיט קוים־קוים געשטאַרקטע פליגל,
פון נעסטן היימישע נאָר וואָס אַרויסגעפלויגן.
איך קוק אַצינד זיך איין אייך אין די אויגן,
איך וויל דערזען דאָרט שטאַרקייט, ניט קיין מורא,
מיר איז פאַרטרויט אַצינדערט אייער גורל,
דאָס לעבן אייערס, אייער הייסער אָטעם,
איך בין איצט אייער קאָמאַנדיר און פאָטער.

אָ, קאָדער מיינע, יונגע צאַרטע לעבנס,
צי איז באַשערט מיר, צי איז מיר געגעבן
מיט אייך זיך נאָענט־נעענטער באַקענען,
ביז צו געדענקען אויסווייניק די נעמען,
דעם שמייכל יעדנס אויסווייניק געדענקען,
און וויסן יעדנס טרוים און יעדנס בענקען,
צי אפשר וועל איך מוזן, מוזן, דאַרפן
נאָך היינט ביי נאַכט אין שלאַכט אייך וואַרפן.

און נאָך דעם, נאָכן שלאַכט, נאָכן געוויטער,
אויב מיך וועט אויסמיידן אַ קויל אָדער אַ שפּליטער,
ווי ווייטיקדיק כ׳וועל וועלן און ניט קענען
דערמאָנען ניט דעם שמייכל, ניט די נעמען
פון יענע, וועלכע וועלן דאָ שוין פעלן...

אָ, היימלאַנד, דיינע הייליקע באַפעלן
כ׳האָב אויסגעפילט מיט האַרבקייט און מיט ליבע.
ווער ווייסט, אויב ניט אין אַזאַ נאַכט אַ טריבער
פון אָסיענדיקע ווענן און פון בלאָטע
איז ערגעץ אין אַן אַנדער ראָטע,
אַן אַכצניעריק און אַ שוואַרץ־חניק יינגל,
אויף מיר אין גאַנצן ענלעך און געראָטן,
געקומען אין אַ רגע ניט קיין גרינגער,
געקומען אין אַ שווערער שעה...
געקומען...
און קיינער ווייסט ניט, ווו איז ער אהינגעקומען.

# 13 סעפּטעמבער

## יהושע־חנא ראַווניצקי



העברעיש־יידישער שרייבער.

געב. 1859.9.13, אין אָדעס. געשט. 1944.5.4, אין תּל־אביב, וווּ געלעבט פון 1921.

צוזאַמען מיט ח. נ. ביאַליק באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן „די יידישע אגדות“ (אין 4 בענדער). צו זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן אין יידיש געהערט די זאַמלונג „יידישע וויצן“, איבער וועלכע ער האָט געאַרבעט פיל יאָרן.

## בעל־מחשבות

### (ד"ר איזידאָר (ישראל) עליאַשעוו)



קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור.

געב. 1873.9.13, אין קאָוונע, ליטע. געשט. 1924.1.13, דאָרטן.

שטודירט אין דער שווייץ און אין דייטשלאַנד. מחבר פון אַ ריי גרעסערע אַרבעטן וועגן די יידישע קלאַסיקער, וועגן די אַנטוויקלונגס־טענדענצן פון דער יידישער ליטעראַטור און אויך פון אַ ריי אַרטיקלען וועגן די יינגערע יידישע שרייבער.

אין בוכפאָרם: „געקליבענע שריפטן“ (אין 5 בענדער), „אונטערן ראָד“, „דאָס דרום־יידנטום און די יידישע ליטעראַטור אין 19־טן י. ה.“, „געקליבענע ווערק“.

## אַרנאָלד שענבערג



עסטרייכישער קאָמפּאָזיטאָר פון יידישער אָפּשטאַמונג.

געב. 1874.9.13, אין ווין. געשט. 1951.7.13, אין לאָס אַנדזשעלעס, פש"א, וווּ ער האָט אויסגעוואַנדערט אין 1934.

איינער פון די גרעסטע עסטרייכישע קאָמפּאָזיטאָרן פון XX י. ה.

מחבר פון אָפּערעס, סימפאָניעס, פידל־קאָנצערטן, סטרונען־קוואַרטעטן א. אנד.

# יוליאַן טוווים



פּוילישער דיכטער.
געב. 1894.9.13, אין לאָדזש, אין א יידישער משפּחה.
געשט. 1953 .12.27, אין זאַקאָפּאַנע.
נאָך היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן אַוועק אין די פּאַראײ־
ניקטע שטאַטן, פון וואַנען זיך אומגעקערט ווי נאָר דאָס
לאַנד איז באַפרייט געוואָרן.
וויכטיקסטע ווערק:
„דאָס לויערן אויף גאָט", „דער טאַנצנדיקער סאָקראַ־
טעס", „דער זיבעטער הערבסט", „ווערטער אין בלוט",
„ציגײַנער־ביבל", „פלאַמיקער אינהאַלט", „פּוילישע
בלומען", „יאַרמאַרק פון גראַמען".

יוליאַן טוווים

## מיר פּוילישע יידן

מיר, פּוילישע יידן!
מיר, די אייביק לעבעדיקע, מיר, די וואָס זענען אומגעקומען
אין די געטאָס און אין די קאָנצלאַגערן.
און מיר, די געשפּענסטער, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון איבער ימען
און אָקעאַנען
און שרעקן דאָ מיט זייערע גאַנץ געבליבענע לייבער.
מיר, דער אומענדלעכער ברודער־קבר, וואָס די וועלט־געשיכטע האָט נאָך
נישט געזען און וועט נישט זען.
מיר, די דערשטיקטע אין די גאַז־קאַמערן און איבערגעשמאָלצענע אויף
זייף
מיט וועלכן מען וועט קיינמאָל נישט קאָנען אָפּוואַשן נישט די שפּורן פון
אונדזער בלוט
און נישט די זינד־פלעקן, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן אונדז.
אונדזערע געהירן האָבן באַשפּריצט די ווענט פון אונדזערע אָרעמע
הייזער און מויערן, אונטער וועלכע מען האָט אונדז מאַסנווייז
אויסגעשאָסן נאָר דערפאַר, וואָס מיר זענען יידן!
מיר, דער וויי־געשריי, וואָס די ווייטסטע דורות וועלן אים דערהערן,
מיר, דער וויי, מיר, דער יאָמער, מיר, דער מנין, וואָס זינגט אויס אַן
אל מלא רחמים, וואָס איין יאָרהונדערט וועט איבערגעבן דעם צווייטן.
מיר, וואָס זיצן שבעה און יאָמערן היינט אויף די ברעגעס פון אַזויפיל
טייכן אויף דער וועלט — ווי אַמאָל אונדזערע אבות על נהרות בבל —
מיר בלאָנדזשען ארום אויף דער וועלט און רופן:
אָ, ווייסל, דו ווייסל־טייך, ווייסל־מאַמע נאָענטע און האַרציקע, גרויע
ווייסל, וואָס רויט ביסטו נישט פון שקיעה נאָר פון בלוט אונדזערן.
מיר, פּוילישע יידן. מיר, לעגענדע אין בלוט און טרערן איינגעטונקענע
רופן צו דיר, אָ האַר!

(פראַגמענט, יידיש: אידאַ קאַמינסקאַ)

# 14 סעפּטעמבער

## יצחק־בער לעווינזאָן (ריב״ל)



געב. 14.9.1788, אין קרעמעניעץ, וואָלין, געשט. 13.2.1860, דאָרטן.
איינער פון די וויכטיקסטע טוער פון דער השכלה אין רוסלאַנד — „מענדעלסאָן פון די רוסישע יידן". זיין הויפּט־ווערק „תעודה בישראל" האָט אַגיטירט פאַר שפּראַך־אַסימילאַציע. אָבער זיין סאַטירע אין יידיש „די הפקר־וועלט" (1828) איז אפשר דאָס ערשטע יידישע אָריגינעלע ווערק אין רוסלאַנד, אָפּגעדרוקט געוואָרן ערשט נאָך זיין טויט, אין שלום־עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" (1888). לעווינזאָן האָט נאָך איבערגעלאָזט אין יידיש: „פּורים־שפּיל" אויסגערופן „אין שול" (סאַטיריש ליד אויף די רעדלפירער פון קהל). אַ קעגנער פון יידיש, האָט ער אין די געציילטע זאַכן אין יידיש געגעבן אַ קערנדיקן פאָלקס־לשון. „משמעות, אַז מען ליבט דאָס פאָלק, מוז מען אויך ליבן זיין שפּראַך" (מ. עריק).

מ. קולבאַק

## תשרי

עס האָט אין תשרידיקן לאַנד אַ קאַלטער פלאַם אַראָפּגערעגנט.
פון וואַנען פלייצט דער טונקלער, ברוינער גאָלד, פון וואַנען?
ווי קאָן איך איצטער ערגער זיין פון וואגלענדע בוטשאַנען
אין אונדזער געגנט.

קראַנק בין איך, אַ קראַנק אין די טעג די שאַרלאַך־דינע,
און כ'גלויב: אויף אָט־די לאַנגע, רויטע הענט פון ביימער
בין איך אויפגעהאָנגען איצטער איינער
אויף מיין געל־געוואָרענע טשופּרינע.

אָ, תשרי, תשרי... איך האָב דיך ברייט באַגעגנט
בלוטיק, ווי אַ קאַוועגע צעשניטן,
און זע, און זע דעם קילן פלייצנדיקן בלוי אינמיטן,
וואָס די ווילע קייקלט דורך אין שטילע ווייען...

אָ, תשרי, תשרי... איך האָב דיך ברייט באַגעגנט
און כ'טראָג זיך שווימענדיק אין גאָלד דיינעם פון דאַנען,
ווי קאָן איך איצטער ערגער זיין פון וואגלענדע בוטשאַנען
אין אונדזער געגנט.

# 15 סעפּטעמבער

## שמואל הירשענבערג



מאָלער.
געב. אין 1866, אין לאָדזש, אין אַן אָרעמער וועבער־משפּחה.
געשט. 1908.9.15, אין ירושלים.
אַדאַנק דער הילף פון פּריוואַטע מעצענאַטן שטודירט מאָלעריי אין קראָקע, מינכען, פּאַריז. אין 1907 גענומט ער איבער די אָנפירונג פון דער קונסט־שול „בצלאל“ אין ירושלים, וווּ ער איז אין אַ יאָר אַרום געשטאָרבן.

צו זיינע מער באַוווּסטע אַרבעטן געהערן: „אוריאל אקאָסטאַ“, „ספּינאָזע“, „די ישיבה“, „אַ ביסל פּאָליטיק“, „עונג שבת“, „דער אייביקער ייד“, „פּליטים“ „גלות“, „די לוויה פון צדיק“, „עמיגראַנטן“, „יום־טוב אין געטאָ“.

## דניאל טשאַרני



שריפטשטעלער.
געב. 1888.9.15, אין דוקאר, מינסקער געגנט, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1959 .7.1, אין ניו־יאָרק. ברודער פון ש. ניגער און ברוך וולאדעק.
אין בוכפאָרם: „לייכטע פערזן“, „משפּחה־כראָניק“ (מעמואַרן), „אונטערוועגנס“, „באַרג־אַרויף“, „אַ יאָר צענדליק אַזאַ“, „לידער“, „דוקאר“ (מעמואַרן), „אויפן שוועל פון יענער וועלט“, „ווילנע“ (מעמואַרן), „אַ ליטוואַק אין פּוילן“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

א סוחר טאָר קיין הונט נישט זיין און אַ הונט א סוחר — אוודאי נישט.

ווילסט פּטור ווערן פון אַ פריינד אַנטליי אים אַ גמילות־חסד.

גוטע סחורה לויבט זיך אַליין.

אַ ווייב און אַ פערד באָרגט מען נישט אַוועק.

# 16 סעפּטעמבער

## יהואש



**(יהואש־שלמה בלומגארטען)**

געב. 1872.9.16, אין ווערזשבאָלאָווע, ליטע. געשט. 1927.1.10, אין ניו־יאָרק.
פון 1890 — אין אַמעריקע.
דעביוטירט מיט לידער אין העברעיש. די ערשטע לידער אין יידיש אָפּגעדרוקט אין פּרצעס „יודישע ביבליאָטעק" (1891). אין 1907 אָנגעהויבן די איבערזעצונג פון תנ"ך אין יידיש און געאַרבעט ביי דעם ביז טויט.

## אברהם־יוסף שטיבל

פאַרלעגער.
געב. אין אַפּריל 1884, אין זשאַרקי, לעבן טשענסטאָכאָוו, פּוילן. געשט. 1956.9.16, אין ניו־יאָרק.

אין 1918 געגרינדעט דעם העברעישן „שטיבל־פאַרלאַג", אַרויסגעגעבן די „התקופה"־זאַמלביכער אונטער דער רעדאַקציע פון דוד פרישמאַן, און פיל אַנדערע ביכער, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע אין העברעיש פון אַנדערע שפּראַכן. אין יידיש האָט דער פאַרלאַג אַרויסגעגעבן געציילטע ביכער, צווישן זיי די „יידישע כתבים פון מ. י. בערדיטשעווסקי" אין 6 בענדער.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַלע סוחרים זענען גנבים, אָבער נישט אַלע גנבים זענען סוחרים.

אַ גנב, אַז ער גנבעט נישט עפּעס אַוועק, דאַכט זיך אים, אַז ער האָט עפּעס איבער־געלאָזט.

עס פּאַסט ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת.

ווען דו האָסט אפילו מיט וואָס, פאַררייס נישט די נאָז.

אַ נאַרישער קאָפּ ווערט קיינמאָל נישט גרוי.

# 17 סעפּטעמבער

## אלוועלטלעכער
## יידישער קולטור־קאָנגרעס

זיך געעפֿנט אין פּאַריז, דעם 17 סעפּטעמבער 1937. מאָבי־ליזירט די יידישע מאַסן צום קאַמף קעגן פֿאַשיזם און מלחמה, פֿאַר דער פּראָג־רעסיווער יידישער קולטור.

אין די אַרבעטן פֿונעם קאָנגרעס האָבן אַקטיוו זיך באַטייליקט: ד"ר ח. זשיטלאָווסקי, מ. אָלגין, ה. לייוויק, ק. מרמר, י. אָפּאַטאָשו, פּ. הירשביין, א. ראַבאָי, ה. סלאָוועס א. א.

## משה גאסטער

ליטעראַטור־פֿאָרשער, לינגוויסט און פֿאָלקלאָריסט.

געב. 17.9.1856, אין בוקאַרעשט, רומעניע. געשט. 4.3.1939, אין לאָנדאָן

צוליב זיין קאַמף פֿאַר גלייכבאַרעכטיקונג פֿון די רומענישע יידן איז ער אין 1885 אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון לאַנד. זיך באַזעצט אין ענגלאַנד, וווּ ער איז געווען הויפּט־רב פֿון דער ספרדישער קהילה אין לאָנדאָן.

גרעסערע אַרבעטן: „יידישע מעשהלעך“, „די כתובה און איר געשיכט־לעכע אַנטוויקלונג“.

### פֿון יידישן פֿאָלקס־אוצר

אַז מען איז שולדיק דעם קירזשנער איז מען אַ בעל־חוב איבערן קאָפּ.

אַז מען האָט מזל דאַרף מען קיין חכם נישט זיין.

אַ פּאַטש איז לייכטער צו באַקומען ווי צו געבן.

מען דערקענט דעם פּריץ נאָך די שטיוול.

# 18 סעפּטעמבער

## שמעון דובנאָוו



היסטאָריקער.

געב. 18.9.1860, אין מסטיסלאַוו, ווייסרוסלאַנד. אומ־געקומען דעם 1.12.1941, אין ריגער געטאָ.

אין 1933 געמוזט פאַרלאָזן בערלין און זיך באַזעצט אין ריגע. געווען אין געטאָ, וווּ ער איז אומגעקומען אין 81־טן לעבנס־יאָר.

אָנגעהויבן שרייבן אין די רוסיש־יידישע זשורנאַלן „רוס־קי יעווריי“, „וואָסכאָד“, „ראַזסוויעט“ און אַנדערע, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי היסטאָרישע מאָנאָ־גראַפיעס, ליטעראַטור־קריטישע אָפּהאַנדלונגען און פּובּ־ליציסטישע אַרטיקלען. אין 1922 אַרויסגעפאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד קיין ליטע און פון דאָרט קיין בערלין. אין די יאָרן 1925 — 1929 דערשיינט אין בערלין זיין לעבנס־ווערק, די „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק“, אין 10 בענדער, גע־שריבן אין רוסיש און אַרויסגעגעבן לכתחילה אין דייטש. אין יידיש איז דוב־נאָווס „וועלט־געשיכטע“ איבערגעזעצט געוואָרן דורך ז. קאַלמאַנאָוויטש, נ. שטיף, י. ראַפּאָפּאָרט, י. האַדעס א. אַ.

חוץ דעם: „געשיכטע פון חסידיזם“, „פון זשאַרגאָן צו יידיש“, „פון מיין לעבנס־בוך“ א. אַנד.



איינע פון זעקס מיליאָן

# 19 סעפּטעמבער

## אהרן („רחמיאל") ווײַנשטיין

[געב. אין 1877, אין ווילנע. אומגעקומען אין 1938.]

געלערנט אין ווילנער ייִדישן לערער־אינסטיטוט, וווּ ער איז צוגעשטאַנען צו א רעוואָלוציאָנערן קרײַזל. שפּעטער אַרײַן אין „בונד". אין 1914 פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. באַפרײַט געוואָרן דורך דער מערץ־רעוואָלוציע אין 1917 און געקומען קיין מינסק, וווּ אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון צ. ק. פון „בונד". געווען פאָרזיצער פון מינסקער שטאָט־ראַט, מיטגליד פון אויספיר־קאָמיטעט פון מינסקער „סאָוויעט". אין 1921 צוזאַמען מיטן „קאָמבונד" אַרײַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. מיטגליד פון אלרוסישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון די סאָוויעטן און מיטגליד פון צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווײַסרוסלאַנד.

פיל געשריבן אין די פּאַרטייאישע צײַטונגען און אין אנדערע אויסגאַבן.

### פון ייִדישן פאָלקס־אוצר

הערשל אָסטראָפּאָלער האָט אַמאָל גערופן אַן אָרעמאַן פאַר אַן אורח צו זיך אויף וועטשערע. געקומען מיטן אורח אהיים איז אים דאָס ווײַב גאַנץ פײַן מקבל פּנים מיט איר מענה־לשון:

— קבצן איינער, האָסט אַליין נישט קיין ביסן ברויט, ברענגסטו נאָך מיט זיך צו שלעפּן אויף מײַן קאָפּ אָרעמע לײַט אורחים!

— וואָס הערט איר זי? — מאַכט הערשל צום אורח — זאָל זי זיך שרײַען וויפל איר האַרץ גלוסט און איר טוט זיך אייערס: נעמט, מײַן ליבער ייִד, אייער קלימעקל צוקאָפּנס און לייגט זיך שלאָפן און שלאָפט געשמאַק!

* * *

איין ייִד דערציילט דעם צווייטן:

— דו שפּילסט זיך עפּעס מיט דער בימה אין דער וואָלקאָווויסקער גרויסער שול? איך וועל דיר דערציילן גאָר אַ קלייניקייט: אין דער צײַט פון דער גרויסער פראַנצויזישער מלחמה האָבן זיך איינמאָל דאָרט, הינטער דער דאָזיקער בימה באַהאַלטן, וויפל מיינסטו א שטייגער? גאַנצע צוואַנציק טויזנט פראַנצויזן!

— וואָס רעדסטו? מאַכט דער צווייטער פאַרווונדערט — צוואַנציק טויזנט! ווי איז דאָס מעגלעך?

— זעסטו דאָך! — רופט זיך אָפּ יענער.

# 20 סעפּטעמבער

## ווילנער באַלעבעסל

### (יואל־דוד לעווענשטיין אָדער שטראַשונסקי)

[געב. אין 1816, אין ליבאַווע, לעטלאַנד. געשט. אין 1850, אין וואַרשע].

צו 11 יאָר געוואָרן חזן אין דער ווילנער גרויסער שול. חתונה געהאַט האָט ער פּאַר דער טאָכטער פון ווילנער גביר מרדכי רייניעס און דערפאַר טאַקע אָנגערופן געוואָרן „דער ווילנער באַלעבעסל". ער האָט פאַרמאָגט אַ וווּנדער־באַרע שטים און גרויסן מוזיקאַלישן טאַלאַנט. זיינע אימפּראָוויזאַציעס, וואָס האָבן באַגייסטערט זיינע צוהערער זענען אויך נאָך זיין טויט געשפּילט געוואָרן דורך יידישע כלי־זמרים אויף חתונות. זיי זענען אָבער דורך קיינעם נישט פאַר־שריבן געוואָרן. געווען באַפריינדעט מיטן פּוילישן קאָמפּאָזיטאָר מאָניושקאָ. שפּעטער זיך באַקאַנט מיט אַ פּוילישער גרעפין, אין וועלכער זיך פאַרליבט. משוגע געוואָרן און געשטאָרבן.

די טראַגישע פיגור פון ווילנער באַלעבעסל האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער ליטעראַטור. מאַרק אַרנשטיין האָט אויף דער טעמע אָנגעשריבן אַ פּיעסע און ש. פרוג אַ דערציילונג.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ ייד, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרן וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין, האָט פאַרשפּע־טיקט און איז געקומען אויפן וואָקזאַל נאָך דעם, ווי דער צוג האָט זיך שוין גערירט פון אָרט, ברעכט ער די הענט און טענהט:

— ווי איז מיר, אַזאַ אומגליק האָט מיך געטראָפן! איך האָב באַדאַרפט אַזוי נויט־יק פאָרן און דווקא היינט! וואָס טוט מען איצט? אַזאַ אומגליק!

— אויף וויפל, רב ייד, האָט איר עס פאַרשפּעטיקט דעם צוג?

— סך־הכל האָב איך פאַרזאַמט אַ פּאָר מינוט.

— נישט מער? — מאַכט יענער — איך האָב געמיינט, וועדליק איר שרייט אַזוי, אַז איר האָט פאַרשפּעטיקט צום ווינציקסטן אויף אַ גאַנצע שעה.

# 21 סעפּטעמבער

## הערבערט אועלס

ענגלישער שרייבער.

געב. 1866.9.21, געשט. 1946.8.3.

באַרימט מיט זיינע וויסנשאַפטלעך־פאַנטאַסטישע ראָמאַנען: „די מאַשין פון דער צייט", „אַ מענטש — אַ געשפּענסט", „דער קאַמף פון וועלטן", „ווען דער שלאָפנדיקער וואַכט אויף", „דער קאַמף אין דער לופטן". און פון אַ פינפבענדיקער וועלט־געשיכטע (איבערגעזעצט אין יידיש און דערשינען אין ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין). באַזוכט דעם ראַטנפאַרבאַנד, געשמועסט מיט לענינען, אָנגעשריבן וועגן דעם א בוך, באַקעמפט דעם פאַשיזם און אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה גערופן צו שטיצן דעם ראַטנפאַרבאַנד קעגן נאַציישן באַרבאַריזם.

## יצחק בראונער



מאָלער.

געב. 1887.9.21, אין לאָדזש. בעת דער אָקופּאַציע פון פוילן געווען אין לאָדזשער געטאָ פון וואַנען אין 1944 אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, וווּ ער איז אומגעקומען.

געהערט צו דער גרופּע עקספּרעסיאָניסטן־ראָמאַנטיקער (הענעך באַרטשינסקי, מאַרק שוואַרץ, יאַנקל אַדלער א. א.).

וויכטיקסטע אַרבעטן: „דער וואַסערטרעגער" (מעטאַלאָ־פּלאַסטיק), „דער דיבוק", „די מאַראַנע", פּאָרטרעטן פון די יידישע שרייבער ווייסנבערג, סיגאַלאָוויטש, בראָדערזאָן, מאַנגער, קאַצענעלסאָן א. א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

איינער האָט באַגעגנט זיינעם א באַקאַנטן, פרעגט ער אים:

— איז עס אמת וואָס איך האָב געהערט, אז דאָס ווייב אייערס איז קראַנק מסוכן?

— קראַנק איז זי — ענטפערט יענער, — אָבער נישט מסוכן. מסוכן איז זי גראָד ווען זי איז געזונט.

# 22 סעפּטעמבער

## שמעון־שמואל פרוג



ידיכטער.
געב. אין 1860, אין האָבראָווי־קוט, געוו. כערסאָנער גו־בערניע, אין א קאָלאָניע פון יידישע ערד־אַרבעטער. געשט. 1916.9.22, אין אָדעס. דעביוטירט אין רוס־ש (1880) און ערשט אַ לאַנגע צייט שפּעטער אריבער צו יידיש.

זיין „ליד פון אַרבעט" איז געוואָרן איינס פון די פּאָפּולערסטע יידישע ארבעטער־לידער. אויך „דער בעכער", איבערגעזעצט פון רוסיש אין יידיש דורך י. ל. פּרץ איז געווען שטאַרק פּאָפּולער.

אין בוך־פאָרם אין יידיש: „לידער און געדאַנקען".

### ש. פרוג

## ליד פון אַרבעט

אַ לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן, מיט ליבשאַפט און היים!
געבענטשט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

געבענטשט זאָלן זיין דער ווארשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג.
די וועלט איז פאַר איינעם א בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זומפּיקער וועג.

דער סערפּ איז פון שטאָל, דער האַמער — פון אייזן —
קיין צירונג קיין גרויסע זענען זיי נים.
אין זיי אָבער ליגט אונדזער קראַפט, אונדזער לעבן,
אָן זיי איז אומעגלעך אַן אײנציקער טריט.

טאָ לויבט־זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט,
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן, מיט ליבשאַפט און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

# 23 סעפּטעמבער

## ליקווידאַציע פֿון ווילנער געטאָ

23 סעפּטעמבער 1943 — אין דעם טאָג האָבן די היטלעריסטישע מערדער אָנגעהויבן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פֿון ווילנער געטאָ.

## איציק פֿעפֿער



סאָוויעטיש-יידישער דיכטער.
געב. 1900.9.23, אין שפּאָלע, קיעווער גובערניע. געפֿאַלן א קרבן פֿון פֿערזאָנען-קולט, דעם 1952.8.12.
דעביוטירט אין 1920. זיין ערשט לידער-בוך „שפּענע“ איז דערשינען אין 1922. איינער פֿון די וואָרטזאָגער אין דער יידיש-סאָוויעטישער ליטעראַטור.
אין בוכפֿאָרם: „וועגן זיך און אַזוינע ווי איך“, „פּראָסטע טריט“, „א שטיין צו א שטיין“, „געפֿונענע פֿונקען“ (לידער), „עליעם טויט“ (פּאָעמע), „געקליבענע ווערק“, „געוועטן“ (לידער), „בליענדיקע מיסטן“ (פּאָעמע), „פּלאַקאַטן אויף בראָנזע“, „פּלאַקאַטן“ (פּאָעמע), „יאַטן“ (לידער), „לידער און פּאָעמעס“, „לעבן זאָל דאָס לעבן“, „מיט היינטיקע אויגן“ (לידער), „פּיילן אויף מיילן“, „קראַפּט“, „ביראָבידזשאַנער לידער“, „גרויסע גרענעצן“ (ראָמאַן אין פֿערזן), „געקליבנס“, „וונדערלאַנד“, „אין א מזלדיקער שעה“, „מלחמה-באַלאַדעס“, „שיין און אָפּשיין“, „אויפֿסניי“, „שאָטנס פֿון וואַרשעווער געטאָ“ א. א.

### פֿון יידישן פֿאָלקס-אוצר

איינעם א יידישן חקרן האָט מען אַמאָל געפֿרעגט: פֿאַרוואָס רופֿט מען לאָקשן מיטן נאָמען „לאָקשן“? האָט ער א מאַך געטאָן מיטן פֿינגער און געענטפֿערט אַזוי:

— לאַנג זענען זיי, און ווייך אויך, און ווי לאָקשן זעען זיי אויס — היינט זאָגט אַליין, פֿאַרוואָס זאָל מען זיי נישט רופֿן לאָקשן?

# 24 סעפּטעמבער

## ציפּריאַן קאַמיל נאָרוויד



פּוילישער דיכטער, דראַמאַטורג, מאָלער און **סקולפּטאָר.** געב. 1821.9.24, אין דאָרף לאַסקאָוואָ־גלוכי נישט ווייט פֿון ראַדזימין בײַ וואַרשע, בײַ אַ טאַטן אַ קלײנעם באַ־אַמטן. געשט. 1883.5.26, אין פּאַריז.

דעבויטירט אין 1840. אין 1842 זיך געלאָזט אין אַ רײַ־זע קיין אויסלאַנד (פֿראַנקרײַך, דײַטשלאַנד, איטאַליע, פֿאַראייניקטע שטאַטן, צוריק אין פּאַריז), פֿון וועלכער ער האָט זיך שוין נישט צוריקגעקערט אַ היים. געלעבט אין גרויס נויט און איינזאַמקייט און געשטאָרבן אין אַ מושבֿ־זקנים פֿאַר אָרעמע פּוילישע עמיגראַנטן.

וויכטיקסטע ווערק: „וואַדעמעקום" (לירישע לידער), „קלעאָפּאַטרע" (דראַמע), „נאָוועלן".

## לודוויק וואַרינסקי



געב. 1856.9.24, אין דאָרף מאַרטינוווקע, קיעווער גו־בערניע. געשט. 1889.3.2, אין שליסלבורגער פֿעסטונג, אין עלטער פֿון 33 יאָר.

אײנע פֿון די קאָלירפֿולסטע פּערזענלעכקייטן און פּיאָ־נערן פֿון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, גרינדער פֿון „ערשטן (גרויסן) פּראָלעטאַריאַט" (1882). פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף 16 יאָר קאַטאָרגע אין פּראָצעס פֿון 29 טוער פֿון „פּראָלעטאַריאַט" אין 1885.

## משה כ״ץ



שרײַבשטעלער, פּראָגרעסיווער געזעלשאַפֿטלעכער טוער. געב. 1885 .9.24, אין דאָקשיץ, ווילנער קאַנט. געשט. 1960 .6.3, אין מאָסקווע.

פֿון 1920 — אין אַמעריקע. בעת דער שפּאַלטונג פֿון דער „יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע" (1921) זיך אָנגעשלאָסן אין דער „אָלגין־גרופּע". ערשטער פּאָרזי־צער פֿון דער שרײַבער־גרופּע „פּראָלעטפּען", ניו־יאָרק, אַקטיווער טוער פֿון „איקוף", מיטאַרבעטער פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהייט" ביז זײַן טויט.

אין בוכפֿאָרם: „לענין, זײַן לעבן און ווירקן", „אונדזער שלום־עליכם", „אַ דור, וואָס האָט פֿאַרלוירן די מורא".

# 25 סעפּטעמבער

## ב. עפּעלבוים (בן־מנחם־בעריש)



שרייבער.

געב. 25.9.1887, אין וואָקין, לובלינער געגנט. געשט. 1.7.1945, אין פילאַדעלפיע.

דעביוטירט אין 1912 מיט דער דערציילונג „צוויי דורות“.
פון 1912 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „פינצטערע וועגן“, „אין געוויטער“, „אויפ־ברויז“, „אויף דער שוועל“, „אַמאָל איז געווען“ (חסידי־שע דערציילונגען), „מיט מענדעלע מוכר ספרים אין אָדעס“ (זכרונות) א. א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

וואָס שפּעטער די זון גייט אויף — אַלץ העלער שיינט זי.

אַז מען באַקומט שוין דאָס ברויט קומט דער טויט.

אַז עס קומט צום לעבן דאַרף מען שטאַרבן.

געלט האָט אַ מיאוסן טאַטן און איז דאָך אַ יחסן.

אַז מען איז רייך איז מען אי שיין, אי קלוג, אי מען קען זינגען.

דער גביר האָט דעם שכל אין טייסטער.

פאַר געלט האָט מען די וועלט און יענע וועלט.

מען עסט נישט אַזוי הייס ווי מען קאָכט.

פאַלן פאַלט מען אַליין, אָבער צום אויפהייבן זיך דאַרף מען די האַנט פון אַ פריינד.

דער וואָס גייט אין שפּאַן באַקומט מיט דער בייטש.

ווער עס האָט אַ ברייט מויל האָט אַ שמאָל האַרץ.

יעדן באַק געפעלט זיין גלעקל.

# 26 סעפּטעמבער

## איוואַן פּאַוולאָוו



רוסישער געלערנטער־פיזיאָלאָג.
געב. 1849.9.26, אין ריאַזאַן, אין דער משפּחה פון אַ גייסטלעכן. געשט. 1936.2.27, אין מאָסקווע.
געענדיקט דעם ריאַזאַנער טעאָלאָגישן אינסטיטוט, דאַן דעם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט (נאַטור־וויסנ־שאַפטלעכן פאַקולטעט) און שפּעטער די מע־דיציניש־כירורגישע אַקאַדעמיע. פון 1890 — פּראָפעסאָר פון פאַרמאַקאָלאָגיע און שפּעטער פון פיזיאָלאָגיע. 45 יאָר געאַרבעט אין אינסטיטוט פאַר עקספּערימענטאַלער מעדיצין און פאַנאַנדערגעאַרבעט די לערע וועגן דעם הע־כערן נערוון־סיסטעם ביי בעלי־חיים.

## ישעיה שקאַראָווסקי

סאָוועטיש־יידישער שרייבער.
געב. 1891.9.26, אין ביעלאָצערקוויע, אוקראַינע. געשט. 1945.5.23, אין קיעוו.
אָנגעהויבן שרייבן אין רוסיש („עסקיזן פון דער יידישער ליטעראַטור", אַ סעריע פון 24 אַרטיקלען, קיעוו, 1910, זשורנאַל „אָגני" — „פייערן"), שפּעטער מיטגעאַרבעט אין דער סאָוועטיש־יידישער פּרעסע.
אין בוכפאָרם: „רעגעס" (נאָוועלן), „קאַיאָר" (ראָמאַן).

## דזשאָרדזש גערשווין



אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר פון יידישער אָפּשטאַמונג.
געב. 1898.9.26, אין ברוקלין, לעבן ניו־יאָרק. געשט. 1937.7.11, אין האָליוווד.
וויכטיקסטע שאַפונגען: „די בלויע ראַפּסאָדיע", „דער אַמעריקאַנער אין פּאַריז" (סימפאָנישע פּאָעמע), „קאָנ־צערט פאַר פּיאַנע", „פּאָרגי און בעס" (נעגער־אָפּערע), אָפּערעטקעס, לידער.
ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון דער לייכטער מוזיק.

# 27 סעפּטעמבער

איציק פעפער

## די שבועה

איך שווער ביי דער ליכטיקער זון, ביי די שיינענדע שטערן,
איך שווער היינט ביי אַלץ, וואָס אַ פּשוטער מענטש קען נאָר שווערן,
איך שווער ביי די הערצער, וואָס זידן אין שלאַכטן און קאָכן,
איך שווער ביי די שטאַמען פון גליק, וואָס דער פיינט האָט צעבראָכן,

איך שווער ביי די ווערבעס, וואָס שטייען ביים דניעפּער געבויגן,
איך שווער ביי דעם בלוט, ביי דעם אומרו פון מיינע צוויי אויגן:
מיין האַס וועט ניט אויסגיין, מיין צאָרן אין קעלט וועט ניט קילן
ביז כ'וועל אויף מיין אָרעם דאָס בלוט פונעם פיינט ניט דערפילן!

און אויב ס'וועט דער פינצטערער וויכער אַ האַנט מיר צעפליקן,
וועל איך מיט דער צווייטער דעם פיינטלעכן אָטעם דערשטיקן;
און אויב ס'וועט אַ קויל מיר די האַנט אויך די צווייטע צעדרויבן,
וועל איך מיט מיין הייליקער שנאה דעם ווייטיק פאַרטויבן!

אבי נאָר די פיס מיינע וועלן מיך טראָגן, מיך דינען —
אין פייער, אין וואַסער וועל איך אים, דעם שונא, געפינען.

און אויב ס'וועט די נאַכט מיר מיט בלינדקייט פאַרלעשן די אויגן,
מיין שנאה — מיין שוועסטער אין שלאַכט וועט ניט לאָזן פאַרנויגן
מיין קאָפּ. דאָס אויג פון מיין האַרץ וועט דעם שונא אַנטפּלעקן,
דער פלאַם פון מיין האַס וועט אויף אייביק זיין קבר פאַרמעקן.

אָט דאָס איז מיין שבועה, וואָס כ'שווער איצט דעם לאַנד פון די ראַטן,
מיין אוראַלטן פאָלק, און מיין אַלטינקער מאַמען און טאַטן,
און דאָס איז מיין נדר; און אויב איך וועל ביידע זיי ברעכן,
זאָל דעמאָלט מיין פאָלק מיט דער שפּיז פון פאַרניכטונג מיך שטעכן!

און אויב כ'וועל דעם פיינט פון דער ליכטיקער וועלט ניט פאַרטרייבן,
אַז ס'זאָל פון זיין מיאוסקייט קיין שריד ופליט ניט בלייבן,
זאָל ווערן צום אייביקן שאַנדסלופּ געפּעסטיקט מיין נאָמען,
דעם אַש פון מיין לייב זאָל די ערדקויל ניט אויפנעמען. אמן!!

# 28 סעפּטעמבער

## ערשטער אינטערנאַציאָנאַל

28 סעפּטעמבער 1864 — גרינדונג פון דער ערשטער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע — דער I־טער אינטערנאַ־ציאָנאַל. אירע הויפּט־איניציאַטאָרן און פירער זענען געווען קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס. עקזיסטירט ביז יאָר 1876. דער II אינטערנאַציאָנאַל איז געשאַפן געוואָרן אין פּאַריז, אין יאָר 1889. אין מערץ 1919 איז געשאַפן געוואָרן דער III אינטערנאַציאָנאַל אין קעגנגעוויכט צום רעפאָרמיסטישן II אינטערנאַציאָנאַל. דער III אינטערנאַציאָנאַל האָט עקזיסטירט ביז יאָר 1943.

### י. ל. פּרץ

### ברידער

ווייסע, ברוינע, שוואַרצע, געלע —
מישט די פאַרבן אויס צוזאַמען!
אַלע מענטשן זענען ברידער...
פון איין טאַטן, פון איין מאַמען!

אויך — איין גאָט האָט זיי באַשאַפן,
און — איין פאָטערלאַנד די וועלט —
אַלע מענטשן זענען ברידער,
דאָס איז איינמאָל פעסטגעשטעלט!

* * *

אַלע מענטשן זענען ברידער,
שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלבע...
אַנדערש זענען נאָר די פאַרבן,
די נאַטור איז — די זעלבע:

אומעטום דאָס זעלבע פּראַלן,
כ'האָב עס טויזנט מאָל געהערט!
און פון זאָגן ביז צו טראָגן —
איז פון הימל ביז צו דר'ערד!

. . . . . . . . . . .

אַלע מענטשן זענען ברידער:
געלבע, ברוינע, שוואַרצע, ווייסע...
פעלקער, ראַסן און קלימאַטן —
ם'איז אַן אויסגעקלערטע מעשה.

אומעטום דער זעלבער מוסר,
אומעטום דאָס זעלבע ליינן —
מיטן מויל דער גאַנצער עולם,
די פּאָליטיקער מיט שווייגן!

. . . . . . . . . . . .

אַלע מענטשן זענען ברידער!
און — זיי שפּילן זיך אין פּלישקעס,
די נשמות זענען ווערמלעך —
אינעם טאַביק פון די שישקעס...

# 29 סעפּטעמבער

## ניקאָליי אָסטראָווסקי



סאָוויעטיש־רוסישער שרייבער.
געב. 1904.9.29, אין ווילִיא, אַ דאָרף אין וואָלין. געשט. 1936.12.22, אין מאָסקווע, אין עלטער פון 32 יאָר, אַ בלינדער און פּאַראַליזירטער.
זיינע ביכער „ווי עס האָט זיך געהאַרטעוועט שטאָל“ און „געבוירענע אין שטורעם“ זענען איבערגעזעצט אין פיל שפּראַכן.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַז עס מאָלט זיך אין מיל איז אין דער היים רואיק און שטיל.

א גביר איז א חזיר.

ווילסט רייך ווערן? — זיי זיבן יאָר אַ חזיר.

מען זאָגט: אָרעמע לייט, וויל די רייכע זענען קיין לייט נישט.

אַבי א פערד — א בייטש געפינט מען שוין.

עס שפּאַרט שוין אָן אין דער שוסטער־גאַס.

אַן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קען קיין שופר נישט בלאָזן.

אויף יענעמס שמחה, האָט מען תמיד אַ גוטן אַפּעטיט.

אַז מען וואָלט איינעם לאָזן נעמען פון דער וועלט, וואָס זיין האַרץ גלוסט, וואָלט ער פאַר דעם צווייטן גאָרנישט איבערגעלאָזן.

אין די אויגן הייסט גערעדט, אונטער די אויגן הייסט באַרעדט.

אין די אויגן קאָן מען אריינקוקן, אָבער נישט אין האַרץ.

באָדיי זיך איין אויג, אַבי יענעם צוויי.

# 30 סעפּטעמבער

## יוסף באָװשאָװער



אַרבעטער־דיכטער.
געב. 30.9.1873, אין ליבאָװיטש, װײַסרוסלאַנד. געשט. 25.12.1915, אין פּאָקיפּסי, א שטעטל אין שטאַט ניו־יאָרק.
צו 18 יאָר אויסגעװאַנדערט קיין אַמעריקע. געאַרבעט אין די שװיץ־שאָפּן און געליטן נויט. שטאַרק באַליבט געװען בײַ די ייִדישע אַרבעטער אין אַמעריקע און אייראָפּע. זײַנע לידער זענען פיל געזונגען געװאָרן.
באָװשאָװערס ערשטע װערק אין בוכפאָרם זענען אַרויס אין לאָנדאָן (אין 1903 און 1907). אין 1911 זענען אין ניו־יאָרק אַרויס זײַנע „געזאַמלטע שריפטן" (פּאָעזיע און פּראָזע). באָװשאָװערס לידער זענען אויך דערשינען אין פּעטערבורג (1918) און אין מאָסקװע — כאַרקאָװ—מינסק (1931).

### יוסף באָװשאָװער

## צום שקלאַף

װען כ'זע דײַנע הערשער, װאָס טרינקען דײַן בלוט —
דײַן בלוט! װאָס איז מיר אַזוי טײַער,
דאַן צינדט זיך אין האַרצן בײַ מיר אָן אַ גלוט,
עס פלאַקערט באַלד אויף דאָרט אַ פײַער...

אַ װיטנדער פײַער פון צאָרן און האַס,
און יעטװידער נערװ שרײַט נאָך ראַכע;
איך װיל דאַן צערײַבן, צעמאָלן אויף אַש
די אַלע, װאָס דריקן די שװאַכע...

נאָר, שקלאַף, װען איך זע, אַז דו גיסט זיך קיין ריר
און װילסט זיך גאָר בעסער ניט מאַכן —
אָ, דאַן װערט דאָס האַרץ שיר צעשפּרונגען אין מיר,
איך הייב אָן פאַר װײטיק צו לאַכן...

# 1 אָקטאָבער

## נירנבערגער פּראָצעס

דעם 1 אָקטאָבער 1946 איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער אורטייל אין נירנ־בערגער פּראָצעס אויף די דייטשישע מלחמה־פאַרברעכער — גערינג, ריבענ־טראָפּ, קייטעל, ראָזענבערג, פראַנק, פריק, שטרייכער, זאַוקעל, יאָדל, זייס־אינ־קוואַרט, קאַלטענברונער און באָרמאַן (אויפן לעצטן — אונטער די אויגן), וועל־כע זענען פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט־שטראָף דורך אויפהענגען. דער טויט־אור־טייל איז אויסגעפירט געוואָרן דעם 16 אָקטאָבער 1946 (גערינג האָט זיך אַ נאַכט פריער געסמט מיט ציאַנקאַלי).



## מתתיהו שטראַשון

געלערנטער, ביבליאָפיל.

געב. 1817.10.1, אין ווילנע. געשט. 1885.12.24, דאָרטן.

איבערגעלאָזט דער ווילנער קהילה זיין רייכע און זעל־טענע ביבליאָטעק, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אין דער גאָרער יידישער וועלט אַלס ביבליאָטעק א״נ פון מתתיהו סטראַשון. די ביבליאָטעק איז פאַרניכטעט גע־וואָרן דורך די היטלעריסטישע וואַנדאַלן.

## נח פּרילוצקי



שריפטשטעלער, שפּראַך־פאָרשער.

געב. 1882.10.1, אין בערדיטשעוו, אוקראינע. אומגעקו־מען אין ווילנע דעם 12 אויגוסט 1941.

געלעבט און געווירקט דער עיקר אין וואַרשע.

מיטגרינדער פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, דעפּוטאַט פון ערשטן פּוילישן סיים. אין 1939 אַנטלאָפן פון וואַרשע און געקומען קיין ווילנע, וו געווען אין סאָוויעטישן פּע־ריאָד (1940—1941) דירעקטאָר פון ייוואָ (יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט) און אָנפירער פון דער יידיש־קאַטעדרע אויפן ווילנער אוניווערסיטעט.

וויכטיקסטע אַרבעטן: „יידישע פאָלקסלידער" (אין צוויי בענדער), „נח פּרי־לוצקיס זאַמלביכער פאַר יידישן פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטור־געשיכטע" (צוויי בענדער), „נח פּרילוצקיס כתבים" (10 בענדער), „האָס געוועט — דיאַ־לאָגן וועגן שפּראַך און קולטור", „מאַמע־לשון", „מאַנפאַרנאַס" א. א.

# 2 אָקטאָבער

## אהרן גורשטיין



סאָוויעטיש־יידישער ליטעראַטור־קריטיקער.
געב. 1895.10.2, אין קראָלעוויעץ, אוקראַינע. געפאַלן אויפן פראָנט, האַרבסט 1941.
פראָפעסאָר פון ליטעראַטור־געשיכטע.
צו זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן געהערן: „דער איצטיקער צושטאַנד פון פרצעס ביאָגראַפיע", „סך־הכלען פון דער מענדעלע־פאָרשונג", „פלעכאַנאָווס אָנשוויונגען וועגן ליטעראַטור", „מענדעלעס בריוו", „דער יידישער טעאַטער אין די 60־ער יאָרן פונעם 19 י.ה.".
אין בוכפאָרם: „פראַגן פון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש", „פראָבלעמען פון קריטיק" (צוזאַמען מיט מ. ווינער), „שלום־עליכם, זיין לעבן און שאַפן", „קריטיש־ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונגען וועגן שלום־עליכם".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

א בעזים, ווען ער איז ניי, איז ער געטריי.

פאַסט אזוי צו יידיש, ווי טומאה צו קידוש.

יעדער אָנהייב האָט זיין עק, און יעדע שאַפונג האָט איר צוועק.

כדי נישט צו ווערן די כפרה, מוז מען איינגיין אויף אַ פשרה.

מען קען אים ווי א בייזן שילינגער.

אַ שיקסע ביי א רב, קען אויך שאלות פסקענען.

אז צוויי זאָגן שכור, דארף זיך דער דריטער לייגן שלאָפן.

דער שענקער האָט ליב דעם שכור אָבער זיין טאָכטער וועט ער אים נים געבן.

ער איז געפאלן אויפן שכל — און האָט זיך צעשלאָגן די נאָז.

שכנא דריי זיך, וועט מען מיינען, אז דו האנדלסט.

# 3 אַקטאָבער

## קאַרל פאָן אָסיעצקי

דייטשישער שריפטשטעלער און אַנטימלחמה־קעמפער.

געב. 1889.10.3, אין האַמבורג. געשט. 1938.5.4, אין בערלין.

רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „קיינמאָל מער מלחמה“ און זינט 1926 — פון דער „וועלט־בינע“, וועלכע איז אונטער זיין רעדאַקציע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַמפס־אָרגאַן פון דער דייטשישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. גלייך נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין 1933 איז ער פאַרשפאַרט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דעם אַרעסטאַנט פון היטלערן איז אין 1936 אָנער־קענט געוואָרן די נאָבעל־פּרעמיע פאַר שלום. די נאַצים זענען געווען געצוווּנגען אים פאָרמעל צו באַפרייען. ער האָט די לעצטע יאָרן ביזן סאַמע טויט פאַר־בראַכט אין אַ סאַנאַטאָריע, נישט קאָנענדיק קומען צו זיך נאָכן לאַגער, פאַר־בלייבנדיק פאַקטיש ווייטער דער געפאַנגענער פון די נאַצים.

## סערגיי יעסענין



רוסישער פּאָעט.

געב. 1895.10.3, אין דאָרף קאָנסטאַנטינאָוואָ, ריאַזאַ־נער גובערניע (איצט יעסענינאָ), אין דער משפחה פון אָרעמע פּויערים. באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דעם 1925.12.28, אין לענינגראַד (באַערדיקט אין מאָסקווע). אָנגעהויבן שרייבן צו 14 יאָר. אין 1914 באַוויזן זיך אין די מאָסקווער זשורנאַלן זיינע ערשטע געדרוקטע לי־דער. זיין ערשט לידער־בוך איז אַרויס אין 1916.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

די שווערסטע מלאכה איז ליידיק גיין.

פון לופט כאַפּט מען אַ פאַרקילונג.

ווילסט קניידלעך, זאָג די הגדה.

# 4 אַקטאָבער

## עזשען פּאָטיע



מחבר פון „אינטערנאַציאָנאַל“.
געב. 1816.10.4, אין פּאַריז. געשט. 1887.11.6, ראָרטן. זון פון אַ פּאַריזער האַנטווערקער. צו 14 יאָר אַרויסגעקומען מיט זיין ערשטן לידער־בוך. אָנטיילגענומען אין יוני־אויפשטאַנד פון פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט. מיטגליד פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, דעפּוטאַט פון דער פּאַריזער קאָמונע (1871). נאָך איר פאַלן אָנגעשריבן דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ (יוני 1872), די מוזיק צו וועלכן ס'האָט געשאַפן דער בעלגישער אַרבעטער־קאָמפּאָזיטאָר פּיער דעהייטער.

### עזשען פּאָטיע

## אינטערנאַציאָנאַל

שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן,
אין הונגער לעבן מוז און בויט!
דער גייסט, ער קאָכט, ער רופט צום וואָפן,
און שלאַכט אונדז פירן איז ער גרייט.

די וועלט פון גוואַלד־טאַטן און ליידן
צעשטערן וועלן מיר, און דאַן —
פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גן־עדן
באַשאַפן וועט דער אַרבעטס־מאַן.

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט!
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט אויף, איר אַרבעטס־לייט.

ניין, קיינער וועט אונדז נישט באַפרייען —
נישט גאָט אַליין און נישט קיין העלד,
מיט אונדזער אייגענעם כלי־זין
אַ רעטונג ברענגען מיר דער וועלט.

אַראָפּ דעם יאָך! גענוג געליטן!
געשוג פאַרגאָסן בלוט און שווייס!
צעבלאָזט דאָס פייער, לאָמיר שמידן,
כל־זמן דאָס אייזן איז נאָך הייס!

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער אַז"וו

די גרויסע שטורעם־טעג זיי וועלן,
נאָר פאַר טיראַנען שרעקלעך זיין —
זיי קאָנען אָבער נישט פאַרשטעלן
פאַר אונדז די העלע זונען־שיין.

דער אַרבעטס־מאַן וועט זיין ממשלה,
פאַרשפּרייטן אויף דער גאַנצער ערד
און פאַראַזיטן די מפּלה
באַקומען וועלן פון זיין שווערד.

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער אַז"וו

# 5 אָקטאָבער

## לוי־יצחק בערדיטשעווער

געב. אַרום 1740, אין זאַמאָשטש, לובלינער געגנט (לויט ש. האָראָדעצקי — אין הוסאַקאָוו, גאַליציע). געשט. 1809.10.5, אין בערדיטשעוו, אוקראַינע.

חסידישער רבי, מחבר פון לידער אין יידיש, וואָס ווערן געזונגען ווי פאָלקס־לידער („קדיש", „דו־דו", „מאירקע מיין זון" א. א.).

ל. י. בערדיטשעווער

## אַ דין־תורה מיט גאָט

אַ גוט־מאָרגן דיר, רבונו של עולם. איך לוי־יצחק מבאַרדיטשעוו, בין געקומען צו דיר מיט אַ דין־תורה פון מיין פאָלק ישראל. וואָס האָסטו צו דיין פאָלק ישראל? וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף דיין פאָלק ישראל? אַז ווו נאָר עפּעס אַ האָר, איז — „דבר אל בני ישראל". און ווו נאָר עפּעס אַ זאַך, איז — „אמור אל בני ישראל". און ווו נאָר עפּעס אַ ריר, איז — „צו את בני ישראל". טאַטעניו זיסער אין הימל! כמה אומות יש בעולם: מדים, פרסים, בבלים. די רוסלענדער וואָס זאָגן? — אַז זייער קייסער איז אַ קייסער. און די דייטשלענדער וואָס זאָגן? אַז זייער מלכות איז מלכות. און די ענגלענדער וואָס זאָגן? — אַז זייער קעניג איז קעניג. און איך, לוי־יצחק בן שרה מבאַרדיטשעוו, זאָג: „המלך היושב על כסא רם ונשא". און איך, לוי־יצחק בן שרה מבאַרדיטשעוו, האָב אָבער נאָך עפּעס צו זאָגן: לא אזוז פה ממקומי — איך וועל מיך פון מיין אָרט נישט רירן. און אַ סוף זאָל דאָס נעמען! און אַן עק זאָל דאָס נעמען! המלך היושב על כסא רם ונשא...

# 6 אָקטאָבער

## דעניס דידראָ



פראַנצויזישער שרייבער און דענקער.

געב. 1713.10.6, אין לאַנגרע. געשט. 1784.7.30, אין פּאַריז.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון פראַנ־צויזישן מאַטעריאַליזם אין 18־טן י"ה. איניציאַטאָר און רעדאַקטאָר פון דער ערשטער ענציקלאָפּעדיע (1751—1765).

## זלמן רייזען



ליטעראַטור־ און שפּראַך־פאָרשער, פּיאָנער פון דער יידי־שער לעקסיקאָגראַפיע, פּובליציסט.

געב. 1888.10.6, אין קוידענאָוו, ווייסרוסלאַנד. זינט 1919 — אין ווילנע. אַרעסטירט אין 1939. אומגעקומען זומער 1941 ביים אַרויספירן פון דער אַלט־ווילייקער תפיסה.

צו זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן געהערן: „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע", „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע", „גראַמאַטיק פון דער יידי־שער שפּראַך". געווען רעדאַקטאָר פון דער דעמאָקראַ־טישער צייטונג „ווילנער טאָג", איינער פון די מיטגרינדער און אָנפירער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דער קאָנדוקטאָר אין אַן אייזנבאַן־וואַגאָן האָט געגומען אויפן וועג ביי איינעם אַ יידן זיין בילעט, אים באַטראַכט און געזאָגט מיט אַ בייז קול:

— ניין, דער בילעט טויג נישט, ער איז אויף אַ געוויינלעכן צוג, און איר האָט זיך געזעצט גאָר אין אַ קוריער־צוג!

— נו, וואָס מאַכט עס דען אויס? — גיט דער ייד אַ מאַך מיט דער האַנט — פון מיינעטוועגן מעג זיך דער צוג פאָרן גאַנץ פּאַמעלעך, ניט לויפן משוגענערהייז, נישקשה, איך האָב צייט...

# לייב ניידוס



דיכטער.

געב. 1890.10.6, אין גראָדנע. געשט. אין עלטער פון 28 יאָר, דעם 1918.12.23, דאָרטן.

דעביוטירט אין דער וואַרשעווער „ראָמאַנען־צייטונג", אין 1907.

אין בוכפאָרם: „אינטימע ניגונים", „דאָס בוך פון פּאָעמען", „ליטווישע אַראַבעסקן", „פון דער רוסישער ליריק", „שנירלעד פּערל", „פון וועלט־פּאַרנאַס".

אַ סך פון זיינע לידער, אַזוינע ווי די פּאָפּולערע „אַ זון מיט אַ רעגן", „בעריאָזקעלער שטייען אין ליכטיקע רייען", „גוימעלע" זענען געזונגען געוואָרן אין די יידישע שולן.

## לייב ניידוס

## אַ זון מיט אַ רעגן

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!<br>
עס לאַכן מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן,<br>
זיי לויכטן אין לופטן און פאַלן אויף מיר<br>
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר...

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!<br>
עס צאַנקען די גראָזן ביים ראַנד פון די וועגן,<br>
עס שמייכלען די בלומען, צעקושטע פון ווינט,<br>
אַזוי ווי עס שמייכלט דורך טרערן אַ קינד...

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!<br>
עס וויגט זיך דער בלאָלעכער טייך אין די ברעגן;<br>
עס פאַלן די טראָפּנס אין וואַסער און גרינג<br>
צעלויפן זיי ברייט אין אַ גאָלדענעם רינג...

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!<br>
און ווייט, ערגעץ ווייט, וואַרפט־זיך־איבער אַנטקעגן<br>
אין הימל אין בלאָען אַ פאַרביקער בריק,<br>
אַ וועג צו אַ שטראַלנדן, הימלישן גליק...

# 7 אָקטאָבער

## מיכאַל אָגינסקי



פּױלישער קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1765.10.7, אין גוזאָװ, ראַדאָמער געגנט. געשט. 1833.10.18, אין פלאָרענץ, איטאַליע.
גראַף, מלוכה־מאַן, דעפּוטאַט פון פּיריאָריקן סײם (1788—92), אָנטײלנעמער אין קאָשטשושקאָ־אױפשטאַנד. עמיגרירט קײן איטאַליע.
מחבר פון באַרימטע פּאָלאָנעזן פאַר קלאַװיר און פון פיר בענדער מעמואַרן.

### פון ײדישן פאָלקס־אוצר

װער עס שמײכלט איז אַ פײנט, װער עס שטראָפט איז אַ פרײנד.

אמתע פרײנד חנפענען נישט.

אױף אַ צערױסענער פרײנדשאַפט קאָן מען קײן לאַטע נישט לײגן.

אײן פרײנד אין אַ נױט איז בעסער װי הונדערט װען מען דאַרף זײ נישט.

זאָג מיר װער דײנע חברים זענען, װעל איך דיר זאָגן, װאָס דו ביסט.

װוהין די נאָדל, אַהין דער פאָדעם.

אַן עזות־פּנים קומט גלײך אין גן־עדן אַרײן.

בשעת מען װײנט זעט קײנער נישט, בשעת מען לאַכט זעען אַלע.

זײ נישט קײן נאַר, װעט מען פון דיר נישט לאַכן.

װאָס קומט אַרױס פון דעם שײנעם עפּעלע, אַז עס האָט אַ װערעמדיק הערצעלע?

אַלע רױזן שמעקן, אָבער זײ שטעכן.

געפּרעגלט אין האָניק איז רעטעך אױך אַ מאכל.

# 8 אָקטאָבער

## חיים גילדין

סאָוויעטיש-יידישער דיכטער און פּראָזאַיקער.

[געב. אין 1884, אין ניקאָפּאָל, אוקראַינע. געשט. אין 1944].

אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. געזעסן אין די צאַרישע תּפיסות.

אין בוכפאָרם: „לידער פון חיים גילדין“, „האַמער-קלאַנגען“, „לעניניאַדע“ (פּאָעמע), „ברונעמס“ (דערציילונגען), „ביי אונדז אין לאַנד איז מאַי“, „פּאַגען אויף באַגנעטן“, „שלאַכטן“, „פופצן יאָר אָקטיאַבר אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור“, „אָנגריף“ (דערציילונג).

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

די נייע מחלוקה האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס בעלעם האָט נישט געקענט קומען צו קיין טאָלק, ווי מען זאָל לייגן די ברעטער פאַר דער פּאָדלאָגע אין דער באָד. זאָל מען הובלעווען די ברעטער, אָדער נישט הובלעווען? אויב הובלעווען — זאָגט דער בעלעמער חקרן, יאָסל קאָפּ — קאָן דאָך, חלילה, געשען, אַז נאַקעטע יידן, מיט די הייסע שעפּעלעך וואָס אויף די פּלייצעס, זאָלן זיך אויסגליטשן און פאַלן. אלא, וואָס דען, מען זאָל נישט הובלעווען און לייגן די ברעטער מיט זייערע סוקעס, מיט די שאַרפע שפּיצן אַרויף — דעמאָלט וועלן יידן זיך דאָך צעשטעכן זייערע פיס. איז, וואָס טוט מען דאָ? אַ שווערע, אַ האַרבע קשיא.

איין אסיפה, אַ צווייטע אסיפה, הובלעווען — נישט הובלעווען. איז דער רב יוזיפל, בכבודו ובעצמו, געפאַלן אויף אַ המצאה:

— יידן, — האָט ער אויסגערופן — שאַט, איך האָב עס געלעזט, מען זאָל מאַכן אַ פשרה: מען זאָל די ברעטער טאַקע יאָ הובלעווען אויף איין זייט, און למען השלום זאָל מען זיי לייגן מיט דער געהובלעוועטער זייט אַראָפּ.

# 9 אָקטאָבער

## אַלפרעד דרייפוס

געב. 1858.10.9, אין מילהאַוזען (עלזאַס). געשט. 1935.7.12, אין פּאַריז.

זון פון אַ פאַבריקאַנט. מיליטערישער אינזשיניער און מאַטעמאַטיקער, אָפיציר פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, געדינט אין גענעראַל־שטאַב. אַרעסטירט געוואָרן אונטערן פאַרוווּרף פון שפּיאָנאַזש. פאַרמשפּט געוואָרן צו לעבנסלענג־לעכער פאַרשיקונג אויפן „טייוול־אינדזל" (1894).

נאָך אַ לאַנגן קאַמף, אומרוען, פּאָליטישע קאָנפליקטן, אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען — איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דרייפוסעס אומשולד און ער איז באַפרייט געוואָרן (1906).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

דאָרט, וווּ מען האָט דיך ליב גיי וויניק, וווּ מען האָט דיך פיינט — גיי גאָרנישט.

ווער עס גראָבט אַ גרוב פאַר יענעם, פאַלט אַליין אַריין.

אַ דאַרער לעבט איבער צען פעטע.

ער דערלייגט דער באָבעס ירושה.

אַז גנבים קריגן זיך, קומט אַרויס דער אמת.

אין שטוב פון אַ געהאַנגענעם — דערמאָן נישט קיין שטריק.

אַז מען ברענט זיך אָפּ אויף הייסן — בלאָזט מען אויף קאַלטן.

היט מיך גאָט פאַר מיינע פריינד, פון מיינע שונאים וועל איך מיך אַליין אויסהיטן.

די אויגן זענען גרעסער ווי דער מאָגן.

מיט וואָס פאַר אַן אויג מען קוקט אויף אים אָן, אַזאַ פּנים האָט ער.

געזונט ווי געזונט, ווי נעמט מען אָבער בולבע?

מען דערקענט דעם פויגל נאָך די פעדערן.

אַ בריוו איז ווי מען לייענט אים.

# 10 אָקטאָבער

## דזשוזעפּע ווערדי



איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1813.10.10, אין ראָנקאָלע, נעבן פּאַרמע, איטאַליע.
געשט. 1901.1.27, אין מילאַן.
באַטייליקט זיך מיט זיין שאַפן אין דער נאַציאָנאַל־באַ־פרייערישער באַוועגונג פון איטאַליע קעגן פרעמדער הערשאַפט. זיין מוזיק איז אָנגעזאַפּט מיט העראָיש־רע־וואָלוציאָנערן פּאַטאָס.
וויכטיקסטע אָפּערעס: „מאַקבעט", „די רויבער", „רי־גאָלעטאָ", „טרובאַדור", „טראַוויאַטאַ", „דאָן קאַרלאָס", „אַידאַ", „אָטעלאָ", „פאַלסטאַף".

## פריטיאָף נאַנסען



פאָרשער פון דער אַרקטיק.
געב. 1861.10.10. געשט. 1930.5.13.
געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין אָסלאָ. פון 1897 — פּראָפעסאָר פון זאָאָלאָגיע אויפן זעלביקן אוניווערסיטעט. זומער 1893 זיך געלאָזט צום צפון־פּאָל מיט דער שיף „פראַם", דערגייענדיק בלויז ביז שפּיצבערגען (די רייזע באַשריבן דורך אים אַליין). באַוווּסט אויך אַלס גע־זעלשאַפטלעכער טוער. אויבער־קאָמיסאַר פון דער פעל־קער־ליגע פאַר די ענינים פון די קריגס־געפאַנגענע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין 1921 אָרגאַניזירט הילף פאַר די הונגעריקע אין די וואָלגע־געביטן. באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע פאַר שלום (1922).

## מאַקס ווינאַווער

אַדוואָקאַט, געזעלשאַפטלעכער טוער און שריפטשטעלער.
געב. מאַי 1862, אין וואַרשע. געשט. 1926.10.10, אין פראַנקרייך.
רעדאַקטאָר פון די יידישע היסטאָרישע זשורנאַלן „יעווריעסקאַיאַ סטאַ־רינאַ" און „וואָסכאָד", מיטגליד פון דער ערשטער מלוכה־דומע.
זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע אַרויסטרעטונגען אויפן קישענעווער פּראָ־צעס קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס און אויפן האָמעלער עלילת־דם־פּראָצעס.

# 11 אָקטאָבער

## „קול מבשר"

11 אָקטאָבער 1862 — דערשינען אין אָדעס דער ערשטער נומער פון ערשטן יידישן וואָכנבלאַט אין רוסלאַנד „קול מבשר", לכתחילה ווי אַ ביילאַגע צום העברעיִשן „המליץ", אונטער דער רעדאַקציע פון אַלעקסאַנדער צעדער־בוים.

דער לעצטער נומער איז אַרויס דעם 15 נאָוועמבער 1872.

## קלמן מרמר



שריפטשטעלער און געזעלשאַפטלעכער טוער.
געב. 1876.10.11, אין מיישעגאָלע, ווילנער געגנט.
געשט. 1956.7.2, אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע.
פון 1914 — אין אַמעריקע. איינער פון די הויפּט־איני־ציאַטאָרן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז (1937).
וויכטיקסטע ווערק: „דער אָנהייב פון דער יידישער לי־טעראַטור אין אַמעריקע", „דוד עדעלשטאַדט", „יעקב גאָרדין", „מיין לעבנסגעשיכטע", „געשיכטע פון קלאַסנ־קאַמף אין מילטאַלטער".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

פון וואַנען איז געדרונגען פון דער תורה, אַז אברהם אבינו האָט געטראָגן אַ יאַרמולקע?

— עס שטייט בפירוש אין חומש: „וילך אברהם" — אברהם איז געגאַנגען, הייסט שוין־זשע ווער אברהם גיין אָן אַ יאַרמולקע?

פאַרוואָס פרעגט מען ביים סדר „מה נשתנה"?

ווייל ווען מען זעט ביי יידן אַ ס ד ר קומט די זאַך אויס מ ש ו נ ה און מען וווּנדערט זיך דערויף.

ווען קען זיך געפינען אין אַ יידישער שטוב אַ הונט?

— ווען איינס פון די צוויי: אָדער דער ייד איז קיין ייד ניט, אָדער דער הונט איז קיין הונט ניט.

# 12 אָקטאָבער

## עוזר וואַרשאַווסקי



שרייבער — ראָמאַניסט.
[געב. אין 1898, אין סאָכאַטשעוו, הינטער וואַרשע. אומ־געקומען אין אָקטאָבער 1944, אין אָשוויענטשים, וווהין דעפּאָרטירט געוואָרן פון איטאַליע].
אין 1920 האָט י. מ. וויסענבערג אַרויסגעגעבן וואַרשאַווסקיס ראָמאַן „שמוגלאַרס" — פון יידישן לעבן אונטער די דייטשן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. במשך פון אַ קורצער צייט זענען דערשינען עטלעכע אויפלאַגעס פון דאָזיקן ווערק. אין 1926 איז דערשינען זיין צווייטער ראָמאַן „שניט־צייט". פון 1924 געלעבט אין פּאַריז. נאָך דער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך אַוועק קיין איטאַליע.

### אהרן קושניראָוו

## שטאַרב, מיין געשריי

שטאַרב, שטאַרב מיין געשריי, וועסט ממילא
אין הימלען נישט ווערן דערהערט...
נאַכט האָט פאַרמאָסטן דעם מולד,
ווי אַ מעסער איבער האַלדז פון דער ערד.

באַלד וועט שטילקייט זיך אָנהויבן וואַרגן
מיט הינטישן צערייצטן ביל...
אָבער נאַכט וועט נישט אויפהערן הרגענען,
אָבער קיינער וועט נישט קומען צו הילף.

איז פאַר וועמען, פאַר וועמען איצט פאַלט מען
בעטן רחמים פאַר זיך און פאַר אייך,
ווען דערשראָקענע שטערן באַהאַלטן זיך
אין די שטאָלענע קנייטשן פון טייך.

# 13 אָקטאָבער

## פיליפּ קראַנץ

שריפטשטעלער און סאָציאַליסטישער טוער.

געב. 1858.10.13, אין זופראַן, ווילנער קאַנט. געשט. 1922.11.27, אין ניו־יאָרק. פון 1890 — אין אַמעריקע, ווו געווען אייגער פון די גרינדער פון דער יידישער פּרעסע.

אין בוכפאָרם: „די קולטור־געשיכטע", „די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע", „אַמעריקע פאַר קאָלומבוס", „די געשיכטע פון סאָציאַליזם".

## אליקום צונזער

### די סאָכע (פראַגמענטן)

אין סאָכע,
ליגט די מזל ברכה —
דער וואַרער גליק פון לעבן,
קיין זאַך מיר ניט פעלט.
עס קומט דער פרימאָרגן —
איך דאַרף ניט לייען, באָרגן,
דער מוח דאַרף ניט זאָרגן,
אויף טאָג־הוצאות געלט.
עס איז אָנגעגרייט אויף ווינטער,
אַ זאַסיק אַ געזונטער,
איך זיי, איך שנייד גאַנץ מונטער,
פריי אין גאַנץ וועלט.

מיט יאָרן,
מיר ווערט אַ קינד געבאָרן,
ווערט גרעסער מיין הכנסה,
איך קויף צו ערד אַ שטיק.
אין שטאָט אַ קינד וואָס מערער,
ווערט דעם פאָטער שווערער,
ער מוז זיין אַ דערנערער, —
אפן האַלדז אַ שטריק;
ביי מיר עם וואַקסן קינדער,
ווערט מיין אַרבעט לינדער,
און יעדערער באַזונדער,
איז פאַר מיר אַ גליק.

# 14 אָקטאָבער



## מיכאַיל לערמאָנטאָוו

רוסישער פּאָעט.
געב. 1814.10.14, אין מאָסקווע. אומגעקומען דעם 1841.7.27, אין אַ דועל ביי פּיאַטיגאָרסק, קאַווקאַז.
שטודירט אויפן מאָסקווער אוניווערסיטעט און דאַן אין דער פּעטערבורגער אָפיצירן־שול. פאַר זיין ליד „אויפן דיכטערס טויט" (אויפן טויט פון א. פּושקין, וועלכער איז געפאַלן אין אַ פּראָוואָצירטן דועל) אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער הויפּטשטאָט אויף קאַווקאַז. אומגעקומען פון די וואונדן באַקומענע אין דועל מיט מ. מאַרטינאָוו.

## דוד איגנאַטאָוו

### (איגנאַטאָווסקי)



געב. 1885.10.14, אין ברוסילאָוו, אוקראַינע. געשט. 1954.2.26, אין ניו־יאָרק.
אין דער יוגנט געהערט צו דער „איסקרא"־גרופּע. אין 1906 — עמיגרירט קיין אַמעריקע. דעביוטירט אין 1907.
אין בוכפאָרם: „צווישן צווי זונען", „אין קעסל־גרוב", „דאָס פאַרבאָרגענע ליכט", „וואונדער־מעשיות פון אַלטן פּראָג", „אויפברויז", „אויף ווייטע וועגן", „אָפּגעריסע־נע בלעטער" (עסייען, פאַרבליבענע כתבים און פראַג־מענטן), און אַ גרעסערע צאָל קינדער־מעשהלעך.



## שכנא זאַגאַן

זשורנאַליסט. טוער פון די לינקע פּועלי־ציון אין פּויל.
[געב. אין 1890 אָדער 1891, אין קראָקע. אומגעקומען אין טרעבלינקע 1942].
בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע געווען אין וואַרשעווער געטאָ. איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און פון „יידישן אַנטיפאַ־שיסטישן בלאָק" אין געטאָ.

# 15 אָקטאָבער

איציק פעפער

## עפּיטאַפיע

ס'האָט יעדער מענטש אַ טרוים, וואָס לעבט מיט אים אין איינעם,
אַמאָל ווי הייסע פריינד, אַמאָל ווי קאַלטע שכנים.
איין טרוים, איין גרויסער טרוים באַגלייט מיך אין מיין גאַנג,
ער לעבט אין מיר, ווי ס'לעבט מיין האַרץ אין מיין געזאַנג:
ווען בלייבן מיט דער הוילער ערד וועל איך אַליין נאָר,
ווען ס'וועט דער יידישער בית־עולם מיינע אַלטע ביינער אויפנעמען,
זאָל דער פאַרבייגייער, באַמערקנדיק מיין צאַם,
דערזעענדיק דאָס גראָז, וואָס הייבט זיך פון מיין שטאַם,
אַ זאָג טאָן פאַר דעם לעבעדיקן ווינט:
— ער איז געווען אַ מענטש, ער האָט זיין פאָלק געדינט!

# 16 אָקטאָבער

## נחמן בראַסלאַווער

חסידישער רבי, אוראייניקל פון בעש"ט.

געב. אין 1772, אין מעדזשיבאָזש, אוקראַינע. געשט. 1810.10.16, אין אומאַן.

באַרימט מיט זיינע מעשיות — אימפּראָוויזאַציעס אין יידיש, וואָס ווייזן אויף אַ קינסטלערישן טאַלאַנט און גרויסער פאַנטאַזיע.

## אָסקאַר אואַיַלד



ענגלישער שרייבער.

געב. 1854.10.16, אין דובלין. געשט. 1900.11.30, אין פּאַריז.

פאַר אואיילדס שאַפן איז כאַראַקטעריסטיש דער פּאַר־כאַפנדיקער סוזשעט, די ראַפינירטע פאָרם, שאַרפזין, פּאַראַדאָקסאַלקייט.

וויכטיקסטע ווערק: „דאָס בילד פון דאָריאַן גריי“, „דער גליקלעכער פּרינץ“, „דער פעכער פון לעדי אואינדער־מיר“, „דער אידעאַלער מאַן“, „סאַלאָמעאַ“ (טראַגע־דיע), „באַלאַדע וועגן דער רעדינג־תפיסה“, „דע פּראָפונדיס“ (די מערסטע פון זיי זענען פאַראַן אין יידיש).

## מאַרק ווישניצער

שריפטשטעלער, געלערנטער.

געב. אין 1882, אין ראָוונע, אוקראַינע. געשט. 1955.10.16, אין תל־אביב.

געשריבן לכתחילה אין רוסיש און דייטש, שפּעטער אַריבער צו יידיש. גע־שריבן איבער געשיכטע, עקאָנאָמיק, עטנאָגראַפיע. רעדאַקטאָר פון איי־נעם פון די שענסטע קונסט־זשורנאַלן אין יידיש „מילגרוים“ (בערלין, 1922—1924). איינער פון די איניציאַטאָרן און רעדאַקטאָרן פון דער „אַלגעמיינער יידישער ענציקלאָפּעדיע“. זינט 1941 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „בער באָלעכאָווערס זכרונות מיט אַן אַריינפיר און דער־קלערונגען“, „יידישע בעל־מלאכה־צעכן אין פוילן און ליטע“, „די יידן אין דער וועלט“ (אין דייטש). א. אַנד.

# איליאַ אילף

## (אליהו פיינזילבערג)

סאָוויעטישער שרייבער־הומאָריסט.

געב. 1897.10.16, אין אָדעס. געשט. 1937.4.13, אין מאָסקווע.

מערסטע פון זיינע ביכער געשריבן בשותפות מיטן שרייבער יעווגעני פעטראָוו. די גרעסטע פּאָפּולערקייט האָבן דערגרייכט זייערע ראָמאַנען „12 שטולן" און „דאָס גאָלדענע קאַלב".



מ מינקאָווסקי: נאָכן פּאָגראָם

# 17 אַקטאָבער

## אפרים קאַגאַנאָווסקי



שרייבער.

געב. אין 1893, אין וואַרשע. געשט. 1958.10.17, אין פּאַריז.

דעביוטירט מיט אַ נאָוועלע „בײנאַכט אין דאָרף". דאָן פֿאַרעפֿנטלעכט אין פּרעצעס זאַמלבוך „יודיש" אַ נאָוועלע „אין דער אַלטער מיל". זיין ערשט בוך דערציילונגען איז דערשינען אין וואַרשע, אין 1921.

אין בוכפאָרם: „נאָוועלן", „יידישע שרייבער אינדערהיים", „אַ שטאָט אויף דער וואָלגע" א. א.

## חיים סעמיאַטיצקי

### וואַרשע

כ'ליגט דער יאָך אויף דיר, שטאָט,<br>
צוגעשמידט צו דיינע שטיינערנע פּלייצעס,<br>
גייסט אין שפּאַן פון הונדערטער שטעט,<br>
און אַ בייזער יאַט, אַ שמייסער, האַלט די לייצעס.

דער הימל, ווי שווערע צינערנע בלעך,<br>
איז צוגעקאָוועט צו דיינע דעכער,<br>
אונטער אַזאַ הימל ווערן אין די קעלערס און אין די בוידעמלעכער<br>
פון מאַמעס — זונות און פון טאַטעס מעסער־שטעכער.

דיינע הויפן ליגן בײנאַכט אין אָרעמע קוואַרטאַלן,<br>
ווי שוואַרצע קאַסטנס שווערע, איבערגעקערטע<br>
שטיקער הימל, אויסגעשטערנטע<br>
זייער דנאָ.<br>
פינקלען די שטערן, ווי שטיקער גלאָז אין מיסטקאַסטן,<br>
אַנטקעגן דער זון דער הויכער פון דער מיטאָג־שעה.

און מענטשן גייען אויף דיינע גאַסן אום,<br>
ווי שיפלעך אומצאָליקע פון אַ גיגאַנטישער וועב־מאַשין,<br>
אַלע מיט אויגן צו דער ערד,<br>
ס'וויל נישט קיינער אויפהויבן אויגן העכער פון זיין דאַשעק —<br>
אַלע ציען זיך אַהער,<br>
נישטאָ קיינער אַהין.

# 18 אָקטאָבער

## אַנרי בערגסאָן



פראַנצויזישער פילאָזאָף פון יידישער אָפּשטאַמונג (זיין גענעאַלאָגיע פירט פון שמואל זביטקאָווער פון פוילן).
געב. 1859.10.18, געשט. 1941.1.4.
לאַורעאַט פון דער נאָבל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור (1927).
וויכטיקסטע ווערק: „דאָס געלעכטער" (פאַראַן אויך אין יידיש), „אַריינפיר אין דער מעטאַפיזיק", „די שעפערישע עוואָלוציע".

## אורי לעסער



מאָלער.
געב. אין 1863, אין אַן אָרעמער יידישער משפחה פון פויזנער קאַנט. געשט. 1937.10.18, אין גרוים איינזאַמקייט, אין בערלין.
נאָכן טויט פון זיין פאָטער איז דער 10־יאָריקער אורי צוזאַמען מיט דער מוטער אַריבערגעפאָרן קיין בערלין און שפּעטער קיין דיסעלדאָרף, וווּ געשטודירט אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.
וויכטיקסטע אַרבעטן: „ירמיהו", „משה", „דער מבול", ווי אויך אַ גאַנצע ריי גלענצנדע פּאָרטרעטן.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַז דער הונט האָט זיך אויסגעבולן הערט ער אַליין אויף.

אַז מען וויל אַ הונט געבן אַ זעץ, געפינט מען אַ שטעקן.

קראָפּעווע וואַקסט אָן רעגן.

אַ וואָלף פאַרלירט זיינע האָר, אָבער נישט זיין נאַטור.

לויף נישט נאָך כבוד, וועט ער אַליין צו דיר קומען.

יעדערער זעט נאָר יענעמס הויקער, אָבער נישט זיין אייגענעם.

# אשר שוואַרצמאַן



סאָוועטיש־יידישער דיכטער.
געב. 1889.10.18, אין דאָרף ווילניא, נישט ווייט פון קאַראָסטישעוו, זשיטאָמירער געגנט, אוקראַינע. אומגעקומען אין אויגוסט 1919, אין קאַמף קעגן פּילסודסקיס לעגיאָנען, נישט ווייט פון סאַרנע, אויף דער אייזנבאַן־סטאַציע פּאָליצע.
איינער פון די גרונטלייגער פון דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג. שוואַרצמאַנס לידער זענען צום ערשטן מאָל דערשינען אין בוכפאָרם אין קיעוו (1935). איבערגעדרוקט אין 1939, 1944 און 1961.

## א. שוואַרצמאַן

* * *

די שוואַרצע מוטער־נאַכט
צעריסן ווערט פון וויי:
— דער שונא באַ די טויערן!

פון טיף פון האַרץ
זיך רייסט אַ ווילד־געשריי:
— דער שונא באַ די טויערן!

אַפניך צום פערד,
די האַנט שטאָל אָן,
ס'איז איצט די שווערד,
די שפּיז — אַ פאָן —
— דער שונא באַ די טויערן!

# 19 אָקטאָבער

## משה אבן עזרא

פילאָזאָף, לינגוויסט און פּאָעט פון דער אַראַבישער תקופה אין שפּאַניע. „דער זינגער פון פרייד“, ווי עס רופט אים אָן דער ליטעראַטור־היסטאָריקער ד״ר י. צינבערג.

[געב. אַרום 1070, אין גרענאַדע, שפּאַניע, געשט. אין 1139].

זיינע פילאָזאָפישע און לינגוויסטישע ווערק זענען געשריבן, פּונקט ווי ביי שלמה אבן גבירול, אין אַראַביש. די פּאָעטישע — אין העברעיש. זיינע וויכ־טיקסטע לידער־זאַמלונגען: „התרשיש“ און „דיוואַן“. טייל פון זיינע לידער זע־נען איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש דורכן דיכטער י. י. שוואַרץ. אבן עזרא האָט אויך איבערגעלאָזן אַ בוך אָפּהאַנדלונגען וועגן פּאָעזיע א״נ „שירת ישראל“.

משה אבן עזרא

## שיין

ס'האָט אַ זון אין דער נאַכט פון מיין ליבע<br>
זיך צעשטראַלט אין דער פינצטער מיט שיין.<br>
ס'איז דאָס מויל פון געליבטער אַ בעכער<br>
פול מיט דופטיקן גאָלדיקן וויין.

מיינע רויזן צעבליט אויף איר פנים,<br>
און מיין מירטנצווייג גרינט אין איר פּראַכט;<br>
ווען איר אויג האָט מיין האַרץ שווער פאַרוואונדעט,<br>
האָט איר ליפּ מיר אַ היילונג געבראַכט.

יידיש: י. י. שוואַרץ

# 20 אָקטאָבער

## זשאַן אַרטור רעמבאָ

פראַנצויזישער פּאָעט.

געב. 1854.10.20, אין שאַרלעווילע. געשט. 1891.11.10, אין מאַרסעל.

רייסט איבער מיט זיינע פּאַרמעגלעכע עלטערן און טרעט שאַרף אַרויס קעגן דעם קליינבירגערלעכן געמויזעכץ. אַנטיילגענומען אין דער פּאַריזער קאָמונע. געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פראַנצויזישער פּאָעזיע פון זיין צייט.

וויכטיקסטע ווערק: „פּאַריזער אָרגיע", „די טרונקענדיקע שיף", „אַ זומער אין גיהנום".

## אַלעקסאַנדער קריין



קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1883.10.20, אין ניזשני-נאָווגאָראָד (היינט גאָרקי), ביי אַ טאַטן אַ כּליזמר. געשט. 1951.4.21, אין מאָסקווע. געענדיקט די מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע (1908). פון 1912 — פּראָפעסאָר פון דער זעלבער קאָנסערוואַטאָריע.

א. קריין איז דער מחבר פון אַן אָפּערע („זאַגמוק"), באַלעטן („לאַורענסיאַ" און „טאַטיאַנאַ") און פון מוזיק צו פיל טעאַטער-ספּעקטאַקלען. מיטגעאַרבעט מיט דער „געזעלשאַפט פון יידישער מוזיק" געגרינדעט דורך י. ענגעל. אָנגעשריבן מוזיק צו פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פאַרן מאָסקווער יידישן מלוכה-טעאַטער, די קאַנטאַטע „קדיש", „יידישע סקיצן" (אין צוויי סעריעס), „יידישער קאַפּריז", „יידישע מעלאָדיע", „דריי געטאָ-לידער", „צוויי יידישע לידער" א. א.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

קינדער און נאַראָנים זאָגן דעם אמת.

וואָס עס איז פאַרפאַלן זאָל נישט באַנג טאָן.

אַ גרויסער טאָג און גייט אויך אַוועק.

# 21 אָקטאָבער

## אלפרעד נאָבעל

שוועדישער כעמיקער, אינזשעניער און אינדוסטריעלער.

געב. 1833.10.21. געשט. 1896.12.16.

דערפונדן צווישן אַנדערן דינאַמיט, פון וואָס געוואָרן רייך. פונדאַטאָר פון דער נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור, פיזיק, כעמיע, מעדיצין און שלום (1895).

## עדמאָנדאָ ד'אַמיציס

איטאַליענישער שרייבער.

געב. 1848.10.21, אין אָנעלדזשיאָ. געשט. 1908.3.11, אין באָרדיזשעראָ.

אָנטיילגענומען אין דער באַפרייונגס־מלחמה קעגן עסטרייך (1866). פאַרעפנטלעכט נאָכדעם אַ בוך א. נ. „מלחמה־לעבן".

באַרימט געוואָרן דער עיקר דורך זיין בוך „דאָס האַרץ" (פאַראַן אויך אין יידיש).

## שמואל־ניסן גאָדינער



סאָוויעטיש־יידישער פּראָזאַיקער.

[געב. אין 1892, אין מעלעכאָוו, ווייסרוסלאַנד. געפאַלן אויפן פראָנט, אין 1941].

אין בוכפאָרם: „טאָג אַנטקעגן", „דער מענטש מיט דער ביקס" (ראָמאַן), „פיגורן אויפן ראַנד" (דערציילונגען), „דזשים קופּערקאָפּ" (דראַמאַטישער פּאַמפלעט), „די הייליקע שקלאָווער לבנה", „דער יום־טוב פון פריינדשאַפט", „אַנדערע מענטשן" (דערציילונגען), „זאַוועלער טראַקט" (דערציילונגען).

# 22 אָקטאָבער

## פערענץ ליסט



אונגאַרישער קאָמפּאָזיטאָר, פּיאַניסט־ווירטואָז, דיריגענט.
געב. 1811.10.22, אין דאָבאָריאַן (אונגאַרן). געשט. 1886.7.31, אין באַירייט (דייטשלאַנד).
זינט 1823 געלעבט אין פּאַריז, פּיל אַרומגערייזט מיט קאָנצערטן. געשאַפן אַ נייעם זשאַנר — סימפאָנישע פּאָעמע („טאַסאָ", „פּרעלודיאַ"), מחבר פון סימפאָניעס („פאַוסט", „דאַנטע"), פון אָראַטאָריעס און ראַפּסאָ־דיעס. אָנגעשריבן אַ בוך וועגן שאָפּענען און „וועגן די ציגיינער און זייער מוזיק אין אונגאַרן".

## סאַראַ בערנאַר



באַרימטע פראַנצויזישע אַקטריסע פון יידישער אָפּ־שטאַמונג.
געב. 1844.10.22, אין פּאַריז. געשט. 1923.3.26, דאָרטן.
געענדיקט די דראַמאַטישע שול ביי דער פּאַריזער קאָנ־סערוואַטאָריע. דעביוטירט אין 1862 אין דער „פראַנצוי־זישער קאָמעדיע". אויפגעטראָטן אין קלאַסישן און איר־ציייטיקן רעפּערטואַר. זיך אויסגעצייכנט אין די ווערק פון ראַסין, וואָלטער, הוגאָ, דיומאַ־זון („קאַמעליען־דאַמע").

## שמואל לעהמאַן

זאַמלער פון יידישן פאָלקלאָר.
געב. 1886.10.22, אין וואַרשע. געשט. 1941.10.24, אין וואַרשעווער געטאָ.
אין בוכפאָרם: „ווערטער, שפּריכווערטער וועגן שטעט און שטעטלעך", „אַרבעט און פרייהייט", „גנבים און גנבה" — ווערטער, שפּריכווערטער, לידער, אַנקעדאָטן און מעשיות. „ליבע־לידער פון גנבים", „די קינדער־וועלט" — ציי־לעניש און שפּילן מיט די נאָטן.

## דזשאָן ריד



אַמעריקאַנער שרייבער און רעוואָלוציאָנער.
געב. 1887.10.22, אין פּאָרטלענד, פּאַראייניקטע שטאַטן.
געשט. 1920.10.17, פון טיפוס, אין מאָסקווע.
אין 1914 פאַרעפנטלעכט זיין ערשט בוך „דאָס רעוואָלוציאָנערע מעקסיקע". מלחמה־קאָרעספּאָנדענט פון די אַמעריקאַנער צייטונגען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. איינער פון די גרינדער פון דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. מיטגליד פון קאָמינטערן (1919). מחבר פון וועלט־באַרימטן בוך „צען טעג, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די וועלט". באַערדיקט ביי דער קרעמל־וואַנט אין מאָסקווע.

## עליע ספּיוואַק



סאָוויעטיש־יידישער שפּראַך־פאָרשער.
געב. 1890.10.22, אין וואַסילקאָוו. געשט. 1950.4.6, אין תפיסה.
וויכטיקסטע אַרבעטן: „שפּראַך־קולטור (טעאָריע און פּראַקטיק)", „מאַרקס און ענגעלס וועגן שפּראַך־פּראָבלעמען", „נייע וואָרט־שאַפונג", „שלום־עליכמ׳ס שפּראַך און סטיל", „רוסיש־יידיש רעכטלעך־אַדמיניסטראַטיווער ווערטערבוך", „די שפּראַך אין די טעג פון דער פּראָלעטאַרישער מלחמה".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַלע שטומע ווילן רעדן אַ סך.

שיין שווייגן איז שווערער, ווי שיין רעדן.

אין דער יוגנט א בהמה, אויף דער עלטער אַ פערד.

אַ נאַר איז תמיד אַ בעל־גאווה.

# 23 אָקטאָבער

## שמריהו גאָרעליק

שרייבער.

געב. אין 1877, אין לאָכאָוויץ, לעבן פּאָלטאַווע, אוקראַינע. געשט. 1943.10.23, אין תל־אביב.

אין בוכפאָרם: „בריוו צו אַ פריינד", „די ליבע פראָווינץ", „ליטעראַטור־בילדער", „אין וואַנדער־לעבן", „גרויסע נשמות", „יידישע קעפּ", „יוסף בוד־קאָ", „עסייען" א. א.



מ. גאָטליב — אין שול

# 24 אָקטאָבער

## אימרע קאַלמאַן



אונגאַרישער אָפּערעטן־קאָמפּאָזיטאָר פון יידישער אָפּשטאַמונג.

געב. 1882.10.24, אין סיאָפאָק, אונגאַרן. געשט. 1953.10.30, אין פּאַריז.

געענדיקט די מוזיקאַלישע אַקאַדעמיע אין בודאַפּעשט. אַ סך יאָרן געלעבט אין ווין. איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון דער אַזוי־גערופענער „ווינער אָפּערעטע". זיינע אָפּערעטעס זענען אַדאַנק זייער שפּילעוודיקער לייכטקייט און סצענישקייט פּאָפּולער ביזן היינטיקן טאָג. וויכטיקסטע פון זיי: „סילוואַ" („די טשאַרדאַש־פירשטין"), „באַיאַדעראַ", „מאַריצאַ", „די צירק־פּרינצעסין", „די מאַרגאַריטקע פון מאָנמאַרטר".

## משה טייטש



שרייבער.

געב. אין יולי 1882, אין ישוב וואַרטאַצי, נישט ווייט פון ווילנע. געשט. 1935.10.24, אין מאָסקווע.

דעביוטירט אין מ. ספּעקטאָרס „די יודישע פאָלקסצייטונג". געשריבן לידער און דערציילונגען, אויך פאַר קינדער.

אין בוכפאָרם: „ביי דער אַרבעט" (לידער), „שריפטן", „פון אידישע קינדערס וועגן", „פּאָעמען", „דוד און בת־שבע" (היסטאָרישע דראַמע), „כראָניק־בוך", „אָקטאָבער־פּרייד", „דלאָניעס אין זון", „אַ הויף אויף טשעבאָטאַרסקע", „פאַר צוואַנציק יאָר", „דער טויט פון חבר וווליע" (ראָמאַן), „די קאָרע פון סמאָרגאָן" (דערציילונגען), „אינפּוזאָרישע ערד" (ראָמאַן), „דער וועג קיין דאָנבאַס", „זאַשטאַטנע" (עפּיזאָדן), „געקליבענע ווערק" א. אַנד.

# 25 אָקטאָבער

## זשאָרזש ביזע



פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר (פון יידישער אָפּשטאַמונג).
געב. 1838.10.25, אין פּאַריז, ביי אַ טאַטן אַ לערער פון געזאַנג. געשט. 1875.6.3, אין בוזשיוואַל (ביי פּאַריז).

צו 10 יאָר אָנגעקומען אין דער פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע. איינער פון זיינע פּראָפעסאָרן איז געווען דער קאָמפּאָזיטאָר האַלעווי, מיט וועמענס טאָכטער ער האָט חתונה געהאַט.

מחבר פון די אָפּערעס: „פּערלזוכער“, „קאַרמען“, „נח“, פון סימפאָניעס, אָפּערעטעס, קאַנטאַטעס.

## קאַרל־עמיל פראַנצאָז

עסטרייכיש־יידישער שרייבער

געב. 1848.10.25, אין טשאָרטקאָוו, גאַליציע. געשט. 1904.1.28, אין ווין.

געשריבן אין דייטש. זיין פאָטער איז געווען דער ערשטער ייד אין גאַליציע מיט העכערער בילדונג. געשריבן פיל וועגן יידישן לעבן: „די יידן פון באַרנאָוו“ (דערציילונגען), „דאָס געטאָ אין מזרח“ א. א. זיין גרעסט ווערק איז דער ראָמאַן „קאַמף פאַר רעכט“.

## פּראָפ. יוסף ליבערבערג



געב. 1898 .10.25 אין אַ שטעטל אין וואָלין, אוקראַינע.
געשטאָרבן אין פאַרשיקונג, אין 1938.

שטודירט אויפן קיעווער אוניווערסיטעט. פּראָפעסאָר און אָנפירער פון דער קאַטעדרע פאַר יידיש־פּראָלעטאַרישער קולטור ביי דער אוקראַינישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

זינט 1934 ביז זיין אַרעסט אין 1936 — פאָרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט אין בירא־בידזשאַן.

וויכטיקסטע ווערק: „עקאָנאָמישע און סאָציאַלע געשיכטע פון ענגלאַנד“, „אָקטאָבער־טעג“ (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע), „די אויפגאַבן פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע“, „יידיש־וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אין ראַטנפאַרבאַנד“.

# 26 אָקטאָבער

## מ. ל. האַלפּערן

### דער גאַסנפּויקער

זינגט דער פויגל פריי און פריילעך
ציטערט אויף זיין טראָן דער מלך,
ציטערן איז ניט כדאי,
זינג איך ווי דער פויגל, פריי,
און געשווינד,
ווי דער ווינט,
טאַנץ איך הפקר, טאַנץ איך בלינד,
גאַס אַריין און גאַס אַרויס! —
בין איך קראַנק און אַלט און גראָ,
וועמען אַרט עס האָ-האָ-האָ!
פאַר אַ קופּער-גראָשן בלויז
פּויק איך, אַז די פּויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
און איך דריי זיך רונד אַרום —
דזשין, דזשין, בום!

קומט אַ מיידל אַ מכשפה,
צינדט זיך אָן אין מיר אַ שרפה,
נעם איך זיך נאָך ווילדער דרייען,
און איך פּרעס צונויף די ציין,
און איך ברום:
— מיידל קום!
גיב די הענט, און נעם אַרום,
הייסער טאַנצט זיך עס צו צוויי.
כ'האָט אַזאַ ווי דו אַ שלאַנג,
מיר פאַרלאָזן ערשט ניט לאַנג.
קרענקט דאָס האַרץ און פּלאַצט פאַר צוויי —
פּויק איך אַז די פּויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
און איך דריי זיך רונד אַרום —
דזשין, דזשין, בום!

לאכן קינדער לוסטיק, מונטער,
פֿאַל איך ניט ביי זיך אַרונטער,
רירט זיך יונגען! פֿלינקער — האָפּ!
נאָכאַמאָל אַ זעץ אין קאָפּ.
נאָך אַ שפּיי!
סיי ווי סיי
מיטן שפּרונג גייט אַלץ פֿאַרביי.
צוגעווינט צו אַלדאָסבייז,
קנייפּ איך אַ שטיק ברויט אין טאַש
און איך זשליאָקע פֿון דער פֿלאַש.
ברענט דאָס בלוט, און רינט דער שוויים —
פּויק איך, אַז די פּויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
און איך דריי זיך רונד־אַרום,
דזשין, דזשין, בום־בום־בום.
דזשין, דזשין, בום!

אָט־אַזוי זיך דורכגעריסן,
דורכגעריסן, דורכגעביסן
מיטן קאָפּ ווי דורך אַ וואַנט,
איבער שטעג און וועג און לאַנד
מיט די ציין —
האַק דעם שטיין!
האַק דעם שטיין און בלייב אַליין!
הונט און שלעפּער, לומפּ און ווינט.
הפקר, הפקר דורך דער פּרעמד!
האָב איך ניט קיין ראָק, קיין העמד,
האָב איך ניט קיין ווייב, קיין קינד.
פּויק איך אַז די פּויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
און איך דריי זיך רונד־אַרום —
דזשין, דזשין, בום־בום־בום.
דזשין, דזשין, בום!

# 27 אָקטאָבער

## ניקאָלאָ פּאַגאַניני



איטאַליענישער פֿידל־ווירטואָז און קאָמפּאָזיטאָר.
געב. 1782.10.27, אין גענוע, אין דער משפּחה פֿון אַ קליינהענדלער און ליבהאָבער פֿון מוזיק. געשט. 1840.5.27, אין ניצע (פֿראַנקרייך). אין פֿיל יאָרן שפּע־טער זענען זיינע ערדישע רעשטלעך איבערגעפֿירט גע־וואָרן קיין פּאַרמע.
צום ערשטן מאָל אויפֿגעטראָטן מיט אַ זעלבשטענדיקן קאָנצערט אין 1793. זינט דאַן קאָנצערטירט אין פֿיל שטעט פֿון איטאַליע, עסטרייך, טשעכיע, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אומעטום באַגייסטערט אויפֿגענומען געוואָרן.
פּאַגאַניני איז דער שעפֿער פֿון דער הייניקער פֿידל־טעכניק. באַרימט אויך אַלס קאָמפּאָזיטאָר („24 קאַפּריטשיאָס", צוויי קאָנצערטן פֿאַר פֿידל אין באַ־גלייטונג פֿון אָרקעסטער א. א.).

## איוואַן מיטשורין



רוסישער ביאָלאָג.
געב. 1855.10.27, אין אַ דאָרף פֿון ריאַזאַנער גובערניע.
געשט. 1935.6.7, אין מיטשורינסק (געוו. קאָזלאָוו).
געלערנט אין דער ריאַזאַנער גימנאַזיע, פֿון וועלכער אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿאַרן „נישט אָפּגעבן כבוד נאַ־טשאַלסטווע". געאַרבעט אַלס קאָנטאָר־אָנגעשטעלטער אויף דער באַן־סטאַציע קאָזלאָוו און אין דער פֿרייער צייט זיך אָפּגעגעבן מיט זיין באַליבטער אַרבעט: גערט־נעריי. זיינע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן און עקספּערימענטן האָבן געעפֿנט אַ נייַ קאַפּיטל אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ביאָלאָגישער וויסנשאַפֿט.

### פֿון יידישן פֿאָלקס־אוצר

ניי איז געטריי.

צו איטלעכן נייעם ליד קאָן מען צופּאַסן אַן אַלטן ניגון.

אַז אַ קינד פֿאַלט, שטעלט דער מלאך די הענט אונטער.

# 28 אָקטאָבער

## משה מאָנטעפיאָרע



יידישער שתדלן און פילאַנטראָפּ.

געב. 1784.10.28, אין ליוואָרנאָ, איטאַליע, אין דער משפחה פון אַ קליינהענדלער. געשט. 1885.7.25, אין לאָנדאָן.

אין ענגלאַנד געגרינדעט אַן אייגן באַנק־הויז, די ערשטע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט צו באַלייכטן די לאָנדאָנער גאַסן מיט גאַז און אַ ריי אַנדערע אונטערנעמונגען. געוואָרן רייך. אַריין אין דער געשיכטע ווי אַ יידישער שתדלן און פילאַנטראָפּ, שטאַרק געקעמפט קעגן דמשקער עלילת־דם (1840). זיין בילד איז געהאָנגען אין פיל יידישע הייזער.

## אליקום צונזער



פּאָפּולערער פאָלקס־זינגער און פּראָפעסיאָנעלער בדחן.

געב. 1840.10.28, אין ווילנע. געשט. 1913.9.22, אין ניו־יאָרק.

פון 1889 — אין אַמעריקע. זיין ערשט לידער־ביכל איז דערשינען אין ווילנע, 1862, א. נ. „שירים חדשים“ („10 הערליכע לידער“), אין פאַרשידענע צייטן זענען אין רוסלאַנד און אַמעריקע אַרוים איבער 60 זאַמלונגען פון צונזערס לידער. אייניקע לידער זיינע, ווי למשל, די פּאָפּולערע „סאָכע“, א. א. זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין רוסיש און דייטש.

אונטער דער רעדאַקציע פון מ. שעכטער, אַרויסגעגעבן דורכן ניו־יאָרקער ייוואָ, איז לעצטנס דערשינען אַן אַקאַדעמישע צווייבענדיקע אויסגאַבע פון אַלע צונזערס ווערק, מיט קאָמענטאַרן און אויפקלערונגען.

# 29 אָקטאָבער

דוד האָפשטיין

## פרעגסט מיך

פרעגסט מיך, שטילער ברודער,
ווער וועט צאָלן
פאַר די טאָלן ביינער,
פאַר די טייכן בלוט?
הער־זשע, ברודער!
אייביק, אייביק
פאָכען מענטשן
מיט דער שווערד...
אייביק, אייביק!
נאָר ס'האָט קיינמאָל
אַזוי גלויביק
ניט געהויבן זיך קיין האַנט!
ס'האָט נאָך קיינמאָל
אַזוי זיכער
ניט געטראָגן זיך קיין וויכער
איבער מענטשן־ראַנד...

# 30 אָקטאָבער

## זעליק-הירש קאַלמאַנאָוויטש



שריפטשטעלער, פילאָלאָג.
געב. 1881.10.30, אין גאָלדינגען (לעטלאַנד). סעפטעמבער 1943 אַרויסגעפירט קיין נאַרווע, איינעם פון די טויט-לאַגערן אין עסטלאַנד, וווּ ער איז אומגעקומען (אין 1944).
געהערט צו די אָנפירנדיקע טוער פון ייוואָ אין ווילנע. פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי פילאָלאָגישע אַרבעטן. איבערגעזעצט צווישן אַנדערע די „יידישע געשיכטע" פון ש. דובנאָוו, „די יידישע מלחמות" — פון יוסף בן מתתיהו הכהן (יוסיפוס פלאַוויוס), „יוד זיס" פון ליאָן פויכטוואַנגער.
בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע געווען אין ווילנער געטאָ. איבערגעלאָזט אַ טאָג-בוך געשריבן אין געטאָ.

## שמואל זאַראַמב

(משה-צבי פיינציייג)



שרייבער.
געב. אין 1896, אין בראָק, צווישן אָסטרוו-מאַזאָוויעצק און ווישקאָוו, פוילן. אומגעקומען 1941.10.30, אין ביעס-וויעזשער געטאָ, וווהין ער איז דערגאַנגען נאָכן אָנפאַל פון היטלער-דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד.
מחבר פון לידער, נאָוועלן, עסייען, אַרטיקלען.
אין בוכפאָרם: „לידער, פּאָעמעס, נאָוועלן, עסייען" (פרץ-פאַרלאַג, תל-אביב, 1962).

# 31 אָקטאָבער

## היינריך גרעץ



היסטאָריקער.
געב. 1817.10.31, אין קסיאָנזש, פּויזנער געגנט. געשט. 1891.9.7, אין מינכען. צו קבורה געבראַכט אין װראָצלאַװ.
געלעבט אין װראָצלאַװ, װוּ געװען פּראָפעסאָר אין דער דאָרטיקער ראַבינער־שול.
איבער זײַן „געשיכטע פון ייִדן פון די עלטסטע ביז די היינטיקע צייטן" (12 בענדער) געאַרבעט 22 יאָר (1853—1875).

### פון ייִדישן פאָלקס־אוצר

בעסער אַ נאָענטער גראָשן, איידער אַ װײַט קערבל.

בעסער דעם בעקער, װי דעם דאָקטער.

בעסער מיט אַ קלוגן אין גיהנום, איידער מיט אַ נאַר אין גן־עדן.

בעסער מיט אַ קלוגן פאַרלירן, איידער מיט אַ נאַר צו געװינען.

זיבן מאָל מעסטן, איין מאָל אָפּשנײַדן.

גיב דעם בער אַ װײַב, װעט ער אויך אויפהערן צו טאַנצן.

ער איז ברוגז אויפן חזן, ענטפערט ער קיין „אמן" ניט.

פאַרװאָס פאַרמאַכט דער האָן די אויגן בשעת ער קרייעט? זאָל די װעלט װיסן, אַז ער קען אויף אויסנװייניק.

דער לוח טרעפט אויך אַמאָל.

װוּ אַ סוד, דאָרט איז אַ גנבה.

פאַר אַ װײַב איז קיין סוד ניטאָ.

# 1 נאָוועמבער

## סטעפאַן זשעראָמסקי



פּוילישער שרייבער.

געב. 1864.11.1, אין סטראַוואַשינע ביי קעלץ, אין אַ פאַר־אָרעמטער שלאַכטישער משפחה. געשט. 1925.11.20, אין וואַרשע.

געלערנט אין דער וואַרשעווער העכערער וועטערינאַר־שול. געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער פּוילישער אינטעלי־גענץ און יוגנט.

וויכטיקסטע ווערק: „ערב פרילינג“, „אַש“, „סולקאָווס־קי“, „דער געטרייער טייך“, „היימלאָזע מענטשן“ (די מערסטע פון זיי פאַראַן אויך אין יידיש).

## דער נסתר

### (פּנחס קאַהאַנאָוויטש)



סאָוועטיש־יידישער שרייבער.

געב. 1884.11.1, אין בערדיטשעוו, אוקראַינע, געשט. 1950.6.4, אין תפיסה.

זיין ערשט בוך „געדאַנקען און עטיודן“ איז דערשינען אין ווילנע, אין 1907. שפּעטער: „העכער פון דער ערד“, „געזאַנג און געבעט“, „מעשהלעך אין פערזן“, „מאָטיוון“, „געדאַכט“ א. א. זיין וויכטיקסט ווערק — דער צוויי־בענדיקער ראָמאַן „די משפחה מאַשבער“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

פאַר דעם נאָענטסטן קרוב זאָל מען נישט זיין ערוב.

אַ גוט מאָרגן ברענגט אַ גוט יאָר.

בדי צו דערקענען אַ מענטשן מוז מען מיט אים אויפעסן אַ פוד זאַלץ.

# 2 נאָוועמבער

## מאַרק (מרדכי) אַנטאָקאָלסקי



סקולפּטאָר.

געב. 1843.11.2, אין ווילנע. געשט. 1902.7.3, אין האַמבורג. באַערדיקט אין פּעטערבורג, אויפֿן פּרעאָבראַזשענסקער יידישן בית=עולם.

צו זיינע וויכטיקסטע סקולפּטור=ווערק געהערן: „דער שניידער“, „דער קאַרגער“, „דאָס יינגל, וואָס גנבעט עפּל“, „אינקוויזיציע“, „נתן דער חכם“, „ספּינאָזע“, „איוואַן דער גרויזאַמער“, „פּיאָטר דער ערשטער“, „יעזוס“, „סאָקראַט“, „מעפיסטאָפעל“, „איוואַן טורגעניעוו“, „נעסטאָר“, „יערמאַק“.

איבערגעלאָזן אין כתב=יד אַ ביאָגראַפיע און אַ ראָמאַן „בן=יצחק“.



מ. אַנטאָקאָלסקי: שפּאַנישע אינקוויזיציע

# 3 נאָוועמבער

## משה־לייב ליליענבלום



פאָרשטייער פון דער השכלה אין רוסלאַנד.

געב. 1843.11.3, אין קיידאַן, ליטע. געשט. 1910.2.12, אין אָדעס.

אויפן פינפטן לעבנסיאָר, ווי דער מנהג אין יענע צייטן, אַוועק אין חדר. צו 15 יאָר האָבן אים די עלטערן חתונה געמאַכט. פרי זיך אָנגעהויבן דרוקן אין די העברעיִשע זשורנאַלן פון יענער צייט. אין 1871 אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין יידישן „קול מבשר“, וווּ פאַרעפנטלעכט פיל פובליציסטישע אַרטיקלען. צו די וויכטיקסטע ווערק זיינע געהערט דאָס בוך „חטאת נעורים“.

## עדואַרד באַגריצקי

(דזיובין)



סאָוויעטיש־רוסישער פּאָעט.

געב. 1895.11.3, אין אָדעס, אין אַ בירגערלעכער יידישער משפּחה. געשט. 1934.2.16, אין מאָסקווע.

וויכטיקסטע ווערק: „דומע וועגן אָפּאָנאַסן“ (פּאָעמע וועגן בירגער־קריג אויף אוקראַינע), „דרום־מערב“, „זייגער“, „די לעצטע נאַכט“ (לידער).

באַגריצקיס שאַפן האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אויף דער סאָוויעטישער דיכטונג.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

פאַרוואָס זאָגט מען „שיכור ווי לוט“ און ניט ווי נח, וועלכער איז געווען אַ טרינקער נאָך פריער פאַר לוטן?

— ווייל נח, אַ פאָטער פון דריי אויסגעגעבענע זין האָט אייגנטלעך געמעגט טרינקען, אָבער ניט לוט, אַ טאַטע פון צוויי איבערגעוואַקסענע מיידן.

# 4 נאָוועמבער

## מיכל גאָרדאָן



העברעיש־יידישער דיכטער.
געב. 1823.11.4, אין ווילנע. געשט. 1890.12.24, אין קיעוו.
אין אָנהייב געשריבן אויסשליסלעך אין העברעיש, שפּע־טער אַריבער צו יידיש. אַדאַנק זיינע פאָלקסטימלעכע יידישע לידער געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער.
אין בוכפאָרם אין יידיש: „די באָרד און דערצו נאָך אַנדערע שיינע יידישע לידער", „שירי מ. גאָרדאָן — יידישע לידער פון מיכל גאָרדאָן".

## סאַמואיל מאַרשאַק



רוסישער פּאָעט, קינדער־שרייבער, איבערזעצער.
געב. 1887.11.4, אין וואָראָניעזש, ביי אַ טאַטן אַ זייף־מאַכער, וועלכער האָט אין דאָזיקן זכות געהאַט דאָס רעכט צו וווינען מחוץ דעם תחום המושב. געשט. 1964.7.4, אין מאָסקווע.
אַ וויכטיק אָרט אין זיין שאַפן פאַרנעמען די איבערזע־צונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, באַזונדערס פון שעקס־פּיר, בייראָן, בערנס, היינע און פּעטעפי.

## ביניש זילבערשטיין

שרייבער.
[געב. אין 1902, אין אַ דאָרף אין מערב־גאַליציע. אומגעקומען אין נאָ־וועמבער 1942, אין אָשוויענטשים].
פון 1935 — אין אַנטווערפּן, בעלגיע.
דעם 10 אַפּריל 1942 געכאַפּט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און אָפּגע־שיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, ווו אָנטיילגענומען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אויפן וועג אין גאַז־קאַמער זיך פאַרמאָסטן מיט אַ שטיין קעגן דער וואַך און דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.
אין בוכפאָרם: „אין אייגענעם קרייז" (לידער), „סאַנט העלענע אינדזל" (וועגן לעבן פון אומהיילבאַר קראַנקע), „הימן צו אויסגעלייזטער ערד" (קאָנ־פיסקירט דורך דער פּוילישער סאַנאַציע־מאַכט), „אייביק פאַרמשפּטע", „פּינצ־טערע דערציילונגען", „ברויט" (ראָמאַן), „בלוט אויף מיינע הענט" (נאָוועלן).

# 5 נאָוועמבער



## בן־ציון אַלפּס

שריפֿטשטעלער.
געב. 1850.11.5, אין ווילנע. געשט. 1940.12.23, אין ירושלים.
מחבר פֿון אַ סעריע ביכער אין צען טיילן (ווילנע, 1900) אונטערן נאָמען „מעשה אַלפּס", וואָס איז אַמאָל שטאַרק געלייענט געוואָרן. אויך פיל איבערגעזעצט פון העברעיש אין יידיש. איבערגעלאָזט אַן אויטאָביאָגראַפּיע („זכרונות").



## יכנה"ז

### (ישעיה־ניסן גאָלדבערג)

שריפטשטעלער.
געב. 1858.11.5, אין מאָהילנע, ביים ניעמאַן, מינסקער געגנט. געשט. 1927.3.30, אין מינסק.
דעביוטירט אין 1878 מיט פעליעטאָנען אין העברעיש און יידיש. פון 1891 ביזן טויט געלעבט אין מינסק, געדרוקט זיך אין די סאָוועטיש־יידישע צייטונגען און זאַמלביכער. סך־הכל אָפּגעדרוקט אַרום 500 דערציילונגען און סקיצן.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ מיידל דאַרף זיך פוצן פאַר פרעמדע בחורים און אַ ווייבל פאַרן אייגענעם מאַן.

ווייבער פירן צום גוטן אָדער צום בייזן — סיי ווי פאַרפירן זיי.

אַ פרוי ברענגט אַרויס מער אין אַ קרעכץ, איידער אַ מאַנספאַרשוין אין גאַנצן „על־חטא".

אַ מיידל איז ווי אַ זיידן טיכל — אַז עס ווערט נאָר אַ פלעק, קאָן מען עס מיט זיבן זייפן נישט אויסוואַשן.

# 6 נאָוועמבער

## יוליאַן (יהודה־לייב) קליאַטשקאָ



פּוילישער געזעלשאַפטלעכער טוער און שרייבער (פּאָעט, פּובליציסט, ליטעראַטור־קריטיקער און היסטאָריקער).
געב. 1828.11.6, אין ווילנע. געשט. 1906.11.26, אין קראָקע.
באַקומען אַ גלענצנדיקע יידישע און אַלגעמיינע דערציונג. שטודירט אין היידעלבערג, קעניגסבערג און שפּעטער אין פּאַריז. אין 1842 אַרויסגעלאָזט אַ בוך לידער און פּאָעמעס. די עסטרייכישע רעגירונג האָט אים איינגעלאַדן קיין ווין אַלס מיטגליד פון ראַט ביים עסטרייכישן אויסערן־מיניסטעריום. געווען אויך מיטגליד פון עסטרייכישן לאַנדטאַג (1870). זיך באַרימט געמאַכט אַלס פּאָליטישער שרייבער און מיט זיינע אַרטיקלען וועגן קונסט.

צו זיינע וויכטיקסטע ווערק געהערן: „פלאָרענטינער אָוונטן“, „רוים און דער רענעסאַנס“, „סקיצן און ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ ליגנער גלויבט ניט קיינעם.

אַ ליגנער מוז האָבן אַ גוטן זכרון.

דעם ליגנער גלויבט מען ניט, ווען ער זאָגט אפילו דעם אמת.

אַ גוטער ליגן איז אויך אַמאָל ווערט געלט.

ער זאָגט נאָר צוויי מאָל אין יאָר אַ ליגן — ווינטער און זומער.

דו ביסט דאָך נישט קיין ליטוואַק, פאַר וואָס־זשע ביסטו אַ חזיר?

אַז מען לעבט, דערלעבט מען.

וו רויך, דאָרט איז אַ פייער.

# 7 נאָוועמבער

## יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע

די גרויסע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד דעם 25 אָקטאָבער (7 נאָוועמבער) 1917, אין פעטראָגראַד. במשך פון 3—4 חדשים האָט די רעוואָלוציע געזיגט אין גאַנץ רוסלאַנד.

## מאַריאַ סקלאַדאָווסקאַ־קירי



פוילישע פיזיקערין.
געב. 1867.11.7, אין וואַרשע. געשט. 1934.7.4, אין סאַנסעלמאָ, אין פראַנקרייך.
צוזאַמען מיט איר מאַן — פּיער קירי — אַנטדעקט ראַדיום, פאַרוואָס זיי האָבן באַקומען צוויי מאָל די נאָבל־פּרעמיע (1903 און 1911).

## פּרץ הירשביין



שריפטשטעלער, דראַמאַטורג.
געב. 1880.11.7, אין דער משפחה פון אַ מילנער, נישט ווייט פונעם שטעטעלע קלעשטשעל, גראָדנער קאַנט (ווייסרוסלאַנד). געשט. 1948.8.16, אין לאָס אַנדזשעלעס.
דעביוטירט אין העברעיש מיט לידער און דראַמעס. אין 1906 פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע דראַמע אין יידיש („אויף יענער זייט טייך“).
געשאַפן אין אָדעס די „דראַמאַטישע טרופע אונטער דער לייטונג פון פּרץ הירשביין“, וואָס האָט געשפּילט זיינע אייגענע פּיעסן, ווי אויך די ווערק פון ש. אַש, שלום־עליכם, דוד פּינסקי, יעקב גאָרדין א. א. פּיל אַרומגערייזט (צוזאַמען מיט זיין פרוי, דער דיכטערין אסתר שומיאַטשער). פון 1911 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „פון וועג צו וועג“ (דראַמען), „מיין בוך“, „פון ווייטע לענדער“, געזאַמלטע דראַמען (אין 5 בענדער), „איבער אַמעריקע“, „איינאַק־טערס“, „עלנט און נויט“, „אַרום דער וועלט“, „ארץ ישראל“, „אינדיע“, „פעל־קער און לענדער“, „שוואַרצבורד — צען חדשים מיט די יידישע איבערוואַנדע־רער אין ראַטנפאַרבאַנד“, „מיינע קינדער־יאָרן“, „רויטע פעלדער“ (ראָמאַן), „בבל“ (טרילאָגיע), „אין גאַנג פון לעבן“.

# יואל ענטין



שריפטשטעלער.
געב. 1874.11.7, אין פּאָהאָסט, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1959.2.26, אין ניו־יאָרק.
אין בוכפאָרם: „וואָס איז ליטעראַטור“, „די זיילן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור — ניין לעקציעס וועגן מענדעלע מוכר ספרים, ש“ע און י. ל. פּרץ“, „יידישע פּאָעטן — האַנטבוך פון יידישער דיכטונג“, „פון פאָלקס מויל — מעשיות פאַר קינדער“.

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַז מען זאָגט דעם אמת, פאַרשפּאָרט מען צו שווערן.

מיט די יאָרן אַלץ שוואַכער די ציין און דער זכרון.

ווי צו זיבן, אַזוי צו זיבעציק.

וואָס מען כאַפּט אַריין אין דער יוגנט איז אויף דער עלטער ווי געפונען.

אַלט זאָל מען ווערן אָבער נישט זיין.

אַז מען וויל נישט אַלט ווערן, זאָל מען זיך יונגערהייט אויפהענגען.

וואָס דו האָסט צו עסן, עס מאָרגן, וואָס דו האָסט מאָרגן צו טאָן, טו היינט.

דער אתרוג קאָסט די גאַנצע געלט, און איבערן לולב מאַכט מען די ברכה.

ער נעמט זיך אָן גאָטס קריוודע.

אַז גאָט וויל איינעם שטראָפן, נעמט ער ביי אים דעם שכל אַוועק.

אַז גאָט וויל שיסט אַ בעזים אויך.

גאָט איז גאָט און בראָנפן איז בראָנפן.

גאָט הייסט אויך קיין נאַר ניט זיין.

# 8 נאָוועמבער

## ש. אַנ־סקי



**(שלמה־זיינוול ראַפּאַפּאָרט)**

געב. אין 1863, אין טשאַשניק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1920.11.8, אין וואַרשע (באַערדיקט אויפֿן גענשער בית־עולם אין „אוהל פּרץ“).

זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן מיט דערציילונגען און לידער לכתחילה אין רוסיש, שפּעטער אין יידיש. זיך אָפּגעגעבן אויך מיטן יידישן פאָלקלאָר. געשאַפֿן אין ווילנע דעם יידישן היסטאָריש־עטנאָגראַפֿישן מוזיי.

צו אַנסקיס וויכטיקסטע ווערק געהערן: „דער אשמדאי“, „צווישן צוויי וועלטן אָדער דער דיבוק“ (וואָס איז געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג אויף דער יידישער און העברעישער בינע און דורך אַ ריי אייראָפּעישע און אַמעריקאַנער טעאַטערס), „טאָג און נאַכט“ (פֿאַרענדיקט דורך אַלטער קאַציזנע און געשטעלט דורך דער „ווילנער טרופּע“), „חורבן גאַליציע“, „דער טוירעם פון רוים“.

### ש. אַנ־סקי

## דער שניידער

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אַלט,<br>
אין יעדן ווינקל, מיסט און קויט,<br>
ס'איז פינצטער, אומעטיק און קאַלט,<br>
אַ קראַנקער שניידער זיצט און נייט.

דער שניידער נייט,<br>
די נאָדל נייט,<br>
דער מות דרייט.<br>
ס'איז גרויס די נויט,<br>
נישטאָ קיין ברויט,<br>
נישטאָ קיין ברויט!

דער פּנים געל, פֿאַרצאָגט, פֿאַרטראַכט,
די נאָדל רודערט טאָג און נאַכט!
פֿון צייט צו צייט אַ פּוסטער הוסט
האַלט אויף די האַנט, רייסט אויף די ברוסט

דער שניידער נייט...

אין שטוב איז אומעטיק און פּוסט,
פֿון בעט אַ זיפֿץ, פֿון וויג אַ הוסט,
אַ קליינער לעמפּל ברענט זיך שוואַך,
אַ דראָבנער רעגן קלאַפּט אין דאַך.

דער שניידער נייט...

וואָס טוסטו, שניידער, אויף דער וועלט?
„איך לעב"... אַ שוידערלעכע קעלט
נעמט אָן ביים האַרץ, פֿאַרפֿלוכטע נויט!
אַז דאָס הייסט לעבן, — וואָס איז טויט?!

דער שניידער נייט...



מ. אַנטאָקאָלסקי: דער שניידער (סקולפּטור)

# 9 נאָוועמבער

## איוואַן טורגעניעוו



רוסישער שרייבער.
געב. 1818.11.9, אין ספּאַסקאָיע לוטאָווינאָוואָ, אָרלער גובערניע. געשט. 1883.9.3, הינטער פּאַריז (באַערדיקט אין פּעטערבורג).
פיל יאָרן געלעבט אין פראַנקרייך. טייל פון זיינע ווערק זענען פאַראַן אויך אין יידיש.
וויכטיקסטע פון זיי: „כתבים פון אַ יעגער", „רודין", „פּריצישע נעסט", „עלטערן און קינדער", „רויך", „פרילינג־וואַסערן".

## ד"ר יצחק שיפּער



היסטאָריקער.
געב. 1884.11.9, אין טאַרנאָוו, גאַליציע. אומגעקומען 1943.11.5, אין מיידאַנעק.
צו זיינע גרעסערע אַרבעטן געהערן: „די ווירטשאַפטס־געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעתן מיטלאַלטער" (4 בענדער), „קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעתן מיטלאַלטער", „געשיכטע פון דער יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צייטן ביז 1750" (2 ב.), „דער אָנהייב פון „לשון אשכנז" אין דער באַ־לייכטונג פון אָנאָמאַסטישע קוועלן", „די עלטסטע שפּורן פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור", „קולטור־געשיכטלעכער באַן פון דער עלטסטער יידי־שער ליטעראַטור" און פיל אַנדערע.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ קללה איז נישט קיין טעלעגראַמע, זי קומט נישט אָן אַזוי גיך.

איין האָר פון אַ מיידלס קאָפּ שלעפּט שטאַרקער פון צען אָקסן.

אַ טראָפּן ליבע ברענגט אַמאָל אַ ים טרערן.

איין שטיקל האָלץ קאָן אַליין נישט ברענען.

# 10 נאָוועמבער

## פרידריך שילער



דייטשישער דיכטער און דראַמאַטורג.
געב. 1759.11.10. געשט. 1805.5.9.
פאָרשטייער פון „שטורעם־ און דראַנג“־פעריאָד.
וויכטיקסטע ווערק: „די רויבער“ (טראַגעדיע), „אינטריגע און ליבע“, „דאָן קאַרלאָס“, „מאַריאַ סטיואַרט“, „וואַלענשטיין“ (טרילאָגיע), „ווילהעלם טעל“.

## זאָפיאַ נאַלקאָווסקאַ



פוילישע שרייבערין.
געב. 1885.11.10, אין וואַרשע. געשט. 1954.12.17, דאָרטן.
דעביוטירט אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן מיט דערציילונגען און לידער. איר בוך „מעדאַליאָנען“, כאָטש נישט גרויס אין פאָרנעם, איז אַ שטאַרק ווערק וועגן דער יידישער טראַגעדיע אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע.
וויכטיקסטע ווערק: „ראָמאַן פון טערעזע הענערט“, „דאָס הויז איבער די לאָנקעס“, „נישט גוטע ליבע“, „די גרענעץ“, „לעבנסקנופּן“, „דאָס הויז פון די ווייבער“ (דראַמע) „דער טאָג פון זיין צוריקקער“ (דראַמע).

## יאַשע בראָנשטיין



סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור־קריטיקער.
געב. 1897.11.10, אין בעלסק, ווייסרוסלאַנד. געשט. אין לאַגער, דעם 1938.5.2.
אין בוכפאָרם: „אַטאַקע“ (ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען), „פּערספּעקטיקע פּאָזיציעס“, „שעפערישע פּראָבלעמען פון דער יידישער סאָוועטישער פּאָעזיע“ א. אַנד.

# 11 נאָוועמבער

## פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי



רוסישער שרייבער.

געב. 1821.11.11, אין מאָסקווע. געשט. 1881.2.9, אין פעטערבורג.

אין דער יוגנט געהערט צו די „פעטראַשעווצעס“. געווען פאַרמשפּט צום טויט, פאַרביטן אויף 4 יאָר קאַטאָרגע. וויכטיקסטע ווערק: „פאַרצייכענונגען פון טויטן־הויז“, „דערנידעריקטע און באַליידיקטע“, „פאַרברעכן און שטראָף“, „אידיאָט“, „ברידער קאַראַמאַזאָוו“ (אַלע פאַראַן אין יידיש).

## גוסטאַוו קאַרפּעלעס



ליטעראַטור־פאָרשער.

געב. 1848.11.11, אין לאָשיץ, מערן, טשעכיע. געשט. 1909.7.21, אין בערלין.

געענדיקט דעם וראָצלאַווער ראַבינער־אינסטיטוט. זיינע ערשטע אַרבעטן זענען געווען וועגן ל. בערנע און ה. היינע.

באַקאַנט מיט זיין „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור“ (אין 2 בענדער, 1888, אין דייטש) — דער ערשטער פּרוּוו פון אַ סיסטעמאַטישער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור זינט אירע אָנהייבן. פאַראַן אַן איבערזעצונג אין יידיש פון פאַלק האַלפּערן (1927).

קאַרפּעלעס איז אויך דער מחבר פון דער „אַלגעמיינער געשיכטע פון דער ליטעראַטור“.

## אליהו־יעקב גאָלדשמידט



שריפטשטעלער און לערער אין די יידישע שולן אין ווילנע.

געב. 1882.11.11, אין קרייצבורג, לעטלאַנד. אומגעקומען אין ווילנער געטאָ, יולי 1941.

אין בוכפאָרם: „ליטע“, „פון לויטערן קוואַל“, „ביי די ברעגן פון ניל“ (ראָמאַן), „אין צייטן פינצטערע און בייזע“ (פּאָעמעס און נאָוועלן).



## לייב קוויטקאָ

סאָוויעטיש־יידישער דיכטער.

געב. 1890.11.11, אין אָלעסקאָוואָ, אוקראַינע. אומגע־קומען דעם 1952.8.12.

דעביוטירט אין 1918, אין זאַמלבוך „אייגנס“ (קיעוו).

אין בוכפאָרם: „טריט“, „רויטער שטורעם“, „גרין־גראָז“, „1919“, „פּאָגראָם־ליריק“ א. אַנד.

זיינע קינדער־לידער און דערציילונגען זענען איבערגע־זעצט געוואָרן אויף כמעט אַלע שפּראַכן פון ראַטנפאַר־באַנד.

## לייב קוויטקאָ

### די וויג

צו מיר איז אָנגעקומען,
אַז מ׳האָט אָפּגעשאַפט דאָס וויגן,
מע האַלט, אַז געזונטער איז
מע זאָל דאָס קינד פאַרגליווערט ליגן —
איך גלייב דער וועלט, — זי איז גערעכט מסתם.
און מיר ליגט נאָך ביז היינט די וויג אין טעם.

מיט צוגעמאַכטע אויגן
איינהערן דאָס קול פון מאַמען, —
מע פליסט פון ריינסטן קוואַל,
פון וואַנען דיינע טרוימען שטאַמען.
זי וויגט די וויג, — באַוועגט מיך מיט דער וועלט,
וואָס כ׳האָב אַליין מיט אויגלעפלעך פאַרשטעלט.

כ׳זאָל זיין אַ קינד, וואָלט איך דערקלערט אַ קריג, —
אַז לעבן זאָל די וויג!

# 12 נאָוועמבער



## סון־יאַט־סען

כינעזישער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַט.
געב. 1866.11.12. געשט. 1925.3.12, אין פּעקין.
קעמפער פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג פון כינעזישן פאָלק. נאָכן אַראָפּוואַרפן די מאַנדזשורישע דינאַסטיע (1911) געווען דער ערשטער פרעזידענט פון דער כינעזישער רעפּובליק. הייס באַגריסט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ווער עס וווינט אין אַ גלעזערן הויז טאָר קיין שטיינער נישט וואַרפן.

די מסירה האָט מען ליב, דעם מוסר האָט מען פיינט.

אַ מוסר הענגט מען אויף דער צונג.

אַלע אָרעמעלייט האָבן גוטע הערצער.

מיט אַ קליין ביינדל קאָן מען זיך אויך דערוווערגן.

פאַרבעס גייען אין באָד! איך בין קיין פאַרד נישט.

אַ פאַרד טאָר נישט זיין קיין ראש־הקהל — ער האָט אָן דעם אויך גענוג אויפן קאָפּ.

וואָס מער דו וועסט פון זיך בלאָזן, אַלץ מער וועלן מענטשן דיך פאַרלאָזן.

אויף נסים טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזן.

א נעמער איז נישט קיין געבער.

דער גבאי האָט דאָס בעסטע מילכיקס, ווייל ער מעלקט די גאנצע שול.

א משכון זאָל מען פארזעצן, און א גביר זאָל מען זיין.

אַז דער מאָגן איז לער איז דער שלאָף שווער.

# 13 נאָוועמבער

## יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי



פּויִלישער גענעראַל, מיליטערישער אָנפירער פון דער פּאַריזער קאָמונע.

געב. 1836.11.13. געפאַלן אויף די באַריקאַדן אין פּאַריז, ביים פאַרטיידיקן די קאָמונע, דעם 1871.5.23.

צוהערער פון דער אַקאַדעמיע ביים גענעראַל-שטאַב אין פּעטערבורג. דאָ זיך באַפריינדעט מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן. איינער פון די, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם אויפשטאַנד קעגן צאַריזם אין 1863. אַרעסטירט אין 1862 און פאַרמשפּט צו 15 יאָר קאַטאָרגע. אַנטלאָפן פון איבערשיקונגס-פּונקט. פון 1865 אין פּאַריז.

## פון יידישן פאָלקס-אוצר

דער באַרימטער יידישער פאָלקס-זינגער, וועלוול זבאַרזשער, וואָס האָט נישט פיינט געהאַט די געשמאַקע רומעניישע וויינען, האָט פאַרגעסן באַצייטנס צושיקן געלט זיין ווייב. האָט זי זיך אַליין מטריח געווען קיין מאָלדאַוויע, אים אָפּגעזוכט ערגעץ אין אַ שענק ביי אַ גלעזל און זיך צעלאָזט מיט אַ מענה-לשון. וועלוול האָט זיך נישט פאַרלוירן און איר רואיק דערלאַנגט אַ גלאָז וויין. אַ דורשטיקע האָט זי אַ גוטן זופּ געטאָן פון דעם ביטערלעכן וויין און זיך צעבייזערט:

— פּע, ס'איז ביטער!

— וואָס דען מיינסטו? מ'לעקט דאָ האָניק? — האָט איר וועלוול מיט תמימות געענטפערט.

* * *

בעת גאָט האָט באַשאַפן די וועלט און געגאַנגען שאַפן דעם ישוב, האָט ער אַרויסגעשיקט אַ מלאך מיט צוויי זעק נשמות. איין זאַק איז געווען אָנגעפילט מיט קלוגע און דער צווייטער — מיט סאַמע נאַרישע. שוועבנדיק אַזוי איבערן כדור-הארץ האָט ער געזייט פון דער הייך אויף דער ערד אַראָפּ די נשמות, אַ הויפן נאָך אַ הויפן. אַ הויפן קלוגע און אַ הויפן נאַרישע, און אַזוי האָט ער גלייך איינגעטיילט די וועלט, אַז ס'זאָל נישט אויספאַלן פאַר איין שטאָט מער קלוגע אָדער נאַרישע נשמות, ווי פאַר דער צווייטער.

פליענדיק איבערן אָרט, וווּ אַצינד שטייט כעלעם, האָט מיטן מלאך געטראָפן אַן אומגליק: ער האָט זיך פאַרטשעפּעט מיטן זאַק נאַרישע נשמות אין שפּיץ באַרג. דער זאַק האָט זיך צעריסן און אַלע נאַרישע נשמות האָבן זיך אויסגעשאָטן אויף איין אָרט.

און באַלד טאַקע איז אויסגעוואַקסן כעלעם.

# 14 נאָוועמבער

## לעאָפּאָלד סטאַף



פּוילישער פּאָעט, דראַמאַטורג, איבערזעצער. איינער פון די באַדײַטנדיקסטע פּוילישע ליריקער.
געב. 1878.11.14, אין לעמבערג. געשט. 1957.5.31, אין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענגאַ.
וויכטיקסטע ווערק: „טרוימען וועגן גרויסקייט", „פֿאַר די בלויע פֿייגל", „בליענדיקער צווייגל", „אין שאָטן פון שווערד", „דער רעגנבויגן פון טרערן און בלוט", „דער קאָליר פון האָניק".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ ייד גייט אין גאַס פאַרזאָרגט, ווי דער שטייגער. באַגעגנט אים אַ באַקאַנטער און גיט אַ פרעג:

— וואָס מאַכט מען עפּעס?

— עט, מע...

— איך מיין, די געשעפטן ווי גייען?

— הע, ווייסער, מע...

— נו, וואָס מאַכט דאָס ווייב?

— טע, מע...

— און די קינדערלעך וואָס מאַכן?

— עט, טע, מע...

— אַ גוטן טאָג.

— אַ גוט יאָר. אוי, אַז מען רעדט זיך דורך, ווערט טאַקע גרינגער אויפן האַרצן.

# 15 נאָוועמבער

בער האָראָוויץ

## איך וואָלט שוין היינט געווען אַ טאַטע

איך וואָלט שוין היינט געווען אַ טאַטע.
אַ קינד געהוידעט אויף מיין שטאַרקער שויס,
מיין נאָז געגנורעט אין זיין פּוכקע גופל,
ווי אין אַ פּולער, שמעקעדיקער רויז...

מיין ווייב וואָלט אויף מיין ברוסט דעם קאָפּ געהאַלטן
פול זיסער זיכערקייט ווי אַ שיף ביים פּאָרט —
און צאַרט אַזוי וואָלט איך איר קאָפּ געצערטלט
און שווייגנדיק, נישט ריידנדיק קיין וואָרט...

ביים אויוון שטיל געזעסן וואָלט מיין מוטער —
ביים צירעווען אַ זאָק פאַרציילט זיך ביי אַן אויג,
און ביי די ברילן עפּעס זיך געפּאָרעט,
און נאָכן וואָל-קנויל זיך געטאָן אַ בויג...

מיר וואָלט זיך עפּעס פרעמד פאַרקלעמט ביים האַרצן:
— אָ, מאַמעניו וואָס איז דיר? קום אַהער
און זעץ דיך דאָ, אָט-אָ דאָ אַנידער...
און אָפּגעקושט וואָלט איך פון איר באַק די טרער,
וואָס עס האָט מיין פאָטער נישט דערלעבט דאָס מער...

# 16 נאָוועמבער

## אַלעקסאַנדער בלאָק



רוסישער דיכטער, דראַמאַטורג, עסייאיסט.
געב. 1880.11.16 (אַלטער סטיל), אין פּעטערבורג, ביי א טאַטן אַ פּראָפעסאָר. געשט. 1921.8.1, אין פּעטראָגראַד.
געענדיקט דעם פּעטראָגראַדער אוניווערסיטעט. דעביוטירט מיט לידער אין 1903. אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן — איינער פון די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון די רוסישע סימבאָליסטן.
זיין באַרימטע פּאָעמע „צוועלף" (1918) איז איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש צוויי מאָל (דורך אַלטער קאַציזנע און משה בראָדערזאָן).



י. איזראַעלס — חופּה וקדושין

# 17 נאָוועמבער

## מאַקס עריק

(זלמן מערקין)



ליטעראַטור־ און שפּראַך־פֿאָרשער. „דער פּייערפֿויגל פֿון דער יידישער ליטעראַטור“ (ד״ר י. שאַצקי).

געב. 1898.11.17, אין סאָסנאָוויץ, פּוילן. געשטאָרבן אין פֿאַרשיקונג דעם 1937.10.17.

דעביוטירט מיט ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין 1918. געווען לערער פֿון יידישער ליטעראַטור אין די ווילנער יידישע מיטלשולן (1922—1928). צוזאַמען מיט ז. רייזען צונויפֿגעשטעלט אַ כרעסטאָמאַטיע פֿון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור. פֿון 1929 געלעבט אין ראַטנפֿאַרבאַנד, אין מינסק, שפּעטער אין קיעוו. אָנפֿירער פֿון דער סעקציע פֿאַר ליטעראַטור און קריטיק אין דעם וויסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישן אינסטיטוט פֿאַר יידישער קולטור ביי דער אוקראַינישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע.

וויכטיקסטע ווערק: „קאָנסטרוקציע־שטודיען“, „וועגן אַלט־יידישן ראָמאַן און נאָוועלע, XIV—XVI י. ה.“, „געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור פֿון די עלטסטע צייטן ביז דער השכלה־תקופה“, „עטיודן צו דער געשיכטע פֿון דער השכלה אין דייטשלאַנד און גאַליציע (1789—1848)“, מינסק, 1934, „די קאָמעדיעס פֿון דער בערלינער אויפֿקלערונג“ (1934), „די יידישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד ביז דער רעפֿאָרם־עפּאָכע, 1800—1861“ (1935).

### פֿון יידישן פֿאָלקס־אוצר

זאָג נישט אַלץ וואָס דו ווייסט, גלייב נישט אַלץ וואָס דו האָסט.

האַלט מיך פֿאַרן מלאך גבריאל און געטרוי מיר נישט פֿיל.

מיט שרייען הויך באַווייזט מען נישט קיין כוח.

אז דער סוף איז גוט איז אלץ גוט.

# איזי כאַריק



סאָוויעטיש־יידישער דיכטער.
געב. 1898.11.17, אין זעמבין, ווייסרוסלאַנד. אומגעקו־
מען אין תפיסה, דעצעמבער 1937.
בעתן בירגער־קריג אַוועק אין דער רויטער אַרמיי. נאָכן
קריג געענדיקט דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט א. נ. פון
וו. בריוסאָוו, און שפּעטער די יידישע אָפּטיילונג פון
II מאָסקווער אוניווערסיטעט. געווען רעדאַקטאָר פון
ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „דער שטערן“ אין
מינסק, פאָרזיצער פון דער יידישער סעקציע פון ווייסרו־
סישן שרייבער־פאַרבאַנד, מיטגליד פונעם פּרעזידיום פון
שרייבער־פאַרבאַנד פון ראַטנפאַרבאַנד, מיטגליד פון צענטראַלן אויספיר־קאָ־
מיטעט פון ווייסרוסלאַנד.

דעבויטירט אין 1920. זיין ערשט לידער־בוך „ציטער“ איז דערשינען
אין 1922. אין 1924 פאַרעפנטלעכט זיין גרויסע פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס“.
שפּעטער: „אויף דער ערד“ (לידער), די פּאָעמע „מיט לייב און לעבן“, „קאָ־
טערינקע“, „ברויט“ (פּאָעמע), „קיילעכדיקע וואָכן“, „אויף אַ פרעמדער
חתונה“ (מינסק, 1936).

# עזרא פינינבערג



סאָוויעטיש־יידישער דיכטער.
געב. 1899.11.17, אין אומאַן, אוקראַינע. געשט.
1946.11.22, אין מאָסקווע.
דעבויטירט מיט לידער אין רוסיש (1917). גיך אָבער
אַריבער צו יידיש. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה
פרייוויליק אַוועק אויפן פראָנט. אַ שווער־פאַרוווּנדעטן
האָבן אים זיינע קאַמפס־חברים אַרויסגעשלעפּט פון אונ־
טערן פייער.
אין בוכפאָרם: „אָטעם“, „לידער“, „גאַלאָפּ“ (דערציילונ־
גען), „ביים דניעפּער“ (פּיעסע), „לאַנד און ליבשאַפט“, „אין פרי פון יאָר“,
„די קריגן דויערן“, „אַן ערד אַן אַנדערע“, „זינגעוודיק“, „געשיכטע“ (מעשה־
לעך און פּאָעמעס), „לידער וועגן רחבות“, „ליריק“, „פון שלאַכט־פעלד“, „אין
ריזיקן פייער“, „געקליבענע ווערק“.

# 18 נאָוועמבער

## אהרן־שמואל ליבערמאַן



איינער פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן.
געב. אין די פּוּפּציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אין לונע, ווייסרוסלאַנד. באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דעם 1880.11.18, אין דער שטאָט סיראַקוז, פאַראייניקטע שטאַטן.
געלערנט אין ווילנער ראַבינער־שול, נאָכדעם אָנגעקומען אין פּעטערבורגער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, אָבער אים נישט פאַרענדיקט. קומט צוריק קיין ווילנע, וווּ ער שטייט צו צום ערשטן קרייזל יידישע סאָציאַליסטן מיט אהרן זונדעלעוויטש בראש. אין 1875 געמוזט עוקר זיין קיין אויסלאַנד (לאָנדאָן), וווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע אין העברעיש. אין 1876 גרינדעט ער די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט, די „אגודת הסוציאליסטים העברים בלונדון“, פאַר וועלכער ער האָט אָנגעשריבן דעם סטאַטוט אין העברעיש און אין יידיש, און דעם ערשטן יידישן אַרבעטער־פאַריין „חברים כל בעלי המלאכה“. סוף 1876 איז ליבערמאַן אַוועק קיין בערלין און קעניגסבערג, דאַן אַריבערגעפאָרן קיין ווין, וווּ ער האָט אין מאַי 1877 אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם ערשטן סאָציאַליסטישן זשורנאַל (אין העברעיש), דעם „האמת“.
אַרעסטירט און אַרויסגעגעבן דער פּרייסישער רעגירונג, איז ער פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ יאָר תפיסה.
נאָכן אָפּקומען די שטראָף — אַוועק קיין אַמעריקע.

## נחום־ברוך מינקאָוו



פּאָעט, ליטעראַטור־פאָרשער און עסעיסט.
געב. 1893.11.18, אין וואַרשע. געשט. 1958.3.14, אין ניו־יאָרק.
פון 1914 — אין אַמעריקע.
אין בוכפאָרם: „ליהער“, „אליהו בחור און זיין בבא־בוך“, „גליקל האַמעלן“, „פּיאָנערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע“, אַ גרויסע אַרבעט וועגן יידישע קריטיקער.

# 19 נאָוועמבער

## ברונאָ שולץ



פּוילישער שרייבער פון יידישער אָפּשטאַמונג.
געב. אין 1892, אין דראָהאָביטש, ביי אַ טאַטן אַ מאַנו־פאַקטור־סוחר. געענדיקט די דאָרטיקע מיטל־שול און אַוועק קיין ווין שטודירן אין דער קונסט־אַקאַדע־מיע, וועלכע ער האָט צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן נאָכן טויט פון טאַטן נישט געקאָנט פאַרענדיקן. געלעבט פון געבן לעקציעס פון צייכענען אין אַ דראָהאָביטשער מיטל־שול. דעביוטירט אין 1934.
בעת דער היטלער־אָקופּאַציע פון דראָהאָביטש געווען פאַרשפּאַרט אין האָרטיקן געטאָ. דערשאָסן געוואָרן דורך אַ היטלעריסט אויף דער גאַס דעם 19 נאָוועמ־בער 1942, אין אַזויגערופענעם „שוואַרצן דאָנערשטיק“.

אין בוכפאָרם: „צימערינג־געוועלבער“, „די סאַנאַטאָריע אונטער דער קלעפּסידרע“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

צוויי באַקאַנטע לאַנד־בעטלער, וואָס גייען אַרום איבער די הייזער פון שטאָט צו שטאָט, האָבן זיך באַגעגנט. רופט זיך אָן איינער צום אַנדערן:

— מעגסט מיר אָפּגעבן מזל־טוב, גוטער ברודער, גאָט האָט מיר געהאָלפן, איך האָב אויסגעגעבן מיין עלטערע טאָכטער. און ווייסטו ווער מיין איידעם איז? דו מוזט אים אויך קענען, ער איז טאַקע פון אונדזער צעך: פישקע דער האַרבאַטער.

— געוויס קען איך אים. אַ פיינער איידעם, אַזאַ יאָר אויף מיר. וואָס פאַר אַ נדן האָסטו אים געגעבן?

— פרעג ניט, ס'איז שוין איינמאָל אַ ממזר־יונג! ער האָט מיר אָפּגעשונדן די הויט ווי עס געהער צו זיין! איך האָב אים געמוזט אָפּגעבן גאַנץ ליטע מיט זאַמוט, און אַלע דאָרטיקע הייזער גייען אין זיין גבול אַריין און איך טאָר שוין מער אַהין ניט אַריינשמעקן. וואָס זאָגסטו? אַ יאָ אַ שיינער נדן? הלוואי זאָל איך מיין יונגערע טאָכטער קענען געבן אַזאַ שיינעם נדן!

# 20 נאָװעמבער

איזי כאַריק

## און ס׳בלויט דער הימל סיי ווי סיי...

ניט דערפֿאַר, ווייל דאָ איז ענג,
וואָלט איך צו דיר, מיין שטעטעלע, געקומען
נאָך אַ מאָל אַ קוק טאָן, ווי דו בענקסט
אין שטילן דורכזיכטיקן אומעט...

וואָס האָב איך, שטעטעלע, פֿון דיר געוואָלט,
וואָס האָב איך, שטעטעלע, מיט דיר געטענהט, —
איך האָב געוואָלט אין שטיין און שטאָל
דיך אָנטאָן, שטעטעלע דו מיינע.

איך האָב געוואָלט דיין יעדער שטוב
זאָל אויסוואַקסן אין שטאָלצע גאַרנס,
און דו זאָלסט מער ניט שווייגן שטום
אויף דיינע אויסגעלעבטע יאָרן...

ניט דערפֿאַר, ווייל ס׳ווערט איצט לינד,
און מאַי צעגיסט זיך אויף די גאַסן,
פֿיל איך זיך איצט שטיל און גרינג
און קען דיך, שטעטעלע, ניט האַסן.

ביי דיר מוז איצטער אויך זיין מאַי,
כאָטש דו מוזט אַלץ אים רופֿן סיון,
און ס׳בלויט דער הימל סיי ווי סיי
אויף אַלץ, וואָס איז נאָך דאָ פֿאַרבליבן...

# 21 נאָוועמבער

## פראַנסואַ וואָלטער



פראַנצויזישער פילאָזאָף־אויפקלערער און שרייבער.
געב. 1694.11.21, אין פּאַריז. געשט. 1778.5.30, דאָרטן.
פאַר זיינע אַרויסטריטן קעגן קעניגלעכן הויף אַריינגע־זעצט געוואָרן אין דער באַסטיליע (1717). דאָרטן אָנ־געשריבן די טראַגעדיע „עדיפּ“. שפּעטער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פראַנקרייך. זיך באַזעצט אין ענגלאַנד. גע־שריבן פילאָזאָפישע און היסטאָרישע ווערק, דראַמאַטי־שע פּאָעמעס. נאָכן צוריקקערן קיין פראַנקרייך (1745) אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד פון דער פראַנצויזי־שער אַקאַדעמיע. מיטגעאַרבעט אין דער ענציקלאָפּעדיע פון דידראָ. לויטן באַ־שלוס פון קאָנווענט אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין פּאַנטעאָן (1791).

## ד״ר עמנואל רינגעלבלום



היסטאָריקער, כראָניקער פון וואַרשעווער געטאָ, אָרגאַ־ניזאַטאָר פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו.
געב. 1900.11.21, אין בוטשאַטש, מזרח־גאַליציע. דער־מאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס אין וואַרשע, נאָכדעם ווי ער איז דעם 1944.3.7 צוזאַמען מיט אַנדערע 37 יידן געכאַפּט געוואָרן, צוליב אַ מסירה, אויף דער „אַרי־שער“ זייט.
אין פאַרלאַג „יידיש בוך“ זענען דערשינען זיינע צוויי בענדער „כתבים פון געטאָ“, צוגעגרייט צום דרוק דורכן יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג גייען עטלעכע יידן אין גאַס און פירן צווישן זיך אַ הייסן שמועס און אַמפּערן זיך שטאַרק אויף אַ קול, ווי דער שטייגער איז, נאָר איינער גייט די גאַנצע צייט און שווייגט.

— ר׳ חיים — ווענדט מען זיך צו אים — וואָס שווייגט איר עפּעס און מ׳הערט פון אייך ניט קיין איין וואָרט?

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — ענטפערט יענער — איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי קענט איר רעדן, ס׳איז דאָך אַזאַ שרעקלעכע קרירה, אוממעגלעך אַ האַנט אויסצושטרעקן און מיט איר אַ ריר צו טאָן.

# 22 נאָוועמבער

## שלמה מיימון



פילאָזאָף און שרייבער.

געב. אין 1754, אין ליטע. געשט. 1800.11.22, אין גי־דערזינגסדאָרף, לעבן פרייסטאַט, נידערשלעזיע. באַער־דיקט אויפן יידישן בית־עולם אין נאָענטן גלאָגווו.

ליטווישער ייד, וואָס האָט זיך ערשט אין די רייפע יאָרן אויסגעלערנט דייטש און זיך דערוואָרבן אַן אָרט אין דער דייטשישער ליטעראַטור. זיין טאַטע איז געווען אַן אַרענדאַר ביי די ראַדזיווילס. שלמה מיימון דערשלאָגט זיך ביז בערלין, וו ער באַקענט זיך מיט משה מענדעל־סאָן. אין 1792 איז דערשינען מיימונס „אויטאָביאָגראַ־פיע“, וואָס האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם אינטעלעקטועלן דייטשלאַנד און פאַרגליכן געוואָרן צו רוסאָס „ווידוי“. אָנגעשריבן אַ קריטיש בוך וועגן קאַנטס פילאָזאָפיע — „פרווו פון אַ טראַנסצענדענטאַלער פילאָזאָפיע“.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

צוויי יידן, אַ כעלעמער און אַ ליטוואַק, אַ צלם־קאָפּ, האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין אַן אכסניה. האָט די באַלעבאָסטע געוואָלט מקיים זיין די מצווה פון הכנסת־אורחים און האָט פאַר די צוויי אורחים אַוועקגעשטעלט צוויי גלעזער טיי און צוויי קיכלעך.

זאָגט דער ליטוואַק צום כעלעמער:

— נו, נעמט, ר׳ זרח!

און דער כעלעמער זאָגט:

— נעמט איר פריער, ר׳שאַיע!

אַהער און אַהין, ביז דער ליטוואַק האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן (אַזוי זענען זיי, די ליטוואַקעס...) און גענומען דער ערשטער, און אַז אַ ליטוואַק נעמט, נעמט ער שוין דאָס גרעסערע קיכל...

האָט דער כעלעמער אויסגעגלאָצט די אויגן און געזאָגט:

— ס׳טייטש, ר׳שאַיע! ווי האָט מען עס נישט קיין דרך־ארץ, און מען נעמט פאַר זיך דאָס גרעסערע שטיקל און מ׳לאָזט פאַרן צווייטן דאָס קלענערע? טאַקע אזוי, ווו איז דרך־ארץ?

האָט דער ליטוואַק אָפּגעענטפערט און געזאָגט:

— און וואָס וואָלט איר געטאָן, ר׳ זרח, ווען איר וואָלט גענומען דער ערשטער?

האָט געזאָגט דער כעלעמער:

— איך וואָלט גענומען דאָס קלענערע.

— נו, — האָט מיט אַ שמייכעלע געזאָגט דער ליטוואַק — איז דאָך פאַר איין טאַקע געבליבן דאָס קלענערע!

האָט דער כעלעמער מיט אַ שטיל קול געזאָגט:

— זייט איר דאָך טאַקע גערעכט —ס׳איז פאָרט דאָ דרך־ארץ ביי יידן!

# 23 נאָוועמבער

## משה בראָדערזאָן



דיכטער.

געב. 1890.11.23, אין מאָסקווע. געשט. 1956.8.17, אין וואַרשע.

געלעבט און געשאַפֿן דער עיקר אין לאָדזש. דעביוטירט מיטן ביכל „שוואַרצע פֿליטערלעך“ (1913). איינער פֿון די גרינדער פֿון די רעווי־טעאַטערס „חד־גדיא“ און „אררט“, פֿאַר וועלכע געשריבן טעקסטן. זיין פּיעסע „ערב יום־טוב“ איז אין 1947 אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

אין בוכפֿאָרם: „טוי“, „פּערל אויפֿן ברוק“, „שוואַרץ־שבת“, „באַגייסטערונג“, „איבערגאַנג“, „פֿאַרשטעלונגען“, „50 לידער“ א. א.

### פֿון יידישן פֿאָלקס־אוצר

— וואָס ביסטו אַזוי פֿאַרטראַכט, יאַנקל?

— איך טראַכט וועגן אַ זאַך, וואָס איך קען זיך קיין עצה ניט געבן.

— דהיינו?

— איך טראַכט וואָס טוט מען מיט דעם בחור מיינעם: ער איז שוין אַלט, קיין עין־הרע, אַ יאָר ניין און איז נאָך ביז איצט ניט פֿאַרשריבן. איז ביי מיר געבליבן איך זאָל די זאַך מער ניט אָפּלייגן, ווייס איך אָבער איצט ניט, ווי אים צו פֿאַרשרייבן: זאָל איך נעמען און פֿאַרשרייבן אים מיט עטלעכע יאָר ייִנגער ווי ער איז, האָב איך מורא טאָמער חלילה גיט מען אים אָפּ פֿאַר אַ זעלנער, וועט ער זיך אויסדינען אַן אַלטער בחור; זאָל איך אים ווידער פּרווון פֿאַרשרייבן מיט עטלעכע יאָר עלטער וועט אים אויסקומען צו שטיין גאָר יונג צום פּריזיוו און עס וועט זיך נאָך אָנהייבן אַן עסק מיט שאַצעניש פֿון יאָרן... אדרבא, זאָג דו, גוטער ברודער, וואָס טוט מען?

— אפֿשר וואָלט געווען אַ סברא, זאָלסט אים פֿאַרשרייבן ניט ייִנגער און ניט עלטער, נאָר גאָר פּשוט טאַקע לויט די אמתע יאָרן זיינע?

— אוי, ווי איך בין אַ ייִד, דו ביסט גערעכט! אויף דעם, זעסטו, בין איך גאָר ניט געפֿאַלן!

# 24 נאָוועמבער

## בענעדיקט ספּינאָזע



**(ברוך ד'עספּינאזאַ)**

געב. 1632.11.24, אין אַ פאָרשטאָט פון אַמסטערדאַם, אין אַ פּאָרטוגעזישער מאַראַנען־משפּחה. געשט. 1677.2.21, אין האַאַג, האָלאַנד.

דעם 27 יולי 1656 אַרייגעלייגט געוואָרן דורך דער אַמסטערדאַמער קהילה אין חרם. געמוזט פאַרלאָזן זיין היימשטאָט. זיך באַזעצט אין האַאַג, ווו געלעבט פון שלייפן אָפּטישע גלעזער.

זיינע הויפּטווערק: „עטיק“ און „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט“, זענען דערשינען ערשט נאָך זיין טויט.



מ. אַנטאָקאָלסקי: ברוך ספּינאָזע (סקולפּטור)

# 25 נאָוועמבער

## לאָפּע דע וועגאַ



שפּאַנישער דראַמאַטורג, פּאָעט און נאָוועליסט.

געב. 1562.11.25. געשט. 1635.8.27.

פון פויערישער אָפּשטאַמונג. מחבר פון אַרום 500 פּיעסן, דער עיקר קאָמעדיעס. גרינדער פון שפּאַנישן נאַציאָנאַלן טעאַטער.

די באַרימטסטע פּיעסן זיינע: „שעפּסן־קוואַל“, „דאָס מיידל מיטן קרוג“, „דער טאַנץ־לערער“.

## ד״ר אַלפרעד לאַנדוי



פילאָלאָג.

געב. 1850.11.25, אין בראָד, גאַליציע. געשט. 1935.3.27, אין ווין.

איבער זיין לעבנסווערק: „ווערטערבוך פון דער יידישער שפּראַך“ האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אין יאָר 1887, אָבער נישט פאַרענדיקט. זיין לינגוויסטישע ירושה צוזאַמען מיטן „ווערטערבוך“ זענען נאָך זיין טויט אריבער אין רשות פון „ייוואָ“ אין ווילנע, און איז, ווי עס ווייזט אויס, צוזאַמען מיט אַנדערע אוצרות פאַרניכטעט געוואָרן בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

מען דערציילט אויף מאָטקע כאַבאַדן, אַז ער האָט איינמאָל געזאָגט צו זיין ווייב:

— הערסטו, איך האָב היינט געהאַט אַ פלעשל פונעם בעסטן! טעם גן־עדן! עס שמעקט! איז אַזוי: ווען איך וועל וועלן אַ טרונק, זאָלסטו מיך אויפוועקן.

— ווי אַזוי וועל איך וויסן, ווען דו וועסט שלאָפנדיקערהייט וועלן אַ טרונק? — האָט דאָס ווייב געפרעגט. — ווי אַזוי וועל איך וויסן די ריכטיקע צייט?

האָט מאָטקע געענטפערט:

— נאַרעלע, ווען דו וועסט מיך אויפוועקן, וועט זיין די ריכטיקע צייט אויף צו נעמען אַ טרונק.

# 26 נאָוועמבער

## מאַרק וואַרשאַווסקי



געב. 1848.11.26, אין אָדעס. געשט. אין 1907, אין קיעוו.
אַדוואָקאַט. פֿאַרפֿאַסט לידער מיט אייגענער מוזיק צו זיי, וועלכע ער פֿלעגט זינגען פֿאַר פֿריינד און באַקאַנטע. שלום-עליכם האָט וואַרשאַווסקין „אַנטדעקט“ און אים אָנגערעגט צו פֿאַרשרייבן זיינע לידער. אין 1901 איז אין וואַרשע דערשינען אַ זאַמלונג פֿון זיינע לידער (25) א. נ. „יודישע פֿאָלקס לידער מיט נאָטן“, מיט אַ באַגייסטערטן אַריינפֿיר פֿון שלום-עליכם. וואַרשאַווסקיס לידער זענען שפּעטער אַרויס אין עטלעכע אויסגעברייטערטע אויסגאַבן און פֿיל פֿון זיי ווערן געזונגען ביז היינט צו טאָג („דער אלף-בית“, „אויפֿן פּריפּעטשיק“, „דער זיידע מיט דער באָבע“, „דאָס ליד פֿון ברויט“, „די מוזיקע“ א. א.).

### מ. מ. וואַרשאַווסקי

## דאָס ליד פֿון ברויט

גרויסער גאָט! מיר זינגען לידער
אונדזער הילף ביסט דו אַליין!
נעמט צענויף די סנאָפּעס, ברידער
ביז די זון וועט אונטערגיין.
נעמט צענויף די סנאָפּעס, ברידער
ביז די זון וועט אונטערגיין.

לאָז די זון אונז בריען, בראָטן,
זי האָט אונז געשיינט צום גליק:
זעט דאָס ברויט איז אונז געראָטן...
קינדער, קיינמאָל ניט צוריק!...

גרויסער גאָט! דו העלפֿסט דעם מענטשן,
אַז ער רופֿט צו דיר אין נויט!
זאָלסט אונז טאַקי ווייטער בענטשן
מיט הצלחה און מיט ברויט!

נעמט צעניף אייך אַלע אינאײנעם,
נחת האָבן מיר שוין פיל...
און דעם גאָלדענעם קראַנץ דעם שיינעם
פון די זאַנגען טראָגט אין שול.

לאָזן אונזערע קינדער וויסן
פון אַ לעבן אויף דער וועלט,
אַז דאָס ברויט און יעדער ביסן
איז פון אונזער אייגן פעלד!...

גרויסער גאָט! מיר זינגען לידער
די ביסט אונזער הילף אַליין!
נעמט צעניף די סנאָפּעס ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין!...
נעמט צעניף די סנאָפּעס ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין!

# 27 נאָוועמבער

## שמואל ראָסין



סאָוועטיש־יידישער דיכטער.

[געב. אין אויגוסט 1890, אין שומיאַטש, מאָהילעווער גוב., ווייסרוסלאַנד. אומגעקומען אין שלאַכט ביים פאַר־טיידיקן מאָסקווע, נאָוועמבער 1941].
דעביוטירט אין 1917.

אין בוכפאָרם: „באָבע־מעשיות" (קינדער־פּאָעמען), „מויער־קעפּלעך" (לירישע לידער), „שיין" (פּאָעמע), און אַנד.

## לייב מלאך

### (לייב זאַלצמאַן)



שרייבער.
געב. 1894.11.27, אין זוואָלין, ראַדאָמער קאַנט, פּוילן.
געשט. 1936.6.18, אין פּאַריז.
פון 1922 ביז אָנהייב 1936 געלעבט אין אַרגענטינע.
אין בוכפאָרם: „אָפּפאַל" (טרילאָגיע), „איבערגוס" (דראַמע אויף דער טעמע פון פרויען־האַנדל אין אַרגענ־טינע, וועלכע האָט זיינער צייט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל אין דער יידישער וועלט), „אין פּוילן" (פּאָעמע), „אַמאָל, אַמאָל" (באַלאַדן און פּאָעמעס) א. א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ווען די פאַווע זאָל נישט האָבן די שיינע פעדערן, וואָלט זיך קיינער אויף איר נישט אומגעקוקט.

דעם רבינס ציג מעג.

דער מענטש איז וואָס ער איז, נישט וואָס ער איז געווען.

# 28 נאָוועמבער

## פרידריך ענגעלס



איינער פון די גרונטלייגער, צוזאַמען מיט מאַרקסן, פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

געב. 1820.11.28, אין באַרמען, דייטשלאַנד. געשט. 1895.8.5, אין לאָנדאָן.

מיטגרינדער פון I אינטערנאַציאָנאַל, נאָענטער פריינד און מיטאַרבעטער פון קאַרל מאַרקס.

וויכטיקסטע ווערק: „צו דער געשיכטע פון דער פּאָלי־טישער עקאָנאָמיע", „די לאַגע פון אַרבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד", „רעוואָלוציע און קאָנטררעוואָלוציע אין דייטשלאַנד", „דיאַלעקטיק פון דער נאַטור", „אַנטי־דירינג", „די אָפּשטאַמונג פון דער משפּחה, פּריוואַט־אייגנטום און מלוכה", „לודוויק פייערבאַך און דער אונטערגאַנג פון דער קלאַסישער פילאָזאָפיע". צו־זאַמען מיט מאַרקסן אָנגעשריבן „די הייליקע משפּחה", „פראַנצויזישע אידע־אָלאָגיע", „קאָמוניסטישער מאַניפעסט".

## אַנטאָן רובינשטיין



קאָמפּאָזיטאָר, פּיאַניסט־ווירטואָז, דיריגענט און פּע־דאַגאָג.

געב. 1829.11.28, אין וויכוואַטיניעץ, פּאָדאָליע, געשט. 1894.11.20, אין פּעטערהאָף, ביי פּעטערבורג.

די רובינשטיינס האָבן געהערט צו דער פאַרמעגלעכער יידישער אינטעליגענץ פון בערדיטשעוו. ווען אַנטאָן איז אַלט געווען קוים אַ יאָר האָט דער זיידע צוזאַמען מיט די קינדער און אייניקלעך זיך אָפּגעשמדט.

א. רובינשטיין איז געווען דער גרינדער פון דער רוסי־שער מוזיקאַלישער געזעלשאַפט (1859) און פון דער ערשטער קאָנסערוואַטאָריע אין רוסלאַנד (1862).

געשריבן אָפּערעס, סימפאָניעס, אָראַטאָריעס, קאָנצערטן, עטיודן און מי־ניאַטורן.

וויכטיקסטע ווערק: „דעמאָן", „מכבייער", „נעראָן", „דער פאַרלוירענער גן־עדן", „דער טורעם פון בבל". מחבר פון אַ בוך: „די מוזיק און אירע פאָר־שטייער".

## סטעפאַן צווייג



עסטרייכישער שרייבער.
געב. 1881.11.28, אין ווין, אין אַ פאַרמעגלעכער יידי־
שער משפחה. באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דעם 1942.2.23,
אין פעטראָפּאָליס (בראַזיליע), וווּ ער האָט געלעבט אין
עמיגראַציע נאָכן אַנטלויפן פון היטלערן.
וויכטיקסטע ווערק: „אַמאָק“ (דערציילונגען), „ירמיהו“
(דראַמע), „24 שעה אין לעבן פון אַ פרוי“, „ערשטע
איבערלעבונגען“ (דערציילונגען), „מאַריאַ אַנטואַנעט“,
„מאַריאַ סטיואַרט“, „באַלזאַק“, „פושע“, „עראַזם פון
ראָטערדאַם“.

## מאַוריצי מינקאָווסקי

יידישער מאָלער.

געב. אין 1881, אין וואַרשע. אומגעקומען דעם 1930.11.28, אין אַן אויטאָ־
קאַטאַסטראָפע, אין בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

געוועזן טויב־שטום. אַ גרויסן רושם האָבן געמאַכט זיינע בילדער פון יידישן
שטייגער און זיין ציקל „יידישע פליטים“ (קרבנות פון די צאַרישע גירושים אין
דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה) און פון די פּאָגראָמען אין אוקראַינע.



מ. מינקאָווסקי: אין דער ווייבערישער שול

## 29 נאָוועמבער

### מיגועל סערוואַנטעס (דע סאאווערדא)



שפּאַנישער שרייבער.

געב. 1547.11.29, אין אַלקאַלאַ־דע־ענאַרעס, אין דער משפּחה פון אַ פאַראָרעמטן אַדעליקן. געשט. 1616.4.23, אין מאַדריד.

אין די קאַמפן פון די שפּאַניער קעגן די טערקן פאַרוווּנדעט געוואָרן און אין רעזולטאַט איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן די לינקע האַנט. געאַרבעט נאָכדעם אַלס קליינער מלוכה־אָנגעשטעלטער. אונטער דער פאַלשער באַשולדיקונג אין מיסברויכן אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה, ווו אָנגעהויבן שרייבן זיין וועלט־באַרימטן ראָמאַן „דאָן קיכאָט“ (1615—1606). געשטאָרבן אין גרויס נויט. מחבר פון אַן ערך 30 דראַמאַטישע ווערק.

### באָריס שאַץ

מאָלער, סקולפּטאָר.

געב. 1866.11.29, אין ליטלאַנד. געשט. 1932.3.23, אין ירושלים.

שטודירט צוזאַמען מיט מ. אַנטאָקאָלסקין אין פּאַריז. פּראָפעסאָר פון דער בולגאַרישער קונסט־אַקאַדעמיע אין סאָפיע (1895). פון 1906 — אין ישראל. גרינדער פון דער בצלאל־שול אין ירושלים, וועלכע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בצלאל־מוזיי.

### נחום שטיף
### (בעל־דמיון)



שריפטשטעלער, שפּראַך־פאָרשער און געזעלשאַפטלעכער טוער.

געב. 1879.11.29, אין ראָווגע, וואָלין. געשט. 1933.4.7, אין קיעוו.

שטודירט אין קיעווער פּאָליטעכניקום און שפּעטער אין יאַראָסלאַוול אויפן יורידישן פאַקולטעט. פאַר זיין דיסערטאַציע „קרימינאַל־רעכט לויט תורת משה און תלמוד“ באַקומען דעם טיטל „קאַנדידאַט פון יורידישע וויסנשאַפטן“. דעביוטירט אין רוסיש, אין 1903, שפּעטער אַריבער צו יידיש. איינער פון די באַדייטנדיקסטע יידיש־פאָרשער. געווען דער הויפּט־איניציאַטאָר פון אַ יידישן אַקאַדעמישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, מחבר פון דער בראָשור „די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט“ (1925).

אין בוכפאָרם: „דער הומאַניזם אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור“, „פּאָגראָמען אין אוקראַינע — די צייט פון דער פרייוויליקער אַרמיי“, „יידישע סטיליסטיק“, אַרויסגעגעבן אהרן איזאַקס „אויטאָביאָגראַפיע“ (מיט זיינס אַן אַריינפיר) א. א.

# 30 נאָוועמבער



## דזשאָנאַטאַן סוויפט

ענגלישער שרייבער־סאַטיריקער.
געב. 1667.11.30, אין דובלין. געשט. 1745.10.19, דאָרטן.
מחבר פון באַרימטן בוך „די רייזע פון גוליווער" (1726) — אַ שאַרפע סאַטירע אויף דער דעמלטיקער ענגלישער געזעלשאַפט.

## מאַרק טווען

### (סאַמועל לאַנגהאָרן קלעמענס)



אַמעריקאַנער שריפטשטעלער־הומאָריסט.
געב. 1835.11.30. געשט. 1910.4.21.
שאַרף אַטאַקירט דעם אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכן כּה־ר — „אַ יענקי אין הויף פון קעניג אַרטוס" (1889), „קאַפּיטאַן שטאָרמפילס באַזוך אין הימל" (1908), מחבר פון ביכער פאַר יוגנט — „טאָם סאָיער", „דער פּרינץ און דער בעטלער" (פאַראַן אויך אין יידישער איבערזעצונג).
(ס'ווערט דערציילט, אַז ווען שלום־עליכם איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע און איינגעשטאַנען אין האָטעל „אַסטאָריאַ", האָט ער זיך דאָ געטראָפן מיט מאַרק טווען. דער וואָס האָט שלום־עליכמען פאָר־געשטעלט, האָט געזאָגט צו טווענען: „באַקענט זיך, דאָס איז דער יידישער מאַרק טווען". אויף דעם האָט דער באַרימטער הומאָריסט געענטפערט: „איך בין דער אַמעריקאַנער שלום־עליכם").

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ פּאַטש אַפילו נאָך זיבן יאָר געדענקט זיך.

אַלטע לייט זאָלן ניט געבוירן ווערן.

נעם אַ יידן אונטערפירן, וואַרפט ער דיר אַרויס פון וואָגן.

## בער אָרשאַנסקי

סאָוויעטיש־ייִדישער שרייבער.

געב. 1883.11.30, אין האָראָדאָק, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1945.11.15, אין מאָסקווע.

אין בוכפאָרם: „ביי די ערשטע זונען־שטראַלן" (דראַמע), „דער אייביקער חלום" (דראַמע), „אויף כוואַליעס" (נאָוועלן), „בלוט" (טראַגעדיע) — אויפגעפירט דורכן ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין מינסק, „די ייִדישע ליטעראַטור אין ווייסרוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע".

## ישׂראל־יהושע זינגער



געב. 1893.11.30, אין בילגאָריי, לובלינער געגנט, ביי אַ טאַטן אַ רב. געשט. 1944.2.10, אין ניו־יאָרק. געלערנט אין דער גערער ישיבה. דעבּיוטירט מיט דערציילונגען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין 1918 אַוועק קיין קיעוו. דאָ האָט ער אָנגעשריבן זיינע דראַמעס „ערד־וויי" און „דריי" און די דערציילונג „פּערל". אין 1921 צוריקגעקומען קיין וואַרשע. געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון די „ליטעראַרישע בלעטער". אין 1926 באַזוכט דעם ראַטנפאַרבאַנד. פון 1933 — אין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „ערד־וויי" (דראַמע), „פּערל און אַנדערע דערציילונגען", „ליימגרובן", „אויף פרעמדער ערד" (דערציילונגען), „שטאָל און אייזן" (ראָמאַן), „ניי־רוסלאַנד" (בילדער פון אַ רייזע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד), „יאָשע קאַלב" (ראָמאַן), „די ברידער אשכנזי" (ראָמאַן), „פרילינג און אַנדערע דערציילונגען", „חבר נחמן" (ראָמאַן), „די משפּחה קאַרנאָווסקי" (ראָמאַן), „פון אַ וועלט, וואָס איז נישטאָ מער" (זכרונות).

טייל פון זיינע ראָמאַנען זענען אינסצעניזירט און געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג אויף דער ייִדישער בינע פון אייראָפּע און אַמעריקע.

# 1 דעצעמבער

## ה. לייוויק

(לייוויק האַלפּערן)



געב. 1888.12.1, אין איהומען, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1962.12.23, אין ניו־יאָרק.

אין 1906 אַרעסטירט און פאַרמשפּט (אין 1908) אויף פיר יאָר קאַטאָרגע און שפּעטער אויף אייביקער פאַרשיקונג קיין סיביר. אַנטלאָפן אין 1913 קיין אַמעריקע. זיין ערשט לידער־בוך „הינטערן שלאָס" איז דערשינען אין ניו־יאָרק, אין 1918. אַ סך יאָרן געווען אַ טאַפּעטן־קלעפּער. פון 1924 ביז 1929 מיטגעאַרבעט אין דער קאָמוניסטישער „פרייהייט" (שפּעטער „מאָרגן־פרייהייט"), דערנאָך אַריבער אין „טאָג".

אין 1924 באַזוכט פּוילן און דעם ראַטנפאַרבאַנד, ווו עס זענען דערשינען צוויי לידער־ביכער זיינע: „שניי אַראָפּגעפאַלענער" (מאָסקווע, 1925) און „דורך זיבן טויטן" (קיעוו, 1926). אומעטום אויפגענומען מיט פאַרערונג. אין 1937 אָנטיילגענומען אינעם ערשטן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּאַריז.

לייוויק איז דער מחבר פון איבער 20 פּיעסן, פון וועלכע אַ גאַנצע ריי זענען אַ סך מאָל אויפגעפירט געוואָרן אין אייראָפּע און אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „הינטערן שלאָס", „לידער", „דער גולם" (דראַמאַטישע פּאָעמע), „אין קייגעמס לאַנד", „אויפן ראַנד פון אָנהייב" (וועג־איינדרוקן), „אָרעמע מלוכה", (דראַמע), „באַנקראָט" (דראַמע), „שמאַטעס" (דראַמע), „שאָפּ" (דראַמע), „הירש לעקערט" (דראַמאַטישע פּאָעמע), „קייטן" (דראַמע), „אַבעלאַר און העלאָיז" (דראַמאַטישע פּאָעמע), „לידער פון גן־עדן", „סדום" (ביבלישע דראַמע), „אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען" (לידער און פּאָעמעס). „מהר"ם פון רוטענבערג" (דראַמאַטישע פּאָעמע), „מיט דער שארית הפּליטה" (טאָג־פאַרצייכענונגען), „די חתונה אין פערנוואַלד" (פּאָעמע אין 11 סצענעס), „אין די טעג פון איוב" (דראַמאַטישע פּאָעמע), „אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים" (לידער), „לידער צום אייביקן" א. א.

# 2 דעצעמבער

ה. לייוויק

## כ׳האָב היינט געזען

כ׳האָב היינט געזען דורך לאַנגער נאַכט
די ליכטיקייט פון אַלע שטערן.
דורך וואַנט, אויף קייט־שלעסער פאַרמאַכט,
האָב איך געהאַמערט מיט מיין שטערן.

איך האָב גערופן: קום, גענען,
שוין צייט מיך צונעמען פון דאַנען,
און ס׳איז געשען, ווי ס׳איז געשען,
כ׳האָב דורך די ווענט גענומען שפּאַנען.

קיין שטרויכל־טראָט. פון זיך אַליין
צעעפנט האָבן זיך די קייטן,
די לעצטע נאַכט־שעה ביים פאַרגיין
האָט אויפגעדעקט אַ וועג אַ גרייטן.

אַ וואונדער־אויסגעלייגטער וועג,
וואָס רופט זיך: ג א נ ג צ ו ד י א י ן ־ ס ו פ ן,
וואָס נאָר ביים סאַמע סוף פון טעג
קען זען אַ מענטש אים אַזוי אָפן.

באַדאַרפסט זיך געבן נאָר אַ צי
זיין ערשטן שטויבל צו דערגרייכן —
אַז גלייך דערפילן זאָל דיין קני
אין זיך זיין נצחדיקן צייכן.

# 3 דעצעמבער



## „דער בעאָבאַכטער אַן דער ווייכסל“

3 דעצעמבער 1823 — אָנגעהויבן דערשיינען די ערשטע יידישע צייטונג (וואָכנבלאַט) אין פוילן „דער בעאָבאַכטער אַן דער ווייכסל“ אונטער דער רעדאַקציע פון אַנטאָני אייזנבוים. אַרויס בסך־הכל 44 נומערן. זיך געשלאָסן אין סעפטעמבער 1824.

אַנטאָני אייזנבוים איז געבוירן אין וואַרשע, אין 1791. געשטאָרבן אין 1852.

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

אָפּאַטאָוו איז געשטאַנען אין זיין אייגענער קלויז און דערציילט:

— עס איז ממש ניט צוצוקומען צו מאָנטעפיאָרען, מען קען זיך קוים דורכשטופּן צו אים. דאָס הויז, און צען גאַסן אַרום, זענען באַלאַגערט פון טויזנטער יידן. יעדער וויל נאָר כאָטש כאַפּן אַ קוק אויף דעם גרויסן גאַסט.

דאָ האָט מאָטקע כאַבאַד אויסגעשאָסן:

— ר׳ אָפּאַטאָוו, וואָס איז דאָ אַזוי דער וווּנדער? וואָס עפּעס נאָר ר׳ משה מאָנטעפיאָרע? אָט האָט די פּוילישע גראַפיניע רודניצקאַ געוואָלט געבן אַ גאַנצן טויזנטער כאָטש איין מאָל אַ קוק צו טאָן אויף מיר, אויף מאָטקען.

אָפּאַטאָוו און דער עולם וווּנדערט זיך:

— אַ טויזנטער אַ קוק צו טאָן אויף מאָטקען?

לאַכט מאָטקע:

— איר ווייסט ניט, אַז די גראַפיניע איז אַ בלינדע?

# 4 דעצעמבער

## ריינער מאַריאַ רילקע



עסטרייכישער דיכטער־ליריקער.

געב. 1875.12.4, אין פּראָג. געשט. 1926.12.29, אין מאָנטרע, שווייצאַריע.

זון פון אַ באַאַמטן. פיל אַרומגעוואַנדערט (פראַנקרייך, איטאַליע, רוסלאַנד). זיין פּאָעזיע טראָגט אויף זיך אַ רע־ליגיעז־מיסטישן חותם. שפּראַך־ און פאָרם־מייסטער. גע־האַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער מערב־אייראָפּעישער דיכטונג פון זיין צייט.

וויכטיקסטע ווערק: „דאָס שעהן־בוך“, „סאָנעטן צו אָר־פייען“, „נייע לידער“.

### ישראל שטערן

## איך בין קיינעם נישט מקנא

איך בין קיינעם נישט מקנא,\
כיידן דעם געזאַנג פון אַ קאָסע\
פאַרנאַכט אין אַ דאָרף...

איך בין קיינעם נישט מקנא,\
סיידן דעם טיפן געזאַנג\
פון דער שטילקייט, וואָס יאָגט נאָך דעם גאַנג\
דעם געזונטן און פאַרפלאָנטערטן גאַנג\
פון די וואָרצלען\
ביי אַ בוים.

אין דעמפיק ברייטגראָביקן עכאָ\
פון די אָקסישע געשרייען\
הערט מען נאָך אַלץ יענעם קרעכץ\
פון דער קימפּעטאָרין ערד\
ווען זי איז צו־קינד געגאַנגען\
מיט די ערשטע שטיקער פעלד.

איך בין קיינעם נישט מקנא,\
סיידן דעם פאַרקלערטן קלאַנג פון אַ קאָסע\
פאַרנאַכט אין אַ דאָרף.

# 5 דעצעמבער

## פאַלק היילפּערין



שריפטשטעלער.

געב. 1876.12.5, אין ניעסוויעזש, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1945.3.8, אין פּאַלעסטינע.

אין בוכפאָרם: „דערציילונגען“, „אויפן שוועל“ (דערציילונגען), „מעשהלעך פאַר שול־קינדער“, „מעשיות פון פאַרצייטן“, „ביי אָפּגרונטן“ (ווו עס גייען אַריין צווישן אַנדערן: „יוסף דילה רינה“ — פּאָעמע אין 6 בילדער און „קעניגין מרימו“ — טראַגעדיע פון די צייטן פון הורדוס המלך). איבערזעצט: פ. קאָגאַנס „די געשיכטע פון די מערב־אייראָפּעישע ליטעראַטורן“ און „די געשיכטע פון דער גריכישער ליטעראַטור“, „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור“ פון גוסטאַוו קאַרפּעלעס.

## שמואל האַלקין



סאָוועטיש־יידישער פּאָעט.

געב. 1897.12.5, אין ראָהאַטשאָוו, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1960.9.21, אין מאָסקווע.

אין בוכפאָרם: „לידער“, „וויי און מוט“, „פאַר דעם נייעם פונדאַמענט“, „קאָנטינגענט“, „בר־כוכבא“ (דראַמאַטישע פּאָעמע אין 4 אַקטן), „שולמית“ (דראַמאַטישע פּאָעמע), „דער שפּיל־פויגל“ (פּיעסע), „ערדישע וועגן“, „דער בוים פון לעבן“, „אויסגעוויילטע ווערק“. איבערגעזעצט פון שעקספּירן, פּושקינען, גאָרקין א. א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אליין קען מען עסן אָבער ניט ארבעטן.

א האלבער אמת איז א גאנצער ליגן.

איטלעכער האָט ליב דעם אמת, אָבער ניט איטלעכער זאָגט אים.

אמת איז נאָר ביי גאָט און ביי מיר א ביסל.

# 6 דעצעמבער

## דזשאָזעף קאָנראַד

(יוזעף טעאָדאָר קאָזשעניאָווסקי)



ענגלישער ראָמאַניסט פון פוילישער אָפּשטאַמונג.

געב. 1857.12.6, אין בערדיטשעוו, אוקראַינע. געשט. 1924.8.3, אין ענגלאַנד.

וויכטיקסטע ווערק: „דער נעגער פון „נאַרציז‟, „דער זיג‟, „לאָרד דזשים‟, „דער שפּיגל פון ים‟, „דער פּי־ראַט‟, „דער געהיים־אַגענט‟.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

— איך מוז זיין אויף אייער חתונה, ס'איז סכנות־נפשות.

— צו וואָס דאַרפסטו עס אָבער? — האָט אַנטאָקאָלסקי געפרעגט.

האָט מאָטקע געענטפערט:

— איך דאַרף עס אויף שבת... און איר, הער אַנטאָקאָלסקי, וועט אויך קיין הרטה ניט האָבן. איך וועל מיט מיינע וויצן אַלעמען פריילעך מאַכן.

האָט אַנטאָקאָלסקי גוטמוטיק געזאָגט:

— אָט, לאָמיר גלייך הערן דיינע אַ חכמה, און אויב ס'וועט מיר געפעלן וועסטו זיין אויף דער חתונה.

האָט מאָטקע מיט זיינע הענט אָנגערירט איינע פון אַנטקאָלסקיס סטאַטועז און געזאָגט:

— איר ווייסט? איך און איר זענען דאָך די זעלביקע מענטשן. מיר טוען די זעלבע זאַך, נאָר אַ ביסעלע פאַרקערט. און זעט: מיט אייך קלינגט גאַנץ פעטערבורג און מיט מיר קלינגט ווילנע!

האָט אַנטאָקאָלסקי געפרעגט:

— מיט וואָס זענען מיר דאָס ביידע די זעלביקע מענטשן?

האָט מאָטקע געזאָגט:

— איר נעמט בלאָטע, ליים, און איר מאַכט פון דעם אַ מענטשן, און איך נעם אַ מענטשן און מאַך פון אים בלאָטע, די זעלבע זאַך, נאָר אַ ביסעלע פאַרקערט.

# 7 דעצעמבער

## יהודה־לייב גאָרדאָן



העברעישער שרייבער, משכיל.

געב. 1830.12.7, אין ווילנע. געשט. 1892.9.16, אין פּע־טערבורג.

געווען לערער אין דער ליטע (פּאָנעוועזש, שאַוול, טעלז). סעקרעטאַר פון דער חברה „מפיצי השכלה" אין פּעטער־בורג, וווּהין אַראָפּגעבראַכט געוואָרן שוין אַלס באַקאַנ־טער העברעישער דיכטער. געפירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן די פאַרגליווערטע פאָרמען פון יידישן לעבן. ס'זענען פּאָ־פולער געווען זיינע שאַרפזיניקע פעליעטאָנען אין „המליץ". ער האָט עס גע־וואָרפן דעם לאָזונג פון די משכילים: „היה אדם בצאתך ויהודי באָהליך" („זיי אַ מענטש אין גאַס און אַ ייד אין שטוב"), אַ שונא פון דער יידישער שפּראַך, אָבער דאָך פון צייט צו צייט געשריבן לידער אין יידיש, וואָס זענען אַריין אין דער זאַמלונג „שיחת חולין — לידער אין דער פּאָלקסשפּראַכע". וויציק אויס־געלאַכט אין זיי אַלטפרענקישע מנהגים און מנהיגים.

## פּרץ מאַרקיש



סאָוויעטיש־יידישער פּאָעט און פּראָזאַיקער.

געב. 1895.12.7, אין פּאָלאָנאָיע, וואָלין. אומגעקומען דעם 1952.8.12.

דעביוטירט אין 1917. זיין ערשט לידער־בוך „שווילן" איז דערשינען אין 1919. פון 1921 ביז 1925 — גע־לעבט אין פּוילן. אַרויסגעגעבן דאָ זיין פּאָעמע „די קופּע". געווען איינער פון די מיטגרינדער און מיטרעדאַק־טאָרן פון די „ליטעראַרישע בלעטער".

אין בוכפאָרם: „איבמיטן וועג" (לידער), „פוסט און פּאַס", „שוועלן", „שטיפעריי", „סתם", „די קופּע", „ברידער" (פּאָעמע), „דור־אויס, דור־איין" (ראָמאַן, 2 בענדער), „פאַרקלעפטע ציפערבלאַטן", „וואָכנטעג", „איינס אויף איינס" (ראָמאַן), „דעם באַלעגופס טויט", „אויפגאַנג אויפן דניעפּער" (פּאָעמע), „פּאָטערלעכע ערד", „דערציילונ־גען", „ניט געדאַגהט" (פּאָעמע), „פאַרן פּאָלק און היימלאַנד", „מלחמה" (פּאָ־עמע אין צוויי בענדער), „טראָט פון דורות" (ראָמאַן).

# 8 דעצעמבער

פרץ מאַרקיש

*　*　*

ווייס איך ניט, צי כ׳בין אין דר׳היים,
צי אין דער פרעמד —
איך לויף!...
צעשפּילעט איז מיין העמד,
ניטאָ ז׳אויף מיר קיין צוים,
כ׳בין קיינעמס ניט, כ׳בין הפקר,
אָן אַן אָנהייב, אָן אַ סוף...

מיין גוף איז שוים,
און ס׳שמעקט פון אים מיט ווינט;
מיין נאָמען איז: „אַצינד“...
צעוואַרף איך מיינע הענט,
דערלאַנגען זיי די וועלט פון איין עק ביזן צווייטן,
די אויגן כ׳לאָז געווענדט,
פאַרטרינקען זיי די וועלט פון אונטן ביז אַרויף!

מיט אויגן אָפענע, מיט אַ צעשפּילעט העמד,
מיט הענט צעשפּרייטע, —
ווייס איך ניט, צי כ׳האָב אַ היים,
צי כ׳האָב אַ פרעמד,
צי כ׳בין אַן אָנהייב, צי אַ סוף...

# 9 דעצעמבער

## דזשאָן מילטאָן



ענגלישער פּאָעט און היסטאָריקער.

געב. 1608.12.9, אין לאָנדאָן. געשט. 1674.11.8, דאָרטן.

הויפּטווערק: „דער פאַרלוירענער גן־עדן“ (פּאָעמע, 1667), „דער צוריקגעוווּנענער גן־עדן“ (פּאָעמע, 1671) און די טראַגעדיע „שמשון דער קעמפּער“.

## באַראָן מאָריס (משה) דע הירש



געב. 1831.12.9, אין מינכען. געשט. 1896.4.21, אין זיין גוט אין אונגאַרן.

זון פון אַ באַנקיר. רייך געוואָרן אויף דער בויונג פון אייזנבאַנען אין טערקיי. זיין פילאַנטראָפּישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1874. פינאַנסירט דאָס באַזעצן זיך פון יידן אויף ערד אין אַרגענטינע, קאַנאַדע, פּאַלעסטינע, גרינדנדיק אין 1891 די יק״א („יידישע קאָלאָניזאַציע־אַסאָסייישן“). אויסערדעם פינאַנסירט דאָס בויען שולן פאַר יידישע קינדער („באַראָן־הירש־שולן“).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ מגיד האָט געזאָגט אַ דרשה אין אַ שולכל אין אַ וואָכעדיקן טאָג נאָך מעריב. דער עולם איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער ביז ס׳איז געבליבן, אחוץ דעם שמש, נאָר אַ פּאָר מקבלים, וועלכע זענען געזעסן אין אַ ווינקל און גע־דרעמלט — און דער מגיד האַלט אַלץ אין איין זאָגן. דער שמש האָט געזען, אַז ס׳איז אַ מעשׂה אָן אַן עק, איז ער זיך מישב און גייט צו צום מגיד, דערלאַנגט אים דעם שליסל פון שול און זאָגט אים דערביי:

— נאַט אייך דעם שליסל. ווען איר וועט ענדיקן די דרשה זאָלט איר זיך מטריח זיין צו פאַרשליסן די שול און דערנאָך מיר דעם שליסל אַרייַנטראָגן.

# 10 דעצעמבער

## בראָניסלאַוו הובערמאַן



פידלער־ווירטואָז.
געב. 1882.12.10, אין טשענסטאָכאָוו. געשט. 1947.6.16, אין קאָרסיער ביי וועוויי, שווייצאַריע.
אויפגעטראָטן מיט קאָנצערטן שוין אַלס אַכט־יאָריק ייִנגל. אַ סך יאָרן געלעבט אין ווין (36—1926), וווּ געווען פּראָפעסאָר אין דער דאָרטיקער מוזיק־אַקאַדעמיע. אין 1936 געגרינדעט די פילהאַרמאָניע אין תל־אביב. פון 1940 געלעבט אין אַמעריקע. מחבר פון פידל־טראַנס־קריפּציעס צו שאָפּענס ווערק און פונעם בוך „דער וואַרשטאַט פון ווירטואָזן" (1912).

## שכנא עפּשטיין



געב. 1883.12.10, אין איוויע, ווילנער געגנט. געשט. 1945.7.21, אין מאָסקווע.
פון 1909 — אין אַמעריקע. נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע — צוריק אין רוסלאַנד. אין 1921 — ווידער אין אַמעריקע. מיטרעדאַקטאָר פון „פרייהייט". אין 1928 האָט עפּשטיין זיך באַזעצט אויף שטענדיק אין ראַטן־פאַרבאַנד. געווען רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „די רויטע וועלט" און אַנדערע אויסגאַבן. רעדאַקטאָר פון דער מאָסקווער „אייניקייט" אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין בוכפאָרם: „קנוט האַמסון", „י. ל. פּרץ אַלס סאָציאַלער דיכטער", „לענין — ווי איך האָב אים געזען", „איגעם לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע".

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אמת, ווי אין א רעשעטע וואסער.

אמת קומט ארויס, ווי בוימל אויפן וואסער.

אן אמת מעג מען זאגן אפילו אויף דעם אייגענעם טאטן.

דער אמת טוט באנג.

## יחזקאל דאָברושין



סאָוויעטיש־יידישער שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער.
געב. 1883.12.10, אין דאָרף מוטין, געוו. טשערניגאָווער גובערניע. געשט. 1953.8.11, אין פאַרשיקונג.
פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור. באַאַרבעט פאַר דער סצע־נע אַ ריי ווערק פון מענדעלע, שלום־עליכם, גאָלדפאַדען („מסעות בנימין השלישי", „דריי פינטעלעך", „די כי־שופמאַכערין", „ דאָס צענטע געבאָט" א. א.).
אין בוכפאָרם: „בענקענדע נשמות" (לידער, איינאַק־טערס, בילדער), „ווען געפילן וואַכן" (דראַמע), „פאַר־נאַכטן", „געדאַנקענגאַנג", „ערד־לעבן", „שלום־עליכמס דראַמאַטורגיע", „דער געריכט גייט" (קאָמעדיע), „אויפן 62־טן" (פּיעסע), „אין איבערבוי" (ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען), „סאָוויעטישע דיכטונג", „פּיעסן", „מיכאָעלס דער אַקטיאָר", „דוד בערגעלסאָן", צוזאַמען מיט א. יודיצקין צונויפגעשטעלט אַ זאַמלונג א"נ: „יידישע פאָלקס־לידער" און מיט ב. אָליעווסקין אַ זאַמלונג „פאַר דער בינע" (דערציילונגען, פּיעסן, [illegible]ער).

## ערנסט טאָלער



דייטשישער שרייבער פון יידישער אָפּשטאַמונג.
געב. 1893.12.10, אין סאַמאָטשין, אין דער געגנט פון שטשעטשין. געשט. (באַגאַנגען זעלבסטמאָרד) 1939.5.22, אין ניו־יאָרק.
דראַמאַטורג און ליריקער. אָנטיילגענומען אין קאַמף פאַר דער בייערישער ראַטן־רעפּובליק. נאָך איר פאַלן פאַר־משפּט געוואָרן אויף 5 יאָר תפיסה. אין 1933 — גע־צוווּנגען געווען צו עמיגרירן. צוערשט אין דער שווייץ, דאַן קיין פראַנקרייך, ענגלאַנד און צום סוף אַמעריקע.
מחבר פון די אַנטימלחמה־פּיעסן: „מאַסע־מענטש", „הינקעמאַן" (פאַראַנען אין יידיש), „פּאַסטאָ־ האָל", „אין פייער פון די קעסלען" א. א.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

ווייניקער א וואָרט, אבי אַן אמת.

פאר דעם אמת שלאָגט מען.

ווער עס גרייט זיך ניט אָן ערב שבת, דער האָט ניט אויף שבת.

# 11 דעצעמבער

## געאָרגי פּלעכאַנאָוו



טוער פון דער רוסישער און אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, פילאָזאָף־מאַרקסיסט און ליטעראַטור־קריטיקער.

געב. 1856.12.11, אין דאָרף גודאַלאָווקע, טאַמבאָווער גובערניע, אין דער משפּחה פון אַ קליינעם גוטבאַזיצער. געשט. 1918.5.30, אין פינלאַנד. באַערדיקט אין לענינגראַד.

געשאַפן אין זשענעווע די ערשטע רוסישע מאַרקסיסטישע גרופּע „די באַפרייונג פון דער אַרבעט“ (1883). געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים בעלטאָוו.

וויכטיקסטע ווערק: „צו דער פראַגע וועגן דער אַנטוויקלונג פון מאָניסטישן קוק אויף דער געשיכטע“, „דער ענטפער עדואַרד בערנשטיינען“, „אונדזערע זילוקי־דעות“, „שטודיען צו דער געשיכטע פון מאַטעריאַליזם“, „אַ בריוו אָן אַן אַדרעס“.

## עמנואל קאַזאַקעוויטש



סאָוויעטיש־יידישער פּאָעט און פּראָזאיקער.

געב. 1913 .12.11, אין קרעמענטשוג, אוקראַינע. געשט. 1962.9.22, אין מאָסקווע.

די לעצטע יאָרן געשריבן אין רוסיש און געוואָרן באַרימט.

אין בוכפאָרם אין יידיש: „בירעבידזשאַנבוי“ (לידער), „גרויסע וועלט“ (לידער, פּאָעמעס, געשיכטעס), „דער וועג קיין בירעבידזשאַן“ (רייזע־בילדער), „שלום און חוה“ (ראָמאַן אין פערזן), „גרינע שאָטנס“ (אין רוסיש: „דער שטערן“). אין רוסיש אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי ראָמאַנען: „פרילינג אויף דער אָדרע“, „דאָס הויז אויפן פּלאַץ“, „צוויי אין סטעפּ“, „דאָס האַרץ פון אַ פריינד“, „בלויע העפטן“ (גרעסערע דערציילונג וועגן לענינען).

# 12 דעצעמבער

## גוסטאַוו פֿלאָבער



פֿראַנצויזישער ראָמאַניסט-רעאַליסט.

געב. 1821.12.12, אין רואַן, אין דער משפּחה פֿון אַ כי-רורג. געשט. 1880.5.8, אין גוט קרואַסע.

איינער פֿון די גרעסטע סטיליסטן אין דער פֿראַנצויזישער ליטעראַטור.

וויכטיקסטע ווערק: „מאַדאַם באָוואַרי" (1857), „סאַלאַמבאָ" (1863). (ביידע איבערגעזעצט אין ייִדיש).

## וואַסילי גראָסמאַן



סאָוויעטיש-רוסישער שרייבער פֿון ייִדישער אָפּשטאַמונג.

געב. 1905.12.12, אין בערדיטשעוו, געשט. 1964.9.14, אין מאָסקווע.

זיין ערשטע דערציילונג איז געווען פֿון קוילנגרעבער-לעבן. דאַן קומט די דערציילונג „אין דער שטאָט בער-דיטשעוו", וועלכע האָט צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט צום יונגן שרייבער מצד מאַקסים גאָרקי.

וויכטיקסטע ווערק: „סטעפּאַן קאָלטשוגין" (ראָמאַן), „אין דער ריכטונג פֿון הויפּט-אָנגריף" (רעפּאָרטאַזשן וועגן קאַמף קעגן די היטלעריסטישע אָקופּאַנטן), „דאָס פֿאָלק איז אומשטערב-לעך" (ראָמאַן), „אויב מען זאָל גלייבן די פּיטאַגאָרעער" (פּיעסע), „פֿאַר דער גערעכטער זאַך" (ראָמאַן וועגן פּאַטערלענדישן קריג).

### פֿון ייִדישן פֿאָלקס-אוצר

איינער, וואָס איז געקומען פֿון אַ קליין שטעטל אין אַ גרויסער שטאָט, דערציילט דאָרט:

— איר ווילט וויסן, וואָס פֿאַר אַ דלות ס'איז אין אונדזער שטעטל, קענט איר זיך שוין פֿאָרשטעלן פֿון דעם, וואָס טאָמער באַדאַרף עמעצער ביי אונדז אויסבייטן אַ הונדערטער, לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז גאָר ניטאָ — דער הונדערטער...

# 13 דעצעמבער

## היינריך היינע



געב. 1797.12.13, אין דיסעלדאָרף. געשט. 1856.2.17, אין פּאַריז.
אין 1825 אָנגענומען דעם לוטעראַנישן גלויבן „כדי צו באַקומען אַן איינטריטס־בילעט אין דער אייראָפּעישער קולטור“ ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. פון 1831 ביזן טויט געלעבט אין עמיגראַציע אין פּאַריז.
וויכטיקסטע ווערק: „דאָס בוך פון לידער“, „אַטאַ טראָל“ (פּאָעמע), „דייטשלאַנד, אַ ווינטער־מעשהלע“, „האַרץ־רייזע“, „רייזע־בילדער“, „דער רבי פון באַכאַראַך“ (דערציילונג).

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

געווען איז דער דראָזשנער רב אַ גרויסער שלומזלניק און דאָס ווייב זיינס האָט מיט אים דעריבער געהאַט תמיד צו זינגען און צו זאָגן. מער פון אַלצדינג פלעגט זי מיט אים האָבן צו טאָן אַלע ערב שבת מכוח דעם העמד: ווי דער שטייגער איז, האָט זי אים מיטגעגעבן אין מרחץ פריש וועש און דערביי יעדעס מאָל אָנגעזאָגט, ער זאָל בשעתן אָנטאָן געדענקען צו נעמען דאָס העמד און איבערקערן עס אויף דער רעכטער זייט, און ער געווייניגלעך פלעגט שטענדיק פאַרגעסן און אָנטאָן דאָס העמד אויף דער לינקער זייט. פאַרשטייט זיך, אַז אַלעמאָל, ווען ער איז געקומען פון מרחץ אַהיים, האָט ער שוין געהאַט דערפאַר פון דער רביצין זיין ערלעך אויסקומעניש. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן: געקומען דער אַנדער פרייטיק — ווידער די אייגענע מעשה.

איינמאָל אין אַן ערב שבת איז זיך די רביצין מישב און איידער זי גיט דעם רב מיטצונעמען אין מרחץ די ווייסע וועש, נעמט זי און קערט אַליין דאָס העמד איבער אויף דער רעכטער זייט. דאַרף זיך גראָד מאַכן, ווי אויף צו להכעיס, דער רב זאָל זיך דערמאָנען ביים אָנטאָן וועגן וואָס די פלוניתטע זייגע האָט מיט אים צו טאָן אַלע ערב־שבת, כאַפּט ער און קערט איבער דאָס העמד און טוט עס אָן.

דער רב קומט פון מרחץ אַהיים, די רביצין גיט אַ קוק אויפן העמד — ווידער די אייגענע צרה. הויבט זי אָן אויף אים צו ליאַרעמען מיט קולות:

— וואָס איז פאַר אַ שלאַק? סטייטש, איך אַליין האָב דאָך שוין היינטיקס מאָל מיט מיינע אייגענע הענט איבערגעקערט דאָס העמד אויף דער רעכטער זייט, צום סוף טראָגסטו עס אַלץ אויף דער לינקער זייט!

— אַזוי? — מאַכט דער דראָזשנער רב שטאַרק פאַרוואונדערט — דו זאָגסט, האָסט אויך איבערגעקערט, אַ מעשה, אַ מעשה! איך זאָג דיר, טאַקע נאָר פּלאי־פּלאים! אז דו האָסט איבערגעקערט, אז איך האָב איבערגעקערט, — און עס קומט אַלץ אייגס אויס אויף דער לינקער זייט!

# 14 דעצעמבער

ש. האַלקין

## טיפֿע גריבער, רויטע ליים

טיפֿע גריבער, רויטע ליים —
כ׳האָב אַמאָל געהאַט אַ היים.
פֿרילינג — פֿלעגן סעדער בליען,
האַרבסט־צייט פֿלעגן פֿייגלען ציען,
ווינטער — פֿלעגן דאָרט פֿאַלן שנייען,
איצטער בליט דאָרט ווינד און וויי.

ס׳האָט מיין היים אַ בראָך געטראָפֿן —
מיר און טויער זענען אָפֿן
פֿאַר די רוצחים, פֿאַר די שינדער,
די, וואָס קוילען קליינע קינדער,
די, וואָס הענגען אויף די זקנים,
די, וואָס שאַנעווען נישט קיינעם.

טיפֿע גריבער, רויטע ליים —
כ׳האָב אַמאָל געהאַט אַ היים.

יאָר נאָך יאָר זענען אַריבער,
פֿולע זענען יענע גריבער,
און נאָך רויטער איז די ליים,
יענע ליים איז איצט מיין היים:
דאָרטן ליגן מיינע ברידער,
די צעריסענע אויף גלידער,
די געשאָכטענע אין שטוב,
די געשאָסענע ביים גרוב.

טיפֿע גריבער, רויטע ליים —
כ׳האָב אַמאָל געהאַט אַ היים.

קומען וועלן גוטע צייטן —
וועט דאָס מזל אויך זיך בייטן,
וועלן ווייען ווערן לינדער,
וועלן ווידער וואַקסן קינדער,
וועלן קינדער שפּילן, רוישן
ביי די קברים פון די קדושים,
ביי די טיפע פולע גריבער, —
אַז דער ווײ זאָל נישט אַריבער.

גריבער, רויטע ליים —
אַמאָל געהאַט אַ היים.



מ. קיסלינג: קינדער

# 15 דעצעמבער

## ד״ר לודוויק זאַמענהאָף



געב. 1859.12.15, אין ביאַליסטאָק. געשט. 1917.4.14, אין וואַרשע.

אויגן־דאָקטער. שעפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך עספּעראַנטאָ (1878). מחבר פונעם לערנבוך „עספּעראַנטאָ, מאָדערנער לערנבוך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך, גראַמאַטיק, כרעסטאָמאַטיע און ווערטערבוך פון 1.500 ווערטער, אויסצולערנען זיך אָן דער הילף פון אַ לערער אין 15 טעג".

## איזשען זאַק



מאָלער.

געב. 1884.12.15, אין מאָגילנע (רוסלאַנד). געשט. 1926.1.15, אין עלטער פון 42 יאָר, אין פּאַריז.

נאָכן טויט פון פאָטער איבערגעפאָרן מיט דער מוטער קיין וואַרשע, פון וואַנען זי האָט געשטאַמט. מאָלעריי זיך געלערנט אין פּאַריז און אין מינכען. זיין מאָלערישע טעמאַטיק איז דער עיקר פאַרבונדן געווען מיט פּאַריז, וווּ געקומען אַלס 16־יאָריק יינגל.

צווישן זיינע מער באַוווּסטע אַרבעטן: „דער טרוימער", „די פרוי מיט דער שאַל", „דער רויבערער".

## אברהם וועוויאָרקע

סאָוויעטיש־יידישער שרייבער.

געב. אין 1887, אין באַביאַק, קאַלישער געגנט, פּוילן. געשט. 1935.12.15, אין קיעוו.

אין בוכפאָרם: „הימל און ערד", „ליבשאַפט", „באַלאַדן", „פאַרלאָשענע ליכט", „אויף אַ ווייסן בוים" (דראַמע), „האָנענקריי" (מיסטעריע אין צוויי אַקטן), „אויף דער גרענעץ" (קאָמעדיע אין 4 אַקטן), „נפתלי באָטווין" (דראַמע אין 4 אַקטן), „דער טעמפּ ברענט" (פּיעסע), „רעוויזיע", „דער סטיל פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור" א. אַנד.

## משה בערעגאָווסקי

געב. 1892.12.15, אין ישוב טערמאַכאָווסקאַיאַ, קיעווער געגנט, אוקראַינע. געשט. 1961.8.12, אין קיעוו.

געענדיקט די קיעווער קאָנסערוואַטאָריע. אָנגעפירט מיט דער עטנאָגראַפישער סעקציע און מיטן קאַבינעט פאַר מוזיק און פאָלקלאָר ביים אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור ביי דער אוקראַינישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע.

אין בוכפאָרם: „יידישער מוזיק-פאָלקלאָר" (1934), „יידישע אינסטרומענטאַלע פאָלקס-מוזיק", „יידישע פאָלקסלידער מיט נאָטן" (צוזאַמען מיט איציק פעפער), „יידישע קלעזמער, זייער שאַפן און שטייגער" א. אַנד.

## נפתלי גראָס

פּאָעט, עסעיסט.

געב. 1896.12.15, אין קאָלאָמיי. גאַליציע. געשט. 1956.4.8, אין ניו-יאָרק.

אין בוכפאָרם: „פסאַלמען" (לידער), „לידער", „דער ווייסער רייטער" (לידער און באַלאַדן), „מעשיות", „יידן", „בילדער פון יידישן אַרבעטער-לעבן אין אַמעריקע", „מעשהלעך און משלים" א. אַנד.

## הענעך באַרטשינסקי



מאָלער.

געב. 1896.12.15, אין לאָדזש. אומגעקומען בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע. געלערנט אין דער דרעזדענער קונסט-אַקאַדעמיע.

וויכטיקסטע שאַפונגען: „וואַסערטרעגער", „ייד מיטן לולב", „דער תלמודיסט", „אין דער סוכה", „שמחת-תורה".

ווען די היטלעריסטן האָבן זיך דערנענטערט צו לאָדזש, איז באַרטשינסקי אַוועק אין דער ריכטונג פון טאָמאַשאָוו. פון דעמלט אָן איז פאַרשוווּנדן יעדער שפּור נאָך אים.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

וואַרף אַרויס דעם אָרעמאַן! איך קען דעם רחמנות ניט צוזען.

ווען פרייט זיך דער אָרעמאַן? — אַז ער פאַרלירט און געפינט.

ווען קלאָגט דער אָרעמאַן? — ווער ער האָט צוויי חתונות אין איין טאָג.

# 16 דעצעמבער

## קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן

16 דעצעמבער 1918 — אַנטשטאַנען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן (דורך דער פּאַראייניקונג פון סדקפּל און לינקע פּפּס).

## לודוויק וואַן בעטהאָווען



בעטהאָווען
פון נ. אַראָנסאָן
(סקולפּטור)

קאָמפּאָזיטאָר.

געב. 1770.12.16, אין באָן, דייטשלאַנד, אין אַ משפּחה פון פּלעמישער אָפּשטאַמונג. געשט. 1827.3.26, אין ווין, וווּ געלעבט זינט 1792.

באַוויזן צו פאַרענדיקן אַן אָנפאַנג־שול. שפּעטער געהערט לעקציעס וועגן פילאָזאָפיע אויפן באָנער אוניווערסיטעט. צווישן זיינע ערשטע מוזיק־לערער זענען געווען מאָצאַרט און היידן. געווען אַ גלענצנדער פּיאַניסט. פון 27־טן לעבנס־יאָר געליטן פון טויבקייט און דאָס האָט אים געצוואונגען אָפּזאָגן זיך פון קאָנצערטירן.

בעטהאָווען איז דער מחבר פון 9 סימפאָניעס (צווישן אַנדערע די „העראָישע", „פּאַסטאָראַלע", „הומאָריסטישע", און דאָס העכסטע אין זיין שאַפן — די 9־טע), 11 אוווערטורעס (צווישן אַנדערן צו דער טראַגעדיע פון געטע „עגמאָנט" און צו שעקספּירס „קאָריאָלאַן"), 5 קאָנצערטן פאַר קלאַוויר, 1 פידל־קאָנצערט, 2 מעסעס, 1 אָפּערע („פידעליאָ"), 32 סאָנאַטעס פאַר קלאַוויר און 10 פאַר פידל און קלאַוויר (צווישן אַנדערע „לבנה־סאָנאַטע", „קרייצער־סאָנאַטע", „פּאַטעטישע", „אַפּאַסיאָנאַטאַ"), מוזיק צו אַן ערך 70 לידער א. א.

## הענריק קונאָ



סקולפּטאָר.

געב. אין 1879. געשט. 1945.12.16, אין טאָרון, באַערדיקט אין וואַרשע.

אין דער יוגנט געלערנט אין ישיבה. שפּעטער שטודירט אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע. פּראָפעסאָר פון דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע און פון ווילנער אוניווערסיטעט.

וויכטיקסטע שאַפונגען: „פרימאָרגן", „אַטלאַנטאַ", „4 תליות", „דער פישער". אינעם קאָנקורס אויף אַ דענקמאָל פאַר אַדאַם מיצקעוויטש אין ווילנע האָט דער פּראָיעקט פון ה. קונאָ באַקומען דעם ערשטן פּריז.

# 17 דעצעמבער

## װלאַדיסלאַװ בראָניעװסקי



פּױלישער רעװאָלוציאָנערער דיכטער.
געב. 1897.12.17, אין פּלאָצק. געשט. 1962.2.10, אין װאַרשע.

געװען אין פּילסודסקיס לעגיאָנען. שפּעטער צוגעשטאַנען צו דער קאָמוניסטישער באַװעגונג.

װיכטיקסטע װערק: „דרײַ זאַלפּן“, „רױך איבער דער שטאָט“, „פּאַריזער קאָמונע“, „זאָרג און ליד“, „לעצטער געשרײ“, „האָפֿענונג“, „באַגנעט אױפֿן ביקס“, „לידער און פּאָעמעס“. פֿאַראַן בײַ אים שטאַרקע לידער װעגן ייִדן.

### װלאַדיסלאַװ בראָניעװסקי

## די לבנה פֿון פּאַװיע־גאַס

די שײנע לבנה פֿון פּאַװיע־גאַס,
װי אַן אײער־קיכל געל לײכט אַצינד,
און װײסט נישט, אַז אין װאַרשע אױף אַ גאַס
װײנט אַ שנײַדער־ײנגל יצחק גוטקינד.

װי לבנות אין אַלע שטעט, אָט גלאַט,
גײט זי אױף בײנאַכט, אַװעק — אינדערפֿרי.
דעמלט עפֿנט דער טאַטע דעם װאַרשטאַט
און ס'הײבט זיך אָן אַ פֿאָסנער טאָג פֿון מי.

אױפֿגעכאָװעט האָט איציקן דער הױף
פֿון דער דרײַגאָרנדיקער װאַרשעװער נױט:
געשטאַנק און האַנדל, געלױף —
איז געװאָקסן איציק מיט הערינג און ברױט.

אַ שװער לעבן: בײנאַכט קױם אַ דרימל,
בײטאָג ברױט, הערינג, טאַטנס כעס.
אומעטיק שטאַרק האָט געקוקט פֿונעם הימל
די שײנע לבנה פֿון פּאַװיע־גאַס.

דער קלײנער איציק איז געװאָקסן שנעל —
נישט איטלעכן דערלױבט איז אַ קינד צו זײַן —
װען ער איז געװאָרן שנײַדער־געזעל,
כּך הכּל אַלט געװען אַ יאָר נײַן.

ער האָט געניים, געטראַכט: מיט וואָס צונייען
די לבנה — דעם גאָלדענעם קנאָפּ —
ביז דער טאַטע פלעגט זיך צעשרייען:
— דאָס אייזן איז קאַלט! די אַרבעט היט אָפּ!

זעקס צי זיבן יאָר אַוועק אַזוי,
טעג וואַקסן — אַ לאַטע אויף אַ לאַטע
אָפּגעקומען אין שניידערשער נויט,
ביים וואַרשטאַט געשטאָרבן דער טאַטע.

מען דאַרף לערנען דאָס לעבן. נישט זיין בלינד.
אין לעבן זענען דאָ אַ סך ווייען.
און דער קליינער שניידער יצחק גוטקינד,
וואָס ט'ער געקאָנט אחוץ נייען?

ביי ביכער פלעגט ער נעכט גאַנצע וואַך זיין.
אין ווינקל פלעגט שטיין און וואַרטן דער שלאָף.
אַ סך האָט מען אים דערציילט אין פאַריין
פון נאָדל־אַרבעטער אויף מוראַנאָוו.

און אַמערסטן האָט שניידערשע נויט
אויף וואָלינסקע, אויף פּאַוויע, אויף דזשיקע
געלערנט איציקן פון קליינערהייט,
ווי אַזוי בייצוקומען אומגליקן.

אין בוך זענען געווען מאָדנע ווערטער.
האָט איציק געפרעגט אַן עלטערן יאַט:
— וואָס איז אַזוינס „גרויסקאַפּיטאַל", „מערווערט";
„קלאַסן־קאַמף", „בורזשואַ", „פּראָלעטאַריאַט"?

האָבן אים דערקלערט עלטערע שניידער
פאַרוואָס עס גיסט זיך דאָס אַרבעטער־בלוט,
דערציילט פון מאַרקס, פון לענין כסדר,
ביז ער האָט אַליין פאַרשטאַנען שוין גוט...

דער פאַריין האָט גראָד אַן אַקציע געפירט
קעגן פאַרקירצן די לוינען ווידער,
מ'האָט געשטרייקט, אויפן באַנק־פּלאַץ דעמאָנסטרירט
מיט פענער, מיט לאָזונגען, מיט לידער.

ווען רייטער־פּאָליציי האָט אַטאַקירט,
האָט איציק געטראָגן אַ טראַנספּאַרענט.
מען האָט אים גלייך פון גאַס אין תּפיסה געפירט
מיט אַ צעבראָכענער האַנט.

זיצט שוין איציק דאָס פערטע יאָר אַזוי.
גלייך מיט די יאָרן זאַמלט זיך דער האַס.
קומט און לייכט פאַר דער קראַטע, אויף דער פריי,
די שיינע לבנה פון פּאַוויע־גאַס.

זי גיט אַ קוק אין פענצטער, גייט ווייטער
לייכטן אויף סמאָטשע, פּאַוויע און דזשיקע...
וואָס ווייסט זי וועגן איציק דעם שניידער,
ווער פון אונדז ווייסט, וואָס ס'איז מיט איציקן?...

אין פּאַוויאַק זענען דאָ אַ סך שניידער.
אין לעבן זענען דאָ אַ סך ווייען.
נאָך אַ יאָר... דעם שטרייק אין מורדזשעל *) ווייטער
וועט אָנפירן חבר גוטקינד אַליין!

פּאָסט־סקריפּטום:
(כ'האָב היינט פון איציקן אַ בריוו באַקומען ווידער.
אינעם בריוו איז אויך פאַראַן אַזאַ שטעל:
„חבר בראָניעווסקי, שרייבט אַ פּאָר ווערטער
וועגן אונדזער איינאונצוואַנציקסטער צעל"...)

ייִדיש: י. לעווענשטיין

---

*) מוראַנאָווער ראַיאָן

# 18 דעצעמבער

## שמ"ר

### (נחום-מאיר שייקעוויטש)



שרייבער.

געב. 1849.12.18, אין ניעסוויזש, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1905.11.24, אין ניו-יאָרק.

פון 1889 — אין אַמעריקע. אָנגעשריבן אַז ערך 200 ראָמאַנען און דערציילונגען, אַרום 50 פּיעסן. געווען שטאַרק פּאָפּולער ביים מאַסן-לייענער. קעגן שמ"רן און שמריזם אין דער יידישער ליטעראַטור זענען אַרויסגעטראָטן שלום-עליכם („שמרס משפט"), ראַווניצקי, פרישמאַן און פיל אַנדערע.

דער שרייבער אברהם וועוויאָרקע און אַנדערע האָבן אָבער געהאַט אַן אַנדער מיינונג וועגן שמ"רן און געהאַלטן, אַז ער האָט פאַרדינסטן אין שאַפן דעם יידישן מאַסן-לייענער.

אייניקע פון שמ"רס ווערק: „אוים כלה, ווייטער מויד" (איינע וואַהרע ערצעהלונג, וועלכע קאָן הייסן ראָמאַן), 1912, „דיא אונגליקלעכע ליעבע אָדער דער כשרער ממזר" (ראָמאַן אין צוויי טיילן), 1882, „דער אוצר אָדער דער קאַלטער גזלן" (ראָמאַן אין 2 טיילן), „דיא אַמעריקאַנישע גליקן" (ראָמאַן פון יידישן לעבן אין אַמעריקע אין 5 טיילן), 1895, „דער באַראָן און דיא מאַרקיזה" (אַ העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַן), 1902, „ביהנען אַרום האָניג אָדער די רייכע מומע" (ראָמאַן אין 3 טיילן), 1890, „דער כשרער יוד אָדער צוויי קעץ אין איין זאַק" (ראָמאַן), 1892, „דער פאַלשער הערצאָג" (אַ היסטאָרישע דערציילונג), „די צוויי-גאָרענדיקע ליעבע אָדער געפעלט אייך מיין שוויגער" (ראָמאַן), 1888, „ראשקעלע קאָזאַק אָדער אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ — אַ כאַראַקטעריסטישע ערצעהלונג פאָן יודישען לעבען, וועלכע קאָן דינען אַלס שפּיעגעל פאַר שלעכטע פרויען" (1879).

# 19 דעצעמבער

לייב קוויטקאָ

## אַלע, אַלע זיינט איר מיינע

אַלע, אַלע זיינט איר מיינע
די פאַרפייניקטע,
און די מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן.
אין מיין נשמה שאָטנט אייער שאָטן,
אין מיין בלוטיק לייב
בלוטיקט, עקבערט אייער וויי.

וואָס קאָן איך טון פאַר אייך?
ס'וועט צעקלאַפּט מיין יונגער קאָפּ
אויף אייער שוועל,
אויף אייער וויסטן מזל.

# 20 דעצעמבער

## מאַני לייב

(מאַני־לייב בראַהינסקי)



פּאָעט.

געב. 1883.12.20, אין נעזשין, אוקראַינע. געשט. 1953.10.4, אין דער ליבערטי־סאַנאַטאָריע, שטאַט ניו־יאָרק.

פון פאַך — אַ קאַמאַשנשטעפּער. אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. געווען צוויי מאָל אַרעסטירט. אין 1904 אַנטלאָפן קיין לאָנדאָן, און פון דאָרט קיין אַמעריקע.

אין בוכפאָרם: „באַלאַדן", „לידער", „יידישע און סלאַווישע מאָטיוון", „יינגל־צינגל־כוואַט", „דאָס ליד פון ברויט", „בלימעלעך־קרענצעלעך", „קינדער־לידער", „וווּנדער איבער וווּנדער" (לידער, באַלאַדעס, מעשהלעך), „לידער און באַלאַדן", „סאָנעטן" א. א.

### מאַני לייב

## בלימעלעך, קרענצעלעך

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט, —
גוט איז אונדז איצטער ביים פרייַלעכן פייַער אין הויז!
ביזקל דער נאַפט אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשען: — „שפּעט,
צייַט שוין צו ליגן אין ווייכן, אין וואַרעמען בעט". —
וועל איך ביים וואָיענדן בלאָזן אין קוימען פון ווינט
מעשהלעך, לידעלעך זינגען, דערציילן מייַן קינד.

# 21 דעצעמבער

## דזשאָוואַני באָקאַטשיאָ



איטאַליענישער שרייבער.
געב. אין 1313, אין פּאַריז. געשט. 1375.12.21, אין טשערטאַלדאָ, איטאַליע.
איינער פון די פּאַרגייער פון איטאַליענישן רענעסאַנס.
זיין גרעסט ווערק „דעקאַמעראָן" (1350—53), ווערט געלייענט ביז דעם היינטיקן טאָג.

## לאָרד ביקאָנספילד

### (בענדזשאַמין ד'יזראַעלי)



ענגלישער שרייבער און מלוכה־מאַן.
געב. 1804.12.21, אין לאָנדאָן. געשט. 1881.4.19, דאָרטן.
געשטאַמט פון שפּאַנישע יידן. צוויי מאָל געווען פּרעמיער־מיניסטער פון גרויס־בריטאַניע — אין 1868 און 1874—1880.
וויכטיקסטע ווערק: „וויוויען גריי", „דוד אַלראָי", „טאַנקרעד" (לעצטע צוויי פאַראַן אין יידיש).

## טאַדעוש בױ־זשעלענסקי



פּוילישער ליטעראַטור־קריטיקער, פּובליציסט, פּאָעט און סאַטיריקער, איבערזעצער פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור.
געב. 1874.12.21, אין וואַרשע. דערמאָרדעט דורך די היטלעריסטן אין לעמבערג, דעם 1941.7.4.
פון פאַך — אַ דאָקטער־מעדיצין. פּראָפעסאָר פון פראַנצויזישער ליטעראַטור אין לעמבערגער אוניווערסיטעט.
וויכטיקסטע ווערק: „אָפּרעכענונגען מיט פּרעדראָ", „צי קענסטו דאָס לאַנד?", 10 בענדער סקיצן און טעאַטער־רעצענזיעס א. אַנד.

# 22 דעצעמבער

## מאָריס ראָזענפעלד

### יידיש

איך פרעגט אויב יידיש איז אַ שפּראַך,
גראַמאַטיש און נגידיש, —
איך קאָן אייך זאָגן נאָר איין זאַך:
דעם יידנס שפּראַך איז יידיש.

צו זוכן ליגט ניט אין מיין פאַך,
פון וואַנען ווערטער שטאַמען,
איך ווייס נאָר, אַז איך ליב מיין שפּראַך,
דעם לשון פון מיין מאַמען.

אָט ווי זי האָט גערעדט צו מיר
אַזוי רעד איך אַצינדער,
פאַר מיר איז יידיש גרויס אָן שיעור
און וווּנדער איבער וווּנדער.

אין יידיש טרוימט מיין אָר'מער ייד.
וואָס טויג מיר יעדער פּשטל? —
אין יידיש קלינגט „שולמית" ליד,
אין יידיש רעדט מיין „שטעטל".

מיין „מירעלע אפרת" רעדט „זשאַרגאָן",
מיין „באָנטשע" „שווייגט" אין יידיש...
אוןביידע שטייען אויבן־אָן
און זענען שיין, אַ חידוש!

ווי פיין דאָס יידיש קינד זיך שפּילט
מיט זיינע ווייסע „ציינדעיאָך"!
ווי שיין מיין „קרומער פישקע" שילט:
„אַ ביאָך אין דיינע ביינדעיאָך"!

ווי ליב מיין מאַמעס ניגון קלינגט
פון יענער ווייסער ציגעלע,

וואָס רעדט אין יידיש און וואָס ברענגט
אַ הימל אין דער וויגעלע...

אין יידיש קרעכצט מיר די פאַבריק,
אין יידיש רוישט מיין קינה,
ווען פאַלשע פרייהייט טרייבט צוריק
מיין ייד פון איר מדינה...

אין יידיש ווער איך אָפט אין כעס
אויף אונדזערע קהלשע ווערים
און האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס
נעם איך זיי די געדערים...

ס'מעגן געבן אונדזערע „פּני"
פאַר אונדזער שפּראַך אַ גראָשן,
מיר לאַכן זיך אַלע אוים פון זיי
און רעדן מאַמע-לשון!



א. ליליען — דער שניידער (לויטן סוזשעט פון מאָריס ראָזענפעלדס אַ ליד)

# 23 דעצעמבער

## דוד פרישמאַן



העברעיש־יידישער שריפטשטעלער.

געב. 1865.12.23, אין זגערזש ביי לאָדזש. געשט. 1922.8.4, אין בערלין.

אין יידיש דעביוטירט אין 1888, מיט אַ ליד „אויפן בערגל" (אין „יידישן פאָלקס־בלאַט") און מיט אַ דערציילונג „הזכרת נשמות". שפּעטער מיטגעאַרבעט אין שלום־עליכמס „יודישע פאָלקסביבליאָטעק", וווּ פאַרעפנטלעכט צוו. אַנד. די פּאָעמע „אופיר", וועלכע האָט געמאַכט אין יענער צייט אַ גרויסן רושם. שטודירט פילאָזאָפיע אויפן ברעסלער אוניווערסיטעט. קערט זיך אום צוריק קיין פּוילן און באַזעצט זיך אין וואַרשע. אין 1917 אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, וווּ רעדאַגירט די באַוווסטע זמ"ב „התקופה", אַרויסגעגעבן דורכן שטיבל־פאַרלאַג. פון 1919 — צוריק אין וואַרשע און שפּעטער אין בערלין, וווּ ער האָט געוווינט ביז זיין טויט.

## פרידריך וואָלף



דייטשישער שרייבער־דראַמאַטורג.

געב. 1888.12.23, אין נייוויד. געשט. 1953.10.5, אין בערלין.

פון פאַך אַ דאָקטער. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך אָפּגעזאָגט צו דינען אין דער קייזערלעכער אַרמיי און איז דערפאַר אַרעסטירט געוואָרן. באַפרייט געוואָרן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1918. אין 1919 איז אויפגעפירט געוואָרן זיין ערשטע פּיעסע „דאָס ביסטו". שפּעטער זענען געקומען: „דער אָרעמער קאָנראַד", „ציאַנקאַלי", „די מאַטראָסן פון קאַטאַראָ". נאָכן קומען פון היטלערן צו דער מאַכט געלעבט אין עמיגראַציע. אָנגעשריבן די פּיעסן: „פּראָפעסאָר מאַמלאָק", „פלאָריסדאָרף", „דאָס טראָיאַנישע פערד", „דאָקטער וואַגנער", דעם ראָמאַן „צוויי אויף דער גרענעץ". נאָך דער מלחמה געלעבט אין דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. געווען דייטשישער אַמבאַסאַדאָר אין פאָלקס־פּוילן. פאַרעפנטלעכט די פּיעסע „דער בירגערמייסטער אַנע", „טאָמאַס מינצער", דעם ראָמאַן „פליענדיקע טעלער" א. אַנד.

# 24 דעצעמבער

## אַדאַם מיצקעוויטש



פּוילישער דיכטער.

געב. 1798.12.24, אין זאַאָשיע, נאָוואָגרודקער געגנט, ווייסרוסלאַנד. געשט. 1855.11.26, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. געבוירן אין אַ פאַראָרעמטער שלאַכטישער משפּחה. געלערנט אויפן ווילנער אוניווערסיטעט. אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער פּוילישער באַפרייונגס־באַוועגונג. פאַרשיקט געוואָרן אין טיף־רוסלאַנד. שפּעטער אויף עמיגראַציע אין פּאַריז, וווּ פאַרגעזעצט דעם קאַמף פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. געשטאָרבן אין טערקיי.

וויכטיקסטע ווערק: „באַלאַדן און ראָמאַנסן“, „גראַזשינע“, „קאָנראַד וואַלענראָד“, „קרימער סאָנעטן“, „דזיאַדי“, „פּאַן טאַדעוש“.

## פּראָפ. שמעון אשכנזי



פּוילישער היסטאָריקער (פון יידישער אָפּשטאַמונג).

געב. 1867.12.24, אין זאַוויכאָסט, ראַדאָמער געגנט. געשט. 1935.6.22, אין וואַרשע. געבראַכט צו קבורה אויפן גענשער יידישן בית־עולם.

פּראָפעסאָר פון לעמבערגער אוניווערסיטעט. פאָרשטייער פון פּוילן אין דער פעלקער־ליגע.

וויכטיקסטע ווערק: „דער פּויליש־פּרייסישער בונד“, „נאַפּאָלעאָן אין פּוילן“, „לוקאַשינסקי“.

## יוסף אָפּאַטאָשו

**(יוסף־מאיר אָפּאַטאָווסקי)**



געב. 1886.12.24, הינטער מלאַווע, פּוילן, אין אַ משפּחה פון וואַלד־סוחרים. געשט. 1954.10.7, אין ניו־יאָרק.

פון 1907 — אין אַמעריקע. דעביוטירט אין 1910.

אין בוכפאָרם: „פון ניו־יאָרקער געטאָ“, „ראָמאַן פון אַ פערד־גנב און אַנדערע דערציילונגען“, „אונטערוועלט“, די טרילאָגיע: „אין פּוילישע וועלדער“, „1863“ און „אַליין“, „היברו“, „ראַסע, לינטשעריי און אַנדערע דערציילונגען“, „אַרום די חורבות“, „אַרום גרענד־סטריט“ (ראָמאַן), „די טענצערין“ (ראָמאַן), „אַ טאָג אין רעגענסבורג“, „צווישן ימען און לענדער“, „מלאַווע — ניו־יאָרק“, „מענטשן און חיות“, „ווען פּוילן איז געפאַלן“ (דערציילונגען), „דער לעצטער אויפשטאַנד“ (ראָמאַן), „יידן־לעגענדע“.

# 25 דעצעמבער

## נחום אַראָנסאָן



סקולפּטאָר.
געב. 1872.12.25, אין קרעסלאַווקע, אוקראַינע. געשט. 1943.11.30, אין ניו־יאָרק.
באַזוכט אין ווילנע אַ צייכן־שול. אין 1891 — אַריבער־געפאָרן קיין פּאַריז, וווּ שטודירט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע.
צווישן זיינע וויכטיקסטע אַרבעטן: סקולפּטור־פּאָרטרעטן פון בעטהאָווען (דענקמאָל פון בעטהאָווען אין באָן), פון טאָלסטאָי (געווען מיט אַ באַזוך ביים גרויסן שרייבער אין „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ"), טורגעניעוו, וול. אי. לענין א. א. אָנטיילגענומען אין אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונגען. זיינע ווערק געפינען זיך אין פיל מוזייען פון אייראָפּע און אמעריקע.



נ. אַראָנסאָן: ביים קוואַל (מאַרמאָר)

# 26 דעצעמבער

## נחום אויסלענדער



סאָוויעטיש-יידישער שרייבער און ליטעראַטור-פאָרשער.
געב. 1893.12.26, אין כאַדאָרקאָוו, קיעווער געגנט.
געשט. 1962.9.28, אין מאָסקווע.
אין בוכפאָרם: „גרונט-שטריכן פון יידישן רעאַליזם", „לידער", „האַלבער טאָג" (לידער), „וועג-איין, וועג-אויס" (ליטעראַרישע עפּיזאָדן), „א. גאָלדפאַדען, מאַטעריאַלן פאַר אַ ביאָגראַפיע" (צוזאַמען מיט או. פינקעל), „דער יונגער שלום-עליכם און זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו", „אויף לודעמירער וועג", „יידישער טעאַטער" א.א.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

יידן זיצן אין אַן אייזנבאַן-וואַגאָן און פירן צווישן זיך אַ שמועס. ווי דער שטייגער, נעמט איינער דערציילן חידושים פון דער גרויסער שטאָט אָדעס:

— שטעלט זיך פאָר וואָס אין אַזאַ אָדעס קען מען זיך פאַרגינען: מ'האָט אויסגעשריבן אַ חזן, אמת, שוין איינמאָל אַ חזן, אַ צאַצקע, אַ חזן פון חזן-לאַנד. אָדער ווי זיי רופן אים דאָרטן „קאַנטער", — וויפל אָבער, אַשטייגער, מיינט איר, פאַרגינען זיך אָדעסער שאַרלאַטאַנעס צו צאָלן דעם נייעם „קאַנטער" שכירות אַ יאָר? ניט מער און ניט ווייניקער ווי צוואַנציק טויזנט קאַרבן אחוץ זייטיקע הכנסות און גלאַט מתנות...

— צוואַנציק טויזנט! מאַכט איינער — דאָס איז שוין אַ שטיקל גוזמא.

— און איך זאָג אייך — רופט זיך אָן אַן אַנדערער — אַז ס'איז גאָרנישט קיין ברעקל גוזמא. מיר איז אויך באַקאַנט די מעשה, נאָר געווען איז זי אַ ביסל אַנדערש: ניט אין אָדעס איז דאָס פאָרגעקומען, נאָר אין יעקאַטערינאָסלאַוו, און ניט מיט אַ חזן, נאָר מיט אַ סוחר פון געהילץ און ניט ער האָט פאַרדינט צוואַנציק טויזנט, נאָר אָנגעווירן דרייסיק טויזנט. ווייטער, אויסער די אייניקע קלייניקייטן, איז אַלץ אמת.

# 27 דעצעמבער

## לואי פּאַסטער



פראַנצויזישער באַקטעריאָלאָג און כעמיקער.
געב. 1822.12.27, אין דאָל. געשט. 1895.9.28, אין פּאַריז.
פּראָפעסאָר פון שטראַסבורגער, לילער און צום סוף פּאַריזער אוניווערסיטעט. מיטגליד פון דער פראַנצויזישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע און פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע. אין 1888 איז אין פּאַריז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער אינסטיטוט אויף זיין נאָמען, פון וועלכן ער איז געווען דער ערשטער דירעקטאָר.
פּאַסטער איז איינער פון די פּיאָנערן פון דער הײנטצייטיקער מיקראָביאָלאָגיע.

## אָסקאַר (ישׂראל) גרוזענבערג

באַרימטער אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטלעכער טוער.
געב. פרילינג 1866, אין יעקאַטערינאָסלאַוו (הײנט דניעפּראָפּעטראָווסק).
געשט. 1940.12.27, אין ניצע.
זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין פאַרטיידיקונג פון מאַקסים גאָרקי, וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, אין בלוט־בילבול קעגן ל. בלאָנדעס, אין פּראָצעס וועגן קישינעווער פּאָגראָם.

### פון יידישן פאָלקס־אוצר

אַ קליינשטעטלדיקער ייד איז געקומען צוריק אַהיים אין שטעטל פון זיין רייזע אין דער גרויסער שטאָט, וווּ ער האָט פאַרבראַכט עטלעכע טעג, און דערציילט זיינעם אַ חבר מיט גרויס התפעלות די אומגעהויערע חידושים, וואָס ער האָט זיך דאָרטן אָנגעזען. אַשטייגער, ווי אַ מענטש שטעלט זיך אַנידער און רעדט צו דער וואַנט דורך עפּעס אַ מין כלי, וואָס מען רופט עס טעלעפאָן, מיט איין האַנט דרייט ער אַ רעדל און מיט דער אַנדערער האַלט ער לעבן אויער עפּעס אַ רערל.
— וואָס דערציילסטו מעשיות? — רופט זיך אָפּ יענער — וויבאַלד ביידע הענט זענען פאַרנומען, ווי אַזוי־זשע רעדט מען?

# 28 דעצעמבער

## אברהם מאַפּו



העברעישער שרייבער — ראָמאַניסט.
געב. 1807.12.28, אין ווילִיאַמפּאָל, אַ פאָרשטאָט פון קאָוונע, ליטע. געשט. 1867.9.27, אין קעניגסבערג, פּרייסן (היינט קאַליניגראַד).
אין 1852 פאַרעפנטלעכט זיין ראָמאַן „אהבת ציון“, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, דאַן „אמנון און תמר“.
ביידע ראָמאַנען זענען איבערגעזעצט אין יידיש.

## מאָריס ראָזענפעלד



פּאָעט.
געב. 1862.12.28, אין דאָרף באָקשאַ, סוואַלקער געגנט, ליטע. געשט. 1923.6.22, אין ניו-יאָרק.
אין 1882 — אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, געקומען צוריק, דאַן אַוועק קיין לאָנדאָן, וו געאַרבעט ביי שניי-דעריי. אין 1886 ווידער אַוועק זוכן גליק אין אַמעריקע. געאַרבעט אין די ניו-יאָרקער שוויץ-שאַפּן ווי אַ פּרעסער. אין 1888 איז אין ניו-יאָרק דערשינען זיין ערשט לידער-בוך. זיינע לידער זענען געזונגען געוואָרן אין די שאַפּן. געוואָרן גיך פּאָפּולער — אָבער געלעבט אין נויט. פּראָפ. לעאָ ווינער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט זיין שאַפן און אים איבער-געזעצט אין ענגליש. געקראָגן אַ וועלט-נאָמען און דאַן אָנערקענט געוואָרן אויך אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט, וווּ ער האָט אין אָנהייב געהאַט גאָר-נישט קיין פריינדלעכן קבלת-פּנים. דער סוף פון זיין לעבן איז געווען אַזוי שווער ווי דער אָנהייב. ער האָט געלעבט איינזאַם און פאַרגעסן, מיט אַלעמען צעקריגט.

### פון יידישן פאָלקס-אוצר

אייגענע זינד פאַרגעסט מען געשווינד.

געבאָרגטער שכל טויג נישט.

מיט פרעמדן שכל קאָן מען נישט לעבן.

מיטן שכל וועסטו פאַנגען אפילו א לייב, מיט כוח אפילו נישט קיין פליג.

# פישל בימקא



דערציילער און דראַמאַטורג.

געב. 1890.12.28, אין קעלץ, פּוילן. געשט. 1965.4.7, אין טשיקאַגאָ.

פרי צוגעשטאַנען צו דער רעוו. באַוועגונג. געזעסן אַ שטיקל צייט אין קעלצער תּפיסה. דעביוטירט אין 1909 מיט דער דערציילונג „אַ מייל וועגס“. זיין ערשט ביכל, די דערציילונג „די עבירה“ איז דערשינען אין לאָדזש, אין 1912. שפּעטער זיך געווידמעט דער עיקר דער דראַמע. אין 1914 איז דורך יוליוס אַדלער אויפגעפירט געוואָרן אין לאָדזש זיין דראַמע „אויפן ברעג ווייסל“. די אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן זיין בוך דערציילונגען „רעקרוטן“, מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר בימקאָן קרעפטיקער שפּראַך און רעאַליסטישער שילדערונג. אַ רושם האָט געמאַכט זיין דראַמע „גנבים“, וועלכע איז געשפּילט געוואָרן דורך פיל יידישע טעאַטערס. אין 1921 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, וו לאַנגע יאָרן געאַרבעט אַלס קאַמאַשנשטעפּער. אין 1938 באַקומען די ליטעראַטור־פּרעמיע פון „איקוף“.

אין בוכפאָרם, אויסער די אויבנדערמאָנטע: „די אינטריגע“ (טראַגי־קאָמעדיע), „פון קריג און פרידן“ (דערציילונגען), „פאַרבאָרגענע כוחות“ (דראַמע), „העלע בליקן“, „טונקעלע געשטאַלטן“, „גאָלדענע צויטן“, „קעלץ“ (דערציילונגען), „דאָס געוויין פון בלוט“ (דראַמע) א. א.

## פון יידישן פאָלקס־אוצר

פרייטיק פאַרנאַכט, נאָך ליכט־בענטשן פרעגט דער מאַן דער ווייב:

— פאַרוואָס בענטשסטו די ליכט און מיך האַלטסטו אין איין שעלטן?

— ווען דו וואָלסט ברענען ווי אַ ליכט — מאַכט דאָס ווייב — וואָלט איך דיך אויך געבענטשט.

* * *

איין חסיד באַרימט זיך פאַרן צווייטן חסיד פון אַן אַנדערן רבין:

— דו שפּילסט זיך עפּעס מיט מיין רבין? ער רעדט דאָך מיט מלאכים!

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — פרעגט אים יענער.

— וואָס הייסט, איך האָב עס אַליין געהערט מיט מיינע אויערן פון זיין הייליקן מויל.

— עט, לאו דווקא.

— הולטיי איינער, אַ מענטש וואָס רעדט מיט מלאכים, וועט דאָך ניט נעמען גלאַט און אויסטראַכטן.

# 29 דעצעמבער

## יוסף יאַשונסקי



געזעלשאַפטלעכער טוער און מחבר פון פּאָפּולער־וויסנ־שאַפטלעכע ביכער.

געב. 1881.12.29, אין גראָדנע, ווייסרוסלאַנד. אומגעקו־מען אין טרעבלינקע דעם 1943.1.18, וווּ דעפּאָרטירט געוואָרן פון וואַרשעווער געטאָ.

שטודירט אין פּעטערבורג און בערלין. פון 1920 געלעבט אין ווילנע, וווּ געווען דירעקטאָר פון דער יידישער רע־אַל־גימנאַזיע. פון 1928 — אין וואַרשע. דירעקטאָר פון „אָרט". אין בוכפאָרם: „נאַטור און מענטש", „גרויסע מענטשן, גרויסע געשעענישן".

## פון שלום־עליכמס ווערטלעך

— ווו איז דער פֿערד

— ווער? אונדזער ראַבינער?

— וואָס עפּעס דער ראַבינער?

— ווער דען איז אַ פֿערד?

---

— אין אָדעס ליגט אַ מת דריי טעג.

— שאַ, ביי אונדז אין סלוצק ליגט אַ יידענע שוין דריי וואָכן.

— פאַרוואָס זשע באַהאַלט מען זי נישט?

— וואָרים זי איז נאָך נישט געשטאָרבן.

---

עס רעטעך — נאָר כראָמסקע נישט.

# 30 דעצעמבער

## פסחר

30 דעצעמבער 1922 — פּראָקלאַמירט דעם „פאַרבאַנד פון די סאָוויעטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן“.

## זעליק אַקסעלראָד



סאָוויעטיש־יידישער דיכטער.
געב. 1904.12.30, אין מאָלאָדעטשנע, ווילנער קאַנט. אומגעקומען דעם 1941.6.26, אין מינסקער תפיסה.
באַקומען אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג. געלערנט אין אַ ישיבה. דעביוטירט אין 1920, אין מינסקער „וועקער“.
אין בוכפאָרם: „צאַפּל“, „לידער“, „און ווידער לידער“, „אויג אויף אויג“, „רויטאַרמייאישע לידער“ א. א.

שלמה עטינגער

## ביי מיין געבורטס־טאָג

איך זיץ און קלער מיר שוין אַזוי דאָ,
אפשר מער ווי אַ האַלבע שעה,
פאַר וואָס האָבן דאָס מיינע האָר,
זייער גרויס שוואַרצקייט נישט פאַרלאָרן;
עס איז דאָך שוין דריי און פערציק יאָר
זייט איך בין אויף דער וועלט געבאָרן? —
נאָר איך האָב אַ תירוץ גאָר אַ קליינעם:
זיי וועךן פאַרשוואַרצט מיט מיר אין איינעם.

# 31 דעצעמבער

## ד״ר שלמה עטינגער



איינער פון די אָנהייבער פון דער נייער יידישער ליטע־ראַטור.

געב. [1801—1800?], אין וואַרשע. געשט. 1856.12.31, אין זדאַנאָוו, דאָרף ביי זאַמאָשטש, פוילן.

געשריבן לידער, עפּיגראַמען, משלים און דראַמעס.

ערשט 5 יאָר נאָך זיין טויט, אין 1861, איז אין יאָהאַ־נעסבורג, פּרייסן, דערשינען זיין „קאָמעדיאַ אין 5 אַק־טען פאָן סערקעלע אָדער די פאַלשע יאָרצייט געשעהן אין לעמבערג שנת תקצ״ה״. שפּעטער „משלים, לידלעך, קליינע מעשהלעך און כתותלעך (קאַטאָוועסלעך) אייגענע און נאָכגעמאַכטע״ (פּעטערבורג, 1889).

אין 1925 זענען דערשינען אין ווילנע אַלע ווערק פון ד״ר שלמה עטינ־גער מיט אַ ביאָגראַפישן און ביבליאָגראַפישן אַריינפיר פון ד״ר מאַקס וויינרייך.

„סערקעלע״ איז צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן אין 1862, אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול מיט א. גאָלדפאַדען אין דער ראָל פון „סער־קעלע״.

## מאיר ווינער



סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור־פאָרשער און בעלעט־ריסט.

געב. 1893.12.31, אין קראָקע. אומגעקומען אויפן פראָנט, סעפּטעמבער 1941, ביי דער שטאָט וויאַזמע.

פון 1926 — אין ראַטנפאַרבאַנד. געווען רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „די רויטע וועלט״ (1927), אָנגעפירט מיט דער קאַטעדרע פאַר יידישער שפּראַך און ליטעראַטור אינעם יידישן סעקטאָר פון פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין קיעוו.

די לעצטע יאָרן געלעבט אין מאָסקווע.

אין בוכפאָרם: „עליע פאַלעקס אונטערגאַנג״ (ראָמאַן), „פּראָבלעמעס פון פאָלקלאָריסטיק״, „פּראָבלעמעס פון קריטיק״, „כלב אשכנזי״ (ראָמאַן), „עטיודן וועגן מענדעלען און די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן״, „צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין 19־טן י. ה.״, „וועגן שלום־עליכמס הומאָר״ און אַ נישט־פאַרענדיקטער ראָמאַן „ביים מיטל־לענדישן ים״ (אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש״).

# וויכטיקסטע דאַטעס פון דער יידישער געשיכטע

## פאַר דער נייער צייט־רעכענונג

| | |
|---|---|
| 15—14 י״ה | — עלטסטע איינוואַנדערונגען פון די עברים אין כנען |
| 13—12 " | — די בני־ישראל פאַרנעמען כנען |
| 13 " | — אויפקום פון פעניקיש־העברעיש אלף־בית |
| 12 " | — אָנהייב פון דער ביבלישער ליטעראַטור |
| 11 " | — די מלחמות מיט די פלישתים |
| 1035 | — אַנטשטייונג פון אַן איינהייטלעכער מלוכה מיטן קעניג שאול בראש |
| 1015—975 | — דוד המלך |
| 975—935 | — שלמה המלך |
| 935 | — שפּאַלטונג פון דער מלוכה אויף יהודה און ישראל |
| 722 | — אונטערגאַנג פון ישראל |
| 2־טע העלפט 8 י״ה | — געלעבט דער נביא ישעיה |
| סוף 7— אָנהייב 6 י״ה | — געלעבט דער נביא ירמיה |
| 1־טע העלפט 6 י״ה | — געלעבט דער נביא יחזקאל |
| 586 | — אונטערגאַנג פון יהודה און חורבן ירושלים |
| 5 י״ה | — אַראַמיש ווערט די רייד־שפּראַך אין ישראל |
| 332 | — יהודה פאַרנומען דורך אַלעקסאַנדער מוקדון |
| 320—198 | — יהודה אונטער דער הערשאַפט פון די פּטאָלאָמייער |
| 3—2 י״ה | — אַנטשטייונג פון אַ גרויסן יידישן ישוב אין מצרים |
| 198—167 | — יהודה אונטער דער הערשאַפט פון די סעלעוקידן |
| 167 | — אויפשטאַנד פון די חשמונאים |
| 142 | — יהודה ווידער אַ זעלבשטענדיקע מלוכה |
| 63 | — פּאָמפּעוס פאַרנעמט ירושלים |

## נייע צייט־רעכענונג

| | |
|---|---|
| 1־טע העלפט פון 1 י״ה | — געלעבט פילאָן פון אַלעקסאַנדריע |
| 66—73 | — מלחמה מיט די רוימער, צווייטער חורבן ירושלים |
| 2־טע העלפט 1 י״ה | — געלעבט דער היסטאָריקער יוסף פלאַוויוס |
| 132—135 | — אויפשטאַנד פון בר־כוכבא |

| | |
|---|---|
| 2—4 י״ה | — ערשטע יידישע ישובים אין שפּאַניע, פראַנקרייך און דייטשלאַנד |
| אַרום 200 | — רעדאַקציע פון דער משנה |
| 351—350 | — אויפשטאַנד אין גליל |
| 400—350 | — רעדאַקציע פון תלמוד ירושלמי |
| אַרום 500 | — ענדגילטיקע רעדאַקציע פון תלמוד בבלי |

## מיטלאַלטער

| | |
|---|---|
| 628—624 | — מאַכמעדס מלחמה קעגן די יידן אין די אַראַבישע לענדער |
| 711—649 | — רדיפות אויף יידן אין קריסטלעכן שפּאַניע |
| 850 | — מוסולמענישער געזעץ וועגן אַ געלער לאַטע פאַר יידן |
| 9—12 י״ה | — פונאַנדערבלי פון דער יידיש־אַראַבישער קולטור |
| 1070—1020 | — געלעבט שלמה אבן גבירול |
| 1105—1040 | — געלעבט רש״י |
| 1138—1070 | — געלעבט משה אבן עזרא |
| 1140—1085 | — געלעבט יהודה הלוי |
| 1215—1096 | — קרייץ־צוגן |
| 1205—1135 | — געלעבט דער רמב״ם |
| 12—13 י״ה | — ערשטע יידישע ישובים אין פּוילן (קאַליש, פּויזן, קראָקע) באַקאַנט פון דאָקומענטן |
| 12—13 י״ה | — בלי־תקופה פון דער יידישער קולטור אין שפּאַניע |
| 1264 | — די ערשטע פּריווילעגיע (רעכט) וואָס די יידן אין פּוילן האָבן באַקומען („קאַלישער סטאַטוט“) |
| 1290 | — גירוש פון יידן אין ענגלאַנד |
| 1394—1306 | — גירושים פון די יידן אין פראַנקרייך |
| 1549—1468 | — געלעבט אליהו בחור (אליהו לעוויטא) |
| 1492 | — גירוש שפּאַניע |
| 1498 | — גירוש פּאָרטוגאַל |

## נייע צייט

| | |
|---|---|
| 1532—1524 | — משיחישע באַוועגונג פון דוד ראובני און שלמה מולכו |
| 1598 | — אָנהייב פון יידישן ישוב אין האָלאַנד |
| 16—18 י״ה | — בלי־תקופה פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פּוילן |

| | |
|---|---|
| 1616 | — אוריאל אקאָסטאַ פאַרעפנטלעכט זיינע „טעזיסן קעגן דער טראַדיציע“ |
| 1677—1632 | — געלעבט ספינאָזע |
| 1649—1648 | — גזירת ת״ח ות״ט (פּאָגראָמען אויף יידן בעתן קאָזאַקן־אויפשטאַנד פון באָגדאַן כמיעלניצקי קעגן די פּוילישע פּריצים, בעת וועלכן עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן גאַנצע יידישע ישובים |
| 1656—1649 | — יידן קערן זיך אום קיין ענגלאַנד אויפן סמך פון דעקרעט פון קראמוועלן |
| 1678—1666 | — שבתי־צבי־באַוועגונג |
| 1760—1700 | — געלעבט דער בעל־שם־טוב, דער באַגרינדער פון חסידיזם |
| 1797—1720 | — געלעבט דער ווילנער גאון |
| 1786—1729 | — געלעבט משה מענדעלסאָן |
| 19—18 י״ה | — השכלה־באַוועגונג אין מיטל־ און מזרח־אייראָפּע |

**נייסטע צייט**

| | |
|---|---|
| 1794—1789 | — גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן |
| 1794 | — „תחום־המושב“ אין רוסלאַנד |
| 1794 | — פּוילישער אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון קאָשטשושקאָ קעגן דער צעטיילונג פון פּוילן צווישן רוסלאַנד, פּרייסן און עסטרייך, אין וועלכן ס׳האָט אָנטיילגענומען אויך אַ יידישער פּאָלק בראש מיט בערעק יאָסעלעוויטש |
| 1891—1817 | — געלעבט דער היסטאָריקער היינריך גרעץ |
| (26.8) 1827 | — אַרויסגעגעבן די קאַנטאָניסטן־גזירה אין רוסלאַנד |
| 1917—1837 | — געלעבט מענדעלע מוכר ספרים |
| 1840 | — עלילת־דם אין דמשק |
| 1848 | — יידישע עמאַנציפּאַציע אין דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע |
| 1915—1852 | — געלעבט י. ל. פּרץ |
| 1916—1859 | — געלעבט שלום־עליכם |
| 1941—1860 | — געלעבט דער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו |
| 1934—1873 | — געלעבט ח. נ. ביאַליק |
| 1875 | — ערשטער קרייז פון יידישע סאָציאַליסטן אין ווילנע (זונדעלעוויטש, ווײנער, יאָכעלסאָן, ליבערמאַן א. א.) |

1876 — אַנטשטייונג פון „יידישן סאָציאַליסטישן ארבעטער־פאַרבאַנד“ (אָרגאַניזירט דורך אַהרן ליבערמאַן אין לאָנדאָן)

1877 — דערשינען די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג „האמת“, אַרויסגעגעבן דורך אַהרן ליבערמאַן (בסך־הכל דריי העפטן)

1957—1880 — געלעבט שלום אַש

1881 — אָנהייב פון דער עמיגראַציע פון רוסישע יידן קיין אַמעריקע

1882 — אָנהייב פון דער נייער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע

1952—1884 — געלעבט דוד בערגעלסאָן

1954—1886 — געלעבט יוסף אָפּאַטאָשו

1962—1888 — געלעבט ה. ליוויק

1948—1890 — געלעבט שלמה מיכאָעלס

1891 — אָנהייב פון דער גרויסער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע

1906—1894 — דרייפוס־פּראָצעס אין פראַנקרייך

(28.5) 1902 — אויפגעהאָנגען הירש לעקערט, וועלכער האָט אויסגעפירט אן אַטענטאַט אויפן ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל

1903 — קישינעווער פּאָגראָם

1905 — ערשטע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, גרויסער אָנטייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט

1906—1905 — פּאָגראָמען־כוואַליע אין רוסלאַנד

.(30.8) 1908 — טשערנאָוויצער יידישע שפּראַך־קאָנפערענץ

1913—1911 — בייליס־פּראָצעס

1917 — רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן

1920—1918 — פּאָגראָמען אין אוקראַינע

1925 — גרינדונג פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ) אין ווילנע און אוניווערסיטעט אין ירושלים

1933 — היטלער געקומען צו דער מאַכט

(15.9) 1935 — עס הייבן אָן ווירקן די „נירנבערגער געזעצן“

(12.9) 1937 — אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז

(.1.9) 1939 — אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויף פּוילן און אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פאַרניכטונג פון די אייראָפּעישע יידן דורכן היטלער־רעזשים (1945—1939)

1943 (מערץ) — ליקווידאַציע פון קראָקעווער געטאָ

1943 (19.4) — אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

1943 (20.6) — ליקווידאַציע פון לעמבערגער געטאָ

1943 (16.7) — אומגעקומען איציק וויטענבערג, דער אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ווילנער געטאָ

1943 (16.8) — אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ

1943 (23.9) — ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ

1944 (12.8—19.9) — ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ

1944 (15.8) — אַנטשטייונג פון ערשטן יידישן קאָמיטעט אין באַפרייטן פוילן (לובלין)

1944 (15.8) — געשאַפן די היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן, וועלכע איז שפּעטער (1947) פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט“

1945 (20.4) — אַנטשטאַנען דער ערשטער יידישער טעאַטער אין באַפרייטן פוילן (לאָדזש)

1946 (1 .10) — אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל אין נירנבערגער פּראָצעס קעגן די וויכטיקסטע היטלער־מערדער מיט גערינגן בראָש

1947 (29.11) — רעזאָלוציע פון דער אונאָ וועגן שאַפן מדינת ישראל

1948 (14.5) — פּראָקלאַמירט די אַנטשטייונג פון מדינת ישראל

1949 — אַנטשטייונג פון יידישן מלוכה־טעאַטער א. נ. פון א. ר. קאַמינסקאַ אין וואַרשע

1959 — אָפּגעמערקט דורך דער גאַרער פּראָגרעסיווער וועלט דעם הונדערטסטן געבוירנטאָג פון שלום־עליכם (לויטן באַשלוס פון אַלוועלטלעכן שלום־ראַט)

1962 (1.6) — אויסגעפירט אין ירושלים דעם טויט־אורטייל איבער אַדאָלף אייכמאַן

1964 — געפייערט אין דער גאַרער וועלט די דאַטע 100 יאָר נייע יידישע ליטעראַטור (דעם 24 נאָוועמבער 1864 האָט זיך אין אָדעסער „קול מבשר“ אָנגעהויבן דרוקן מענדעלעס ערשט ווערק אין יידיש — „דאָס קליינע מענטשעלע“).

# צאָל ייִדן אויף דער וועלט

ווען דער צאָל ייִדן אין די אַלטע צייטן זענען, נאַטירלעך, קיין גענויע ציפערן נישט פאַראַן. די וואָס ווערן יאָ אָנגעגעבן זענען געבויט אויף השערות און זענען גאָר־גאָר לפי ערך־דיקע.

אין ערשטן י״ה פון אונדזער צייט־רעכענונג ווערט די צאָל ייִדן געשאַצט אויף 4,5 מיליאָן. פון דער דאָזיקער צאָל האָבן אין ארץ־ישראל געלעבט אַן ערך איין מיליאָן. די איבעריקע האָבן געלעבט אין פאָדער־אַזיע און צפון־אַפריקע, פון וואַנען באַדייטנדיקע טיילן האָבן אויסגעוואַנדערט קיין רוים, שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד. פאַר די ייִדן פון קליין אַזיע, בבל, ביזאַנץ האָט דער וועג געפירט צום באַלקאַן און צו די סלאַווישע לענדער.

אין רעזולטאַט פון די קרייץ־צוגן און די רדיפות אין שייכות מיט דער עפּידעמיע פון „שוואַרצן טויט״ (1349) האָבן זיך די ייִדן פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד געלאָזט קיין מזרח־אייראָפּע, קיין פּוילן.

די צאָל ייִדן אין מיטלאַלטער (15 י״ה, נאָך גירוש־שפּאַניע און מאַסן־שמד) איז געפאַלן ביז 1,5 מיליאָן. אין 18 י״ה האָט די צאָל ייִדן באַטראָפן אַן ערך 2,5 מיליאָן. צו אַן אויפשטייג דערגייט אין 19 י״ה — 10,5 מיליאָן. אין יאָר 1937 ווערט די צאָל ייִדן געשאַצט אויף 16,5—17 מיליאָן.

זינט 1880 (דיסקרימינאַציע און פּאָגראָמען אויף ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד) הייבט זיך אָן אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג פון די מזרח־אייראָפּעישע ייִדן מעבר־לים (אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, דרום־אַמעריקע). אַן ערך 5 מיליאָן ייִדן האָבן אויף אַזאַ אופן פאַרלאָזט זייערע געבוירנערטער.

ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די צאָל ייִדן אין דער וועלט באַטראָפן ביי 17 מיליאָן, פון דעם אין אייראָפּע אַרום 10 מיליאָן און אין די אַמעריקאַנער לענדער — איבער 5 מיליאָן. די גרעסטע דריי ייִדישע ישובים זענען געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן (4.650.000), פּוילן (3.300.000) און ראַטנפאַרבאַנד (3.100.000).

אין רעזולטאַט פון די היטלעריסטישע מאַסן־שחיטות אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אין אייראָפּע אומגעקומען איבער 6 מיליאָן ייִדן.

| לאנד | צאָל ייִדן ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה | צאָל אומגעקומענע |
|---|---|---|
| פוילן | *3.300.000 | 3.000.000—2.850.000 |
| ראטנפארבאנד | **3.100.000 | 1.800.000—1.715.000 |
| רומעניע | 850.000 | 450.000—425.000 |
| אונגארן | 400.000 | 300.000 |
| טשעכאָסלאָוואקיע | 315.000 | 240.000 |
| דייטשלאנד | 193.000 | 135.000—110.000 |
| האָלאנד | 150.000 | 105.000 |
| פראנקרייך | 300.000 | 90.000 |
| גריכנלאנד | 75.000 | 60.000 |
| יוגאָסלאוויע | 75.000 | 55.000 |
| עסטרייך | 90.000 | 45.000 |
| בעלגיע | 90.000 | 40.000 |
| איטאליע | 57.000 | 15.000 |
| בולגאריע | 50.000 | 7.000 |
| אַנדערע | 15.000 | 5.000 |
| | 9.060.000 | 6.347.000—6.062.000 |

* אין די גרענעצן פון 1939 (ערב דעם אָנפאל פון היטלער־דייטשלאנד אויף פוילן).

** אין דעם:

| | |
|---|---|
| צפון־בוקאָווינע | 278.000 — |
| ליטע | 155.000 — |
| לעטלאַנד | 95.000 — |
| עסטלאנד | 5.000 — |

די צאָל ייִדן אין דער וועלט הייַנט צו טאָג (לויטן „אמעריקאנער יידישן קאָמיטעט“) באטרעפט — 13 מיליאָן 887 טויזנט (1965).

דער יידישער ישוב אין די פאראייניקטע שטאַטן ווערט געשאַצט אויף 5.600.000 נפשות, פון וועלכע איבער צוויי מיליאָן לעבט אין ניו־יאָרק. אויפן צווייטן אָרט גייט דער ראַטנפאַרבאַנד מיט 3.000.000, מדינת ישראל מיט 2.273.000, אַרגענטינע — 550.000, פראנקרייך — 500.000, ענגלאנד — 450.000, קאַנאַדע — 262.000, בראזיל — 150.000, דרום־אַפריקע — 116.000, איראַן — 80.000, מאַראָקאָ — 75.000, אויסטראליע — 70.000. ווייטער גייען: אורוגוואַי — 50.000, טערקיי — 43.000, בעלגיע — 40.000, איטאַליע — 35.000, דייטשלאנד (ביידע טיילן) — 32.000, טוניס — 30.000, טשילע —

30.000, פוילן — 30.000, מעקסיקע — 29.000, האָלאַנד — 23.000, שווייצאַ=
ריע — 19.000, אינדיע — 18.000, טשעכאָסלאָוואַקיע — 18.000, שוועדן —
14.000, עטיאָפּיע — 12.000, עסטרייך — 12.000, קאָלומביע — 10.000, ווע=
נעזועלע — 8.000, בולגאַריע — 7.000, יוגאָסלאַוויע — 7.000, איראַק — 6.000,
גריכנלאַנד — 6.000, דענעמאַרק — 6.000, לבנון — 6.000, ליביע — 6.000,
דרום=ראָדעזיע — 5.000, ניי=זעלאַנד — 5.000, סיריע — 5.000, שפּאַניע —
5.000, אַלזשיר — 4.000, פאַראייניקטע אַראַבישע רעפּובליק — 4.000, יאַפּאַן
— 1.000, כינע — 500 א.א.

---

גענומען פון י. לעשצינסקיס „דאָס יידישע פאָלק אין ציפערן“, אַלגעמיינע ענצי=
קלאָפּעדיע“ (אין יידיש), סעריע „יידן“, באַנד „א“ און „ו“ און „אַמעריקאַנער יידישער
יאָרבוך“ (אין ענגליש), אַרויסגעגעבן דורכן „אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט“ (1965).

# איסגעוויילטע ביבליאָטעק פון דער יידישער ליטעראַטור

| | |
|---|---|
| מענדעלע מוכר ספרים (1917—1837) | — „דאָס קליינע מענטשעלע“, „פישקע דער קרומער“, „די קליאַטשע“, „מסעות בנימין השלישי“, „דאָס ווינטשפינגערל“, „שלמה ר' חיימס“ |
| י. י. לינעצקי (1915—1839) | — „דאָס פוילישע יינגל“, „א וואָרעם אין כריין“ |
| א. גאָלדפאַדען (1908—1840) | — „די כישופמאכערין“, „די ביידע קוני-לעמל“, „בר-כוכבא“, „שולמית“, „דאָס פינטעלע ייד“ |
| מ. וואַרשאַווסקי (1907—1848) | — „יידישע פאָלקס-לידער מיט נאָטן“ |
| י. ל. פרץ (1915—1852) | — „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“, „חסידות“, „דראמען“, „לידער און באַלאַדן“, „פאר קליין און גרויס“, „אַלט און ניי“, „אדם און חוה“. |
| י. גאָרדין (1909—1853) | — „מירעלע אפרת“, „גאָט, מענטש און טייוול“, „דער יידישער קעניג ליר“, „כאַסיע די יתומה“. |
| מ. ווינטשעווסקי (1932—1856) | — „רעוואָלוציאָנערע לידער און שירים“, „די פרייהייטס-האַרפע“ |
| מ. ספּעקטאָר (1925—1858) | — „דער יידישער מוזשיק“, „רב טרייטל“, „קאַליקעס“ |
| שלום-עליכם (1916—1859) | — „טביה דער מילכיקער“, „מנחם-מענדל“, „מאָטל פּייסי דעם חזנס“, „קאָמיוואָיאַזשאָרן“, „בלאָנדזשענדיקע שטערן“, „פון יאַריד“. |
| ש. דובנאָוו (1941—1860) | — „וועלט-געשיכטע פון יידישן פאָלק“ (אין 10 בענדער) |
| ד. עדעלשטאַט (1892—1866) | — לידער |
| ד. פינסקי (1959—1872) | — „דער אוצר“, „די פאמיליע צבי“, „אייזיק שעפטל“, „יאַנקל דער שמיד“ |
| יהואָש (1927—1872) | — תנ"ך אין יידיש |
| ח. נ. ביאַליק (1934—1873) | — „אין שחיטה-שטאָט“, „דאָס לעצטע וואָרט“, „פון צער און צארן“ |
| י. באָוושאָווער (1915—1873) | — לידער |
| ד"ר י. צינבערג (1939—1873) | — „די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן“ (10 ביכער) |
| בעל-מחשבות (1924—1873) | — געקליבענע שריפטן |

ה. ד. נאָמבערג (1874—1927) — „פליגעלמאַן“, „צווישן בערג“

א. רייזען (1876—1953) — דערציילונגען און לידער

מ. געבירטיג (1877—1942) — „פאָלקסטימלעך“, „ס'ברענט“

ז. י. אָנכי (1878—1947) — „ר' אלחנן“, „ר' אבא“

ל. שאַפּיראָ (1878—1948) — „די יידישע מלוכה“

א. ווייטער (1878—1919) — „פאַרטאָג“, „דער שטומער“

י. ראָלניק (1879—1955) — „אויפן זאַמדיקן וועג“

ש. אַש (1880—1957) — „דאָס שטעטל“, „ר' שלמה נגיד“, „אָנקל מאָזעס“, „די כישופמאַכערין פון קאַסטיליע“, „קידוש השם“, די טרילאָגיע „פאַרן מבול“, „דער תהילים־ייד“, „דער מאַן פון נצרת“, „דער ברענענדיקער דאָרן“.

פּ. הירשביין (1880—1948) — דראַמען

א. שטיינבארג (1880—1932) — „משלים“, „מעשהלעך“

א. מ. ווייסענבערג (1881—1938) — „אַ שטעטל“

א. ראַבאָי (1882—1944) — „הער גאָלדענבארג“, „בעסאַראַבער יידן“, „איז געקומען א ייד קיין אמעריקע“

ש. אַנסקי (1883—1920) — „דער דיבוק“

מאַני לייב (1883—1953) — „באַלאַדן“, „לידער“, „סאָנעטן“

ש. ניגער (1883—1954) — „וועגן יידישע שרייבער“

ד"ר י. שיפּער (1884—1943) — „די געשיכטע פון דער יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צייטן ביז 1750“

ז. סעגאַלאָוויטש (1884—1949) — „זעליגס יאָרן“, „קרימער נעכט“. „דער לעצטער לאָהזשער“

דער נסתר (1884—1950) — „די משפחה מאַשבער“

ד. בערגעלסאָן (1884—1952) — „אַרום וואָקזאַל“, „נאָך אַלעמען“, „ביים דניעפּר“

א. קאַציזנע (1885—1941) — „דוכוס“, „הורדוס“, „שטאַרקע און שוואַכע“.

מ. נאַדיר (1885—1943) — „פון מענטש צו מענטש“, „מעשה־לעך מיט א מאָראַל“.

י. קאַצענעלסאָן (1885—1944) — „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק“

ד. איגנאַטאָוו (1885—1954) — „אין קעסל־גרוב“, „דאָס פאַרבאָר־גענע ליכט“

| | |
|---|---|
| מ. ל. האַלפּערן (1932—1886) | — „אין ניו־יאָרק“, „די גאָלדענע פּאַווע“ |
| צ. הירשקאָן (1938—1886) | — „צווײ וועלטן“, „באָרים קאַבאַלקין“ |
| י. אָפּאַטאָשו (1954—1886) | — „אין די פּוילישע וועלדער“, „א טאָג אין רעגענסבורג“, „דער לעצטער אויפשטאַנד“ |
| ז. שניאור (1959—1887) | — „שקלאָווער יידן“, „נח פּאַנדרע“, „דער קיסר און דער רבי“, |
| ז. רייזען (1941—1888) | — „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע“ |
| י. פּערלע (1943—1888) | — „מירל“, „אין לאַנד פון דער ווייסל“, „יידן פון א גאַנץ יאָר“ |
| מנחם באָריישאָ (1949—1888) | — „פּוילן“, „זאַוול רימער“, „דער גייער“ |
| ה. לייוויק (1962—1888) | „גולם“, „אין קיינעמס לאַנד“, „שמאַטעס“, „לידער פון גן־עדן“, „לידער צום אייביקן“ |
| א. שוואַרצמאַן (1919—1889) | — „לידער“ |
| ש. האָראָנטשיק (1939—1889) | — „אין געראַוויש פון מאַשינען“, „1905“ |
| י. נוסינאָוו (1950—1889) | — „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור פון מענדעלען“. |
| ד. האָפשטיין (1952—1889) | — „אין טאָוול פון ווענט“, „ליריק“ |
| מ. בראָדערזאָן (1956—1890) | — „פּערל אויפן ברוק“, „באַגייסטערונג“, „ייד“ |
| ש. גאָדינער (1941—1892) | — „דער מענטש מיט דער ביקס“ |
| מ. ווינער (1941—1893) | — „צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין 19 י״ה“ |
| ב. גלאַזמאַן (1945—1893) | — „אינעם ראָד“, „אויף די פעלדער פון דזשאָרדזשיאַ“, „סטעפּ און ישוב“ |
| י. י זינגער (1949—1893) | — „פּערל און אנדערע דערציילונגען“, „יאָשע קאַלב“, „די ברידער אשכנזי“ |
| ל. קוויטקאָ (1952—1893) | — „1919“, „רויטער שטורעם“, „פּאָגראָם־ליריק“ |
| א. קאַגאַנאָווסקי (1958—1893) | — „גאַוועלן“, „יידישע שרייבער אין דער היים“ |
| נ. אויסלענדער (1962—1893) | — „גרונט־שטריכן פון יידישן רעאַליזם“, „יידישער טעאַטער“ |

| | |
|---|---|
| א. לוצקי (1957—1894) | — „אומעטיק און פריילעך, אָדער נעמט עס, ס׳איז גוט פאר אייך“ |
| א. גורשטיין (1941—1895) | — „פּראָבלעמען פון קריטיק“ |
| פּ. מאַרקיש (1952—1895) | — „וואָלין“, „די קופּע“, „דור־אויס, דור־איין“, „מלחמה“, „טראָט פון דורות“ |
| מ. קולבאַק (1940—1896) | — „לידער און פּאָעמען“, „זעלמעניאַנער“ |
| מ. בורשטין (1945—1897) | — „אונטער די חורבות פון פּלוינע“, „ביי די טייכן פון מאַזאָוויע“ |
| ש. האַלקין (1960—1897) | — „וויי און מוט“, „בר־כוכבא“, „שולמית“, „דער בוים פון לעבן“ |
| אי. כאַריק (1937—1898) | — „מינסקער בלאָטעס“ |
| מ. עריק (1937—1898) | — „וועגן אַלט־יידישן ראָמאַן און נאָוועלע, 15—16 י״ה“, „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור פון די עלטסטע צייטן ביז דער השכלה־תקופה“ |
| ע. וואַרשאַווסקי (1944—1898) | — „שמוגלארס“ |
| ע. רינגעלבלום (1944—1900) | — „כתבים פון געטאָ“ |
| אי. פּעפער (1952—1900) | — „פּראָסטע טריט“, „פּלאַסטן“, „שאָטנס פון ווארשעווער געטאָ“ |
| ז. אַקסעלראָד (1941—1904) | — לידער |
| ל. וואָלף (1943—1910) | — „שווארצע פּערל“ |
| ה. גליק (1943—1921) | — „לידער און פּאָעמעס“ |

# אויסגעוויילטע ביבליאָטעק פון דער וועלט־ליטעראַטור

האָמער (צווישן 12 און 8 י.ה. פאַ״ע) — איליאַדע, אָדיסייע

עזאָפּ (6—5 י. ה.) — משלים

עסכיל (525—456) — אָרעסטעי, פּערסער, דער צוגע־שמידטער פּראָמעטיי

סאָפאָקל (497—406) — אַנטיגאָנע, קעניג עדיפּ

העראָדאָט (485—425) — די געשיכטע פון די גריכיש־פּער־סישע מלחמות

עוריפּיד (480—406) — מעדעאַ

אַריסטאָפאַן (446—385) — זשאַבעס, רייטער, וואָלקנס, שלום, פייגל, ליסיסטראַט

קסענאָפאָנט (430—355/4) — אַנאַבאַסיס

פּלאַטאָן (427—347) — די סעודה

פּלוטאַרך (126—46) — מאָראַליאַ, פאַרגלייכנדיקע ביאָ־גראַפיעס

צעזאַר גאַי יולי (100—44) — וועגן דער גאַלישער מלחמה

ווערגיליוס (70—19) — ענעידאַ

האָראַציוס (קווינט האָראַצי פלאַק) — אָדעס

ליוויוס טיט (59 פאַ״ע—17 נק״ר) — געשיכטע פון רוים זינט איר אַנט־שטייונג

אָווידיוס (פּובלי אָווידי נאַזאָן — 43 פּק״ר—17 נק״ר) — מעטאַמאָרפאָזן

יוווענאַליס דעציס (60 פּק״ר — 27 נק״ר) — סאַטירע

אַפּוליוס לוציאָ (2 י. ה.) — דער גאָלדענער אייזל

דאָס ליד וועגן ראָלאַנדן (11 י. ה.)

טריסטאַן און איזאָלדע (12 י. ה.)

דאַנטע אַליגיערי (1265—1321) — געטלעכע קאָמעדיע

פּעטראַרקע פראַנטשעסקאָ (1304—1374) — דאָס לידער־בוך

באָקאַטשיאָ דזשאָוואַני (1313—1375) — דעקאַמעראָן

טשאָסער דזשעפרי (1340—1400) — קענטערבערישע דערציילונגען

ווילאָן פראַנסואַ (1431/32—1463) — די גרויסע צוואה

„טויזנט און איין נאַכט" (15 י. ה.) — זאַמלונג דערציילונגען

עראַזם פון ראָטערדאַם (1466—1536) — אַ לויב דער נאַרישקייט

מאַקיאַוועלי ניקאָלאָ די בערנאַרדאָ (1469—1527) — דער פירשט

מאָר טאָמאַס (1478—1525) — אוטאָפּיע

ראַבלע פראַנסואַ (אַן ערך 1494—1553) — גאַרגאַנטואַ און פּאַנטאַגרועל

סערוואַנטעס מיגועל (דע סאַאַוועדראַ) — (1547—1616) — דאָן קיכאָט

לאָפּע דע וועגאַ (1562—1635) — דראַמעס, שעפּסן־קוואַל, דער אַלקיד פון סאַלאַמיי

שעקספּיר וויליאַם (1564—1616) — ראָמעאָ און יוליע, האַמלעט, אָטע־לאָ, מאַקבעט, דער סוחר פון ווע־נעדיג, דאָס לעבן אַ חלום, מיט ליבע שפּילט מען זיך נישט

קאַלדעראָן (פּעדראָ קאַלדעראָן) — (1600—1681) — דער אומדערשראָקענער ריטער

מילטאָן דזשאָן (1608—1674) — דער פאַרלאָרענער גן־עדן

לאַפאָנטען זשאַן דע (1621—1695) — משלים

מאָליער זשאַן באַפּטיסט (1622—1673) — דער קאַרגער, דער צבועק, דער כלומרשט קראַנקער, אַ קליינבירגער צווישן אַריסטאָקראַטן

פּאַסקאַל בלעז (1623—1662) — געדאַנקען

דעפאָ דאַניעל (1660/61—1731) — ראָבינזאָן קרוזאָ

סוויפט דזשאָנאַטאַן (1667—1745) — די רייזע פון גוליווערן

וואָלטער פראַנסואַ מאַרי (1694—1778) — קאַנדיד, עדיפּ, די יונגפרוי פון אָר־לעאַן, ברוטוס, צאַדיג

פילדינג הענרי (1707—1754) — די געשיכטע פון טאָם דזשאָנס

רוסאָ זשאַן זשאַק (1712—1855) — די נייע העלאָיזע, דער געזעל־שאַפטלעכער טראַקטאַט, דער ווידוי

דידראָ דעני (1784—1713) — זשאַק דער פאַטאַליסט

לעסינג גאָטהאָלד אפרים
(1781—1729) — מינאַ פאָן באַרנהעלם, נתן דער חכם

באָמאַרשע פיער אָגיוסטען קאַראָן
(1799—1732) — דער סעווילער שערער, פיגאַראָס חתונה

געטע יאָהאַן וואָלפגאַנג
(1832—1749) — די ליידן פון יונגן ווערטער, פאַוסט, ווילהעלם מייסטער

שילער פרידריך (1805—1759) — די רויבער, אינטריגע און ליבע, ווילהעלם טעל, לידער

סקאָט וואַלטער (1832—1771) — איוואַנהאָ, פּוריטאַנער, וודסטאָק, ראָב־ראָי, די לעגענדע וועגן מאָנט־ראָזע

סטענדאַל (בייל אַנרי מאַרי)
(1842—1783) — רויט און שוואַרץ, דער פּאַרמער מאָנאַסטיר, איטאַליענישע כראָני־קעס

בייראָן דזשאָרדזש נאָעל גאָרדאָן
(1824—1788) — די רייזע פון טשיילד האַראָלד, דאָן זשואַן

קופּער פענימאָר (1851—1789) — דער לעצטער מאָהיקאַנער

שעלי פּערסי בישי (1822—1792) — דער באַפרייטער פּראָמעטיי

היינע היינריך (1856—1797) — דאָס בוך פון לידער

מיצקעוויטש אַדאַם (1855—1798) — פאַן טאַדעוש, קאָנראַד וואַלענראָד, דזשיאַדי

באַלזאַק אָנאָרע דע (1850—1799) — עזשען גראַנדע, פאָטער גאָריאָ, צע־זאַר ביראָטאָ, פּויערים, פאַרלוירע־נע אילוזיעס, דער אומבאַקאַנטער שעדעוור

הוגאָ וויקטאָר (1885—1802) — דער גיבור אין קייטן, דאָס 93־טע יאָר, דער מענטש וואָס לאַכט, דער גלאָקן־קלינגער פון נאָטר־דאַם

אַנדערסען האַנס קריסטיאַן
(1875—1805) — מעשהלעך

לאָנגפעלאָ העגרי וואָדסוואָרט (1807—1882) — הייאַוואַטאַ

פּאָ עדגאַר אַלאַן (1809—1849) — גראָטעסקן און אַראַבעסקן

גאָגאָל ניקאָלאַי (1809—1852) — רעוויזאָר, טויטע נפשות, טאַראַס בולבאַ

סלאָוואַצקי יוליוש (1809—1849) — קאָרדיאַן, אַנהעלי, לילאַ ווענעדאַ

טעקערייי וויליאַם מייקפּיס (1811—1863) — דער יאַרמאַרק פון באַרימערייי

ביטשער-סטאָו האַריעט (1811—1896) — דעם פעטער טאָמס הייזל

גאָנטשאַראָוו איוואַן (1812—1891) — אָבלאָמאָוו

דיקענס טשאַרלז (1812—1870) — דער פּיקוויק-קלוב, דוד קאָפּערפילד, אָליווער טוויסט

לערמאָנטאָוו מיכאַיל (1814—1841) — דער העלד פון אונדזער צייט, דעמאָן, לידער און פּאָעמען

וויטמאַן וואָלט (1819—1892) — פּאָעזיע

באָדלער שאַרל (1821—1867) — בלומען פון שלעכטס

פלאָבער גוסטאַוו (1821—1880) — מאַדאַם באָוואַרי, סאַלאַמבאָ

דאָסטאָיעווסקי פיאָדאָר (1821—1881) — פאַרברעכן און שטראָף, ברידער קאַראַמאַזאָוו, זכרונות פון טויטן הויז

קאָסטער שאַרל דע (1827—1879) — טיל אולענשפּיגל

טאָלסטאָי לעוו (1828—1910) — מלחמה און שלום, אַננאַ קאַרענינאַ, תחית-המתים, קרייצער-סאָנאַטע, קינדהייט

ווערן זשול (1828—1905) — אין 80 טעג אַרום דער וועלט, קינדער פון קאַפּיטאַן גראַנט, דער געהיימניספולער אינדזל

טוועין מאַרק (1835—1910) — די פּאַסירונגען פון טאָם סאָיער, דער פּרינץ און דער בעטלער, יענקים אין הויף פון קעניג אַרטור

זאָלאַ עמיל (1840—1902) — זשערמינאַל, געלט, צעקלאַפּט, טערעזאַ ראַקען

דאָדע אַלפאָנס (1840—1897) — טאַרטאַרען פון טאַראַסקאָן

ווערלען פאָל (1844—1896) — ראָמאַנסן אָן ווערטער

פראַנס אַנאַטאָל (1844—1924) — דאָס פאַרברעכן פון סילוועסטער באָנאַר, טאַיס, געטער זיינען דורשטיק, דאָס פינגווינען-אינדזל

סטיווענסאָן ראָבערט (1850—1894) — דער אוצרות-אינדזל

מאָפּאַסאַן גי דע (1850—1894) — בעל אַמי, לעבן, פריילן פי-פי, מאָנט-אָריאָל, פיער און זשאַן

אָואיילד אָסקאַר (1854—1900) — פאָרטרעט פון דאָריאַן גריי, דע פראָפונדיס

שאָו בערנאַרד (1856—1950) — קאַנדידאַ, פיגמאַליאָן, צעזאַר און קלעאָפּאַטרע

קאָנראַד דזשאָזעף (1857—1924) — לאָרד דזשים, דער נעגער פון „נאַרציז"

לאַגערלעף סעלמאַ (1858—1940) — די לעגענדע פון געסטאַ בערלינג

האַמסון קנוט (1859—1952) — הונגער, די ברכה פון דער ערד, וויקטאָריע, מיסטעריען

טשעכאָוו אַנטאָן (1860—1904) — דער ווייַנשל-גאָרטן, פעטער וואַניע, נאָוועלן

טאַגאָר ראַבינדראַנאַט (1861—1941) — גיטאַנזשאַלי, דער גערטנער, גאָראָ

הויפּטמאַן גערהאַרדט (1862—1946) — די וועבער, פאַרן זון-אונטערגאַנג, הענשל פורמאַן, דער כופר פון סאָאַנע

אונאַמונאָ מיגועל (1864—1936) — נעפּל

קיפּלינג רידיאַרד (1865—1936) — דאָס בוך פון דזשונגל, קים

ראָלאַן ראָמען (1866—1945) — זשאַן קריסטאָף, קאָליאַ ברעניאָן, די פאַרכישופטע נשמה

פּיראַנדעלאָ לוידזשי (1867—1936) — זעקס פיגורן אין גייען נאָכן מחבר

גאָלסוואָרטי דזשאָן (1867—1933) — סאַגע פון דער פאָרסייט-משפחה

ריימאָנט וולאַדיסלאַוו (1867—1925) — פויערים

גאָרקי מאַקסים (1868—1936) — אויפן דעק, די מוטער, די משפחה אַרטאַמאָנאָוו, קלים סאַמגין, קינדהייט

אַנדערסען־נעקסע מאַרטין
(1869—1954) — פעלע דער זיגער, דער רויטער מאַרטען, דער פאַרלוירענער דור

זשיד אַנדרע (1869—1951) — די קעלערן פון וואַטיקאַן, געלט־פעלשער

דרייזער טעאָדאָר (1871—1945) — די אַמעריקאַנער טראַגעדיע, פינאַנסיסט, דער גאון, שוועסטער קערי

פּרוסט מאַרסעל (1871—1922) — אין געיעג נאָך דער פאַרלוירענער צייט

מאַן היינריך (1871—1950) — היינריך דער פערטער, די אימפעריע

באַרבים אַנרי (1873—1935) — דאָס פייער, קלאָרקייט

טשעסטערטאָן גילבערט
(1874—1935) — די אומשולד פון גלה בראַון

מאַן טאָמאַס (1875—1955) — די בודענבראָקס, צויבערבאַרג, דאָקטאָר פאַוסטוס, יוסף און זיינע ברידער

רילקע ריינער מאַריאַ (1875—1926) — בילדער־בוך

לאָנדאָן דזשעק (1876—1916) — מאַרטין אידען, די שטים פון בלוט

אַפּאָלינער גיאָם (1880—1918) — אַלקאָהאָל

בלאָק אַלעקסאַנדער (1880—1921) — צוועלף

די גאַר ראָזשע מאַרטי
(1881—1958) — די משפּחה טיבאָ

צווייג סטעפאַן (1881—1942) — אַמאָק, ירמיהו, 24 שעה אין לעבן פון דער פרוי

דזשאָיס דזשעימס (1882—1941) — אוליסעס

האַשעק יאַראָסלאַוו (1883—1923) — דער בראַווער סאָלדאַט שווייק

קאַפקאַ פראַנץ (1883—1924) — דער פּראָצעס, אין דער שטראָף־קאָלאָניע, דער שלאָס

פויכטוואַנגער ליאָן (1884—1958) — די יידישע מלחמה, די יידישע טאָכטער פון טאָלעדאָ, יוד זיס, גאָיאַ

טוווים יוליאַן (1953—1894) — דער טאַנצנדיקער סאָקראַט, וואָרט אין בלוט, פּוילישע בלומען

ברעכט בערטאָלד (1956—1898) — אָפּערע פאַר דריי גראָשן, מוטער קוראַזש, דאָס לעבן פון גאַליליי

העמינגווײ ערנעסט (1961—1899) — פאַר וועמען קלינגט דער גלאָק, דער אַלטער און דער ים

פאַדייעוו אַלעקסאַנדער
(1956—1901) — צעשמעטערט

קאַמוס אַלבער (1960—1913) — רזשומע

# קליינע פּאָעטישע אַנטאָלאָגיע

# רעפּראָדוקציעס

# זוכצעטל

## א



## ב

## ג

ז



ט



י



כּ



כ



ל

ס



ע



פּ



פ

## צ



## ק



## ר

## באַמערקטע דרוק־פעלערן

אויף די ז"ז 165 און 269 — איבערגעדרייטע שורות;
אויף דער ז' 418, אינעם ליד פון ש. תּאַלקין „טיפע גריבער, רויטע ליים", זענען אין די לעצטע צוויי שורות אַרויסגעפאַלן די ווערטער: „טיפע" און „ב'האַב";
אויף די ז"ז 111 און 238, זענען אַרויסגעפאַלן די קוואַד־ראַט־קלאַמערן.